ד. קראַמינאָוו

# דער צווייטער פראָנט

(פאַרצייכנונגען)

אידיש: א. לין



פאַרלאַג „הײמלאנד"



בועגאָס איירעס

1951

# פ ו ן ד ע ם מ ע כ אַ ב ע ר



אין משך פון אַ היפּשער צייט איז מיר אויסגעקומען אָבסערווירן די מיליטעריש אָנשטרענגונגען פון די אַנגלאָ־אַמעריקאַנישע פאַרבינדעטע אַף די פראָנטן פון דער צווייטער וועלט־מילכאָמע; פריער אין צאָפן־אַפריקע און דערנאָך אין מיירעוו־אייראָפּע. אַ גאַנצן יאָר האָב איך פאַרבראַכט אין זייערע אַרמייען אַפן מיירעוו און דורכגעמאַכט מיט זיי דעם גאַנצן וועג פון די ברעגן פון נאָרמאַנדיע ביז צו דער עלבאַ.

אָט די פאַרצייכענונגען באַזירן זיך אַף אַ טאָג־בוך, וועלכן איך האָב געפירט טאָג־טעגלעך און אויך אַף פּראָטאָקאָלאַרע פאַרצייכענונגען פון פּרעסע־קאָנפערענצן אין די שטאַבן פון אַרמייען, גרופּעס פון אַרמייען און אויך אין גענעראַל־שטאַב פון די עקספּעדיציע־קויכעס פון די פאַרבינדעטע. די קאָרעספּאָנדענטן פלעגן באַקומען אַ זייער רייכן מאַטעריאַל, אָבער די מעגלעכקייטן אויסצונוצן אים אין דער עפנטלעכקייט, פלעגן זייער אָפט באַגרענעצט ווערן. אין די מעלדונגען באַ די פּרעסע־קאָנפערענצן פלעגן אַלע פאַקטן באַגלייט ווערן מיט טענדענציעזע פּראָפּאַגאַנדיסטישע באַמערקונגען און אָנווייזונגען, ווייל די שטאַבן פלעגן דורך די קאָרעספּאָנדענטן זיך ווענדן צו דער עפנטלעכער מיינונג פון דער וועלט.

אין מיינע פאַרצייכענונגען האָב איך זיך באַמיט אָפּצורייניקן די פאַקטן פון דעם פּראָפּאַגאַנדע־שאָלעכץ און שאַפן אַ ריכטיקן בילד פון דער מילכאָמע אַפן מיירעוו, ניט אַריינלאָזנדיק זיך, יעדנפאַלס, אין איבעריקע דעטאַלן. אַף וויפל אַ מילכאָמע איז אומאָפּטיילבאַר פון פּאָליטיק, איז מיר אויך אויסגעקומען צו באַרירן די אינערלעכע לאַגע פון פראַנקרייך, בעלגיע און טיילווייז מיירעוו־דייטשלאַנד, אַזוי ווי זי האָט זיך דאַן געשאַפן אונטער דער ווירקונג פון די מילכאָמע־אומשטענדן.

# אין גײענג נאָכן צווייטן פראָנט

.1

אין דער צווייטער העלפט פון מאָנאַט מאַי 1943 איז פּלוצלינג פאַרשוווּנדן פון קאַיראָ דער קאַפּיטאַן פון ענגלישן גענעראַל־שטאַב סטאָון, וועלכער האָט ביז יענעם מאָמענט מיך „געשיצט״ מיט אַ נימעסדיקער ליבנסווירדיקייט. ער האָט פאַרלאָזט דעם האָטעל, ווו מיר האָבן געוואוינט טיר באַ טיר, אָן אַ זיי־געזונט, ניט איבערלאָזנדיק אַפילע קיין ברעקל צושריפט מיט אַן אויפקלערונג פון דער סיבע פון זיין פאַרשווינדן. דאָס האָט זיך גאָר ניט געפּאַסט צו זיין געמאָסטענעם כאַראַקטער און זיין אויסעראָרדנטלעכער העפלעכקייט און דעריבער האָט זיין פאַרשווינדן אָן אַ „זיי־געזונט״ שוין אויסגעוויזן זייער פאַרדעכטיק. אין קאַיראָ איז צו יענער צייט געווען ניט זייער רואיק. די שטאָט האָט נאָך אַלץ געפיבערט נאָך דער באַלאַגערונג פון קעניגלעכן פּאַלאַץ דורך די ענגלישע טאַנקען. דער ענגלישער געזאַנדטער אין עגיפּטן, לאָרד קיללערן, האָט צוגעשטעלט דעם קעניג פאַרוק אַן אולטימאַטום: „באַשטימען אַ פּראָ־ענגלישע רעגירונג אונטער דער אָנפירונג פון נאַקראַס־פּאַשאַ, אָדער זיך אָפּזאָגן פון טראָן״. דעם קעניג איז געגעבן געוואָרן 15 מינוט אַף זיך צו באַשליסן און צוויי שאָ אַף זיך צונויפּפּאַקן. אַן אַוויאָן האָט געזאָלט אָפּפירן דעם קעניג פאַרוק קיין דאָרעם־אַפריקע, און איז געשטאַנען גרייט אַפן אַעראָדראָם. דער קעניג האָט נאָכגעגעבן דעם אולטימאַטום, אָבער די עגיפּטישע נאַציאָנאַליסטן האָבן געענטפערט אַפן אַריינמישן זיך אין די אינערלעכע לאַנד־איניאָנים מיט שיסן אַף ענגלישע איינוואוינער און ענגלישע אָפיצירן. דעריבער האָב איך געגלויבט, אַז דער קאַפּיטאַן סטאָון איז געווען איינער פון די קאָרבאָנעס אַפן צווייטן, אָדער דריטן טאָג נאָך סטאָונס פאַרשווינדן ווערן בין איך אַוועק צו דער ענגלישער מיליטערישער מאַכט. די הויפּטשטאָט פון עגיפּטן האָט געווימלט מיט מענטשן אין מיליטערישע אוניפאָרמען פון די פאַרבינדעטע אַרמייען. דאָ זיינען געווען: ענגלענדער, אַמעריקאַנער, פראַנצויזן, פּאָליאַקן, יוגאָסלאַוון, גריכן, ניי־זעלאַנדער, אויסטראַליאַנער, זיד־אַפריקאַנער, אינדוסן און מיליטער־לייט פון אַ סאַך אַנדערע נאַציעס. זיי פלעגן אַרומשפּאַצירן אי־

בער די הייסע שמאָלע געסלעך פון אַלטן קאַירא, זיך פאַרזאַמלען אין די שטילע גערטנער הינטערן נילוס, געטומלט אין די שענקען, זיך אַרומ־געשלעפּט אין שיפלעך איבער דעם גרויסן טייך. אין די זונטיקן פלעגן די אָפּטיילונגען פון די אַליאירטע זיך אויסשטעלן אין זאַמדיק־גרינלעכע קוואַדראַטן אויף די צעגליטע פּלעצער· די קאַלאָנעס פלעגן זיך אַנהויבן באַוועגן. די שאָטלענדישע מוזיקער אין קורצע קליידלעך מיט פעלן פון טיגערס און לעמפּערטן האָבן געשפּאַנט פאָרויס. די קאַלאָנעס פלעגן זיך אַריינגיסן אין די גלייכע מיט היץ אָטעמענדיקע גאַסן פון דער נייער שטאָט און זיי פאַרפלייצן אין דער גאַנצער ברייט פון איין טראָטואַר ביזן אַנדערן. די פּילפאַרביקע באַפעלקערונג פון קאַירא שרייענדיק גע־קליידעט, פלעגט זידרערנגען אין די טויערן, פאַרשטאָפּן די באַלקאָנען, באַהענגען די פענצטער. ווילד און הילכיק האָבן זיי אַפּלאָדירט פריער דעם אָרקעסטער (זיין מאַרשאַלעק, וועלכער האָט אַזוי פלינק זשאָנגלירט מיט אַ פּרעכטיקער בולאַווע האָט געקענט באַשיינען דעם בעסטן צירק) און שפּעטער די אָפּטיילונגען פונעם קאָלירפולן מיליטער.

אין ענגלישן שטאַב האָט מען גאַנץ שנעל צונישט געמאַכט מיין שרעק. דער קאַפּיטאַן סטאַון איז, ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן „געכאַפּט געוואָרן" אין מיטן גאַס און איז אָפּגעשיקט געוואָרן אין אַלזשיר צוליב זייער אַ דרינגענדיקן איניען. אַ באַקאַנטער אָפיציר האָט מיך פאַרזיכערט, כּוויזעק מאַכנדיק פון מיין שרעק, אַז די פראַ־דייטשישע עלעמענטן זיינען שוין געוואָרן באַדייטנדיק שטילער.

— נאָך סטאַלינגראַד — האָט ער געזאָגט — האָבן אַפילו נאַראָנים פאַרשטאַנען, אַז דער דייטשישער פערד אויף וועלכן מען האָט דאָ ערשט ניט לאַנג געשטעלט, הינקט שוין אויף דריי פיס און וועט שוין ביכלאַל צום „פיניש" ניט דערגיין. באַגלייטנדיק מיך ביז צו דער טיר, האָט דער אָפיציר פאַרזיכטיק מיר געגעבן אַנצוהערן, אַז סטאַון וועט מעגלעך ברענ־גען פון אַלזשיר אַנגענעמע נייעס, און אויסגעדריקט די האָפענונג, אַז די מאָסקווער פּרעסע וועט אינגיכן אויפהערן זידלען די מיירעוו-פאַרבינ־דעטע פאַר זייער אומטעטיקייט.

דער קאַפּיטאַן איז צוריק געקומען אָנהויב יוני. ער איז געווען פריי־לעך און אַפילו פייערלעך געשטימט. זייער גיך זיינען קלאָר געוואָרן די סיבעס פון זיין פרייד· עס איז אים, דעם קאַפּיטאַן סטאַון, צוגעפאַלן דאָס גליק צו זען אין אַלזשיר טשווירטשילן, דעם אָנפירער פון אַמעריקאַ־נער הויפּט-שטאַב — גענעראַל מאַרשאַל און דעם הויפּט פון ענגלישן קעניגלעכן שטאַב — גענעראַל ברוק.

אַלע דריי האָבן געוואוינט אין דער אומגעגנט פון אַלזשיר אין דער ווילע פונעם הויפּט־אָנפירער פונעם פאַרבינדעטן מיליטער אין צאָפן־אַפ־ריקע — אייזענהאַוער.

די אויבער־קאָמאַנדע פון די אַליאירטע, לויט סטאַנס רייד, האָט איצט, — קימאַט אין אַ האַלבן יאָר אַרום נאָכן צעשמעטערן פון די דייטשן בא סטאַלינגראַד, — אָנגעצייכנט אַ נייעם קורס פון דער מיל־כאָמע אין אייראָפּע. סטאַנן האָט געקאַרגט ווערטער, פאַרזיכערט אַז מער וויסט ער גאָרניט, נאָר, סאַפּקאַלסאַף, האָט ער ניט אויסגעהאַלטן:

— ס'איז באַשלאָסן געוואָרן עפענען דעם צווייטן פראָנט אין איי־ראָפּע.

דער קאַפּיטאַן האָט זיך אָפּגעזאָגט צוצולייגן צו דער יעדיע אַפילע איין וואָרט פאַרשטייט זיך, אַז די יעדיע וועגן צוגרייטן אַ צווייטן פראָנט איז ניט געווען קיין נייעס און אויך ניט קיין סיורפּריז. נאָכן ארויסיאָגן די דייטשישע און איטאַליענישע כאַיאָלעס פון אַפריקע, האָט וועלכע ס'ניט איז אָקציע קעגן די אַקס־מעלוכעס געקענט זיך אַנטוויקלען נאָר אַף דער אייראָפּעישער טעריטאָריע, אין וועמענס האַרץ עס איז געלעגן די „היטלעריסטישע פעסטונג". קיין דייטשלאַנד האָבן געפירט פיר גרויסע וועגן: פון מיזרעך, פון וואַנען די רויטע אַרמיי, צעמאַלנדיק אין פאַרבי־סענע שלאַכטן בא מאָסקווע און סטאַלינגראַד דאָס בעסטע פון דער דיי־טשער אַרמיי, האָט פעסט געיאָגט די היטלעריסטישע באַנדעס צו מיי־רעוו; פון דאָרעם — דורך איטאַליע און באַלקאַנען; פון צאָפן — דורך סקאַנדינאַוויע, און פון מייַרעוו — דורך פראַנקרייך. פון צאָפן האָט דייטש־לאַנד געשיצט אַ יאַם, פון דאָרעם — אַ שטיינערנע וואַנט פון די אַלפּן און באַלקאַנישע בערג, האָט זיכער געשיצט די פאַשיסטישע נאָרע. בלייבט נאָר איבער אַ וועג דורך פראַנקרייך.

הינטער סטאַנס פאַרשלאָסנקייט, האָב איך געטראַכט, באַהאַלט זיך גאָרניט. עס איז דאָך געווען גאַנץ קלאָר, אַז אין די אינטערעסן פון וואָס אַמשנעלסטן צו צעשמעטערן דייטשלאַנד, מוזן די פאַרבינדעטע שטערן היטלערן אין זיינע באַמיונגען צונויפצוזאַמלען מיליטער פון אַלע ווינק־לען פון אייראָפּע, קעדיי ווידער זיי אַ וואָרף צו טאָן קעגן דער רויטער אַרמיי.

די פאַרבינדעטע האָבן געמוזט שטערן די דייטשן אין זייער אָנ־שטרענגונג צום דריטן און שוין זיכער צום לעצטן מאָל פּרוּוון געווינען די שלאַכט אין רוסלאַנד. די נויטווענדיקייט פון עפענען דעם צווייטן פראָנט אין מייַרעוו־אייראָפּע האָט געפאָדערט ניט נאָר די פאַרפליכטונגען פון די אַליאירטע, נאָר אויך דער געזונטער מיליטערישער סייכל און פעס־טע מילכאָמע לאָגיק.

איך בין אַזוי זיכער געווען, אַז די אינוואַזיע מוז זיך אָנהייבן אַ ליאַ־דע טאָג, אַז, מוירע האָבנדיק דורכצולאָזן אַזאַ געשעעניש, האָב איך גע־שווינד געאיילט קיין ענגלאַנד.

פאַר מיין אָפּפאָרן בין איך אַריין אין אַ שמוציקן און טומלדיקן האַ־

טעל אין אַ שכיינעסדיקן געסל, ווו עס האָבן געוואוינט יוגאָסלאַווישע אָפיצירן, אַריינגעפאַלענע אין אומכיין. די לאָנדאָנער יוגאָסלאַווישע רע־גירונג האָט זיי אַרויסגעיאָגט פון דער אַרמיי, צוגענומען זייערע טיטלען און אויסצייכענונגען, ניט געצאָלט די מיליטערישע פענסיע דערפאַר, ווייל זיי האָבן געפּאָדערט מען זאָל זיי אָפּשיקן אהיים צו די פּאַרטיזאַנער, מיט אַנדערע ווערטער דערפאַר, וואָס זיי איז נימעס געוואָרן דאָס פּוסט־און־פּאַסעווען און זיי האָבן געוואָלט אין די רייען פון די פּאַרטיזאַנער קעמפן מיט די דייטשן. אַ פּאָלקאָווניק פון דער ענגלישער מיליטערישער מיסיע, האָט פאַרגעלייגט זיין „אינטערווענץ" און צוגעזאָגט אַז אַלע פאַרלוירענע „כּאַסאַדים" וועלן זיי אומגעקערט ווערן אויב זיי וועלן איינ־שטימען אָפּפאָרן צו מיכאַילאָוויטשן· די אָפיצירן האָבן זיך קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט פון דעם. נאָך דעם האָט די ענגלישע און יוגאָסלאַווישע מאַכט אין קאַירא אָנגעהויבן זיי באַטראַכטן ווי דעזערטירן. אָפּגעריסן פון דער היים, אָפּגעטיילט פון די פאַרבינדעטע, האָבן די אָפיצירן געוואוינט אין גרויסער נויט, געהונגערט, אָבער טריי געבליבן זייערע איבערצייגונגען.

אַף אַ שמאָלן שמוציקן טרעפּל האָט מיך באַגעגנט דער מאַיאָר וווּקאַטיטש. ער איז געווען אַ הויכער, אַ ברייט־פּלייציקער, געהאַלטן זיך שטאָלץ, אַנטפּלעקנדיק אַן אויסגעצייכנטע אויסמושטרירונג פון אַ פּראָ־פעסיאָנעלן מיליטערמאַן. וווּקאַטיטשעס פאָטער — אַן אַלטער, פאַר־דינסטפולער גענעראַל, האָט אויסגעטאָן זיין אוניפאָרם, אוועקגעוואָרפן די שווערד נאָך דער ערשטער וועלט־מילכאָמע, — ווען יוגאָסלאַוויע, גע־שטופּט פון פראַנקרייך און ענגלאַנד, האָט זיך אָפּגעקערט פון רוסלאַנד. — דער אַלטער האָט ניט געוואָלט זיין אין דינסט באַ די פראַנצויזישע פּראָ־צענטניקעס און לאָנדאָנער באַנקירן. זיין זון האָט ער איבערגעלאָזט אַ צאַ־וואָע ניט פאַראַכטן קיינמאָל דעם בונד מיט דעם גרויסן סלאַווישן לאַנד פון מיזרעך. „אַן רוסלאַנד — האָט ער געזאָגט — זיינען מיר שקלאַפן באַ דעם גייציקן מיַירעוו ; מיט רוסלאַנד זיינען מיר מיטגלידער פון איין מעכטיקער סלאַווישער מישפּאָכע".

אין זיין צימער, ענלעך צו אַ שראַנק, אַזוי הויך און שמאָל איז ער געווען, האָבן מיר געטראָפן אַ יוגאָסלאַווישן דיפּלאָמאַט, וועלכער איז אַריינגעפאַלן אין אומכיין צוליב די זעלבע סיבעס. אַלס אַ גאַסט, האָט מען מיר אָפּגעטראָטן דעם איינציקן בענקל. אייליק און ניט אָן אויפרע־גונג האָב איך זיי דערציילט וועגן מיין אָפּפאָרן און וועגן מיין מוירע צו פאַרשפּעטיקן די דערעפענונג פון צווייטן פראָנט. וווּקאַטיטש האָט אויפגעלעבט, צוגעלאָפן צום פענצטער און אָנגעהויבן אַרויפרופן אַ שיק־אינגל. — וואָס הייסט, מען מוז דאָך מיט עפּעס פייערן אַזאַ געשעעניש. דער דיפּלאָמאַט איז געבליבן פאַראומערט. ער האָט ניט געגלויבט אין דער ערנסטקייט פון די קאַוואָנעס פון אונדזערע פאַרבינדעטע.

— ענגלאַנד — האָט ער געזאָגט — וועט זיך באַווייזן אין מיַירעוו־

איירָאפּע נאָר דאַן, ווען מ׳וועט מוזן איינאָרדענען דעם שאָלעם. און איינ־אָרדענען דעם שאָלעם איז נאָך צו פרי׳ ביז דאַן האָט זיך טאַקע בעעמעס אויסגעוויזן אַז טשוירטשילס רעגירונג וויל ניט, אָדער, וויניקסטנס, איילט זיך ניט צו געבן אַ קלאַפּ איבערן לאַ־מאַנש. נאָך אין אַפּריל פון 1942 האָט פּרעזידענט רוזוועלט פאָרגעשלאָגן טשוירטשילן מאַכן אַ דיווערסיע־אָפּעראַציע אין פראַנקרייך, קעדיי צו שטערן די דייטשן אַריבערוואַרפן זייער מיילטער פון מיירעוו־איירָאפּע אַפן סאָוועטיש־געמאַנישן פראָנט. עס איז געווען לעבנס־וויכטיק ניט צו דערלאָזן היטלערן פאַרשטאַרקן די קאַמפּס־קראַפט פון די אויסגעבלוטיקטע און צעשמעטערטע דייטשישע אַר־מייען אין רוסלאַנד אַפן כעזשבן פון פרישן מיליטער, וועלכער האָט זיך אויסגערוט אין פראַנקרייך, בעלגיע און האָלאַנד. לויט רוזוועלטס באַפעל זיינען אי גענעראַל מארשאַל, אי דעם פּרעזידענטס פערזענלעכער געהילף, האַררי האָפּקינס, געקומען צופליען אין לאָנדאָן און האָבן זיך באַמיט מיט אַלע קויכעס איינצורעדן טשוירטשילן ווי אויך דעם ענגלישן גענע־ראַל־שטאַב צו שיקן קיין נאָרמאַנדיע לעבאַל־האַפּאַכעס זעקס דיוויזיעס, קעדיי שוין זומער פון 1942 פאַרכאַפּן אַ „פּלאַצדאַרם״ אַפן שערבורגער האַלב־אינדזל. גלייכצייטיק האָט געזאָלט זיך אָנפאַנגען די צוגרייטונג צו אַן עמעסער אינוואַזיע אין פראַנקרייך אַפן זומער פון 1943.

טשוירטשיל, מיט זיינע גענעראַלן, פיל לייכטערע אַף צוזאָגעכישן, ווי אַף קאָנקרעטע טאַטן, האָבן ניט געהאַט קעגן דער צוגרייטונג פון אַן אינוואַזיע אין קומענדיקן יאָר, אָבער קאַטעגאָריש זיך אָפּגעזאָגט אונ־טערנעמען וועלכע ניט אַקציע איז זומער פון 1942.

זיי האָבן געשלאָגן אַף דער געפאַר פון אַ צווייטן דונקערק. דאָס איז אָבער געווען אַ פאַלשע קאָרט: „די דייטשן האָבן שוין פיזיש ניט גע־קענט איבערכאַזערן דונקערק. די „דונקערקישע״ שלאָגלער־דיוויזיעס זיי־נען געלעגן טיף אין דער ווייטער הינטער־מאָסקווער ערד. זייער דעמאָלס־טיקער קאָמאַנדיר רייכענאו האָט ניט אויסגעמיטן דעם גוירל פון זיינע כאַיאָלעס; די לופט־קויכעס, וועלכע האָבן בעשאַטוי געשאַפן אַ גענעם פאַר די ענגלענדער, זיינען היפּש שיטערער געוואָרן נאָך די צאָלרייכע באַגעגענישן מיט די סאָוועטישע פליער. די בעסטע קויכעס פון דייטשישן מיליטער און אוויאַציע זיינען פעסט געווען צוגעבונדן צו די שלאַכט־פעלדער אַפן מיזרעך.

אָנשטאָט צו מאַכן אַ דיווערסיע אַפן שערבורגער האַלב־אינדזל, האָט טשוירטשיל דורכגעפירט אַ דיווערסיע־אַקציע אין וואַשינגטאָן. באַגלייט פון דעם הויפּט פון קעניגלעכן גענעראַל־שטאַב, ברוק, האָט ער זיך אין יוני 1942 באַוויזן אין ווייסן הויז און פאַרגעלייגט רוזוועלטן אָנהייבן אַן אינוואַזיע ניט אין נאָרמאַנדיע, נאָר אין דער פראַנצויזישער צאָפן־אַפריקע. דאָס אַרויסזעצן זיך אין אַפריקע האָט אַבסאָלוט ניט באַשווערט די מיליטערישע לאַגע פון די דייטשן, וועלכע האָבן ערשט נאָר וואָס אָנ־

געהויבן זייער אָנגריף אויף סטאַלינגראַד, אָבער דאָס האָט צוגעזאָגט גרויסע מאַטעריעלע פּראָפיטן פאַר די אַליאירטע. אַמעריקאַנער ביזנעסלייט, וועלכע האָבן שוין פון לאַנג געטרוימט וועגן אַ ברייט פעלד פאַר אַקטיוויטעט אויף די דאָרעמדיקע ברעגעס פון מיטלענדישן יאַם, האָבן זייער גערן אונטערגעכאַפּט דעם בריטישן פאָרשלאַג.

דער פּרעזידענט האָט צוגעשטימט אַרויסזעצן אַליאירטע מיליטער אין 1942 יאָר ניט אין פראַנקרייך גופא, נאָר אין דער פראַנצויזישער צפון־אַפריקע, אָבער מיט אַ תּנאַי, אַז דער גאַנג פון די צוגרייטונגען צו אַן ענדגילטיקער אינוואַזיע דורכן לאַ מאַנש זומער 1943, וועט ניט פאַרמינערט ווערן. גאַר אינגיכן, אָבער, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז טשוירטשיל האָט געשאָסן מיט איין שאָס צוויי האָזן: דאָס אַרויסזעצן זיך אין דאָרעם האָט אויטאָמאַטיש באַזייטיקט די צוגרייטונגען צו דער אָנגעמערקטער — אויפן קומענדיקן יאָר — אינוואַזיע אין אייראָפּע. די אַלע מיליטערישע אָנשטרענגונגען פון די אַליאירטע האָבן זיך קאָנצענטרירט, לויט ווי דאָס האָט פאַרלאַנגט לאָנדאָן, אין מיטלענדישן יאַם.

פּונקט אַזוי, ווי אייניקע מענטשן קענען טאַנצן נאָר אָנהויבנדיק באַם אויוון — האָט מיר דערקלערט דער אין כיירעם אַריינגעלייגטער יוגאָסלאַווישער דיפּלאָמאַט — אַזוי האָבן די ענגלענדער אַמליבסטן צו קעמפן אין מיטלענדישן יאַם אָדער אַרום אים. נאָכן צעפאַלן פון דער אָטאָמאַנישער אימפּעריע פלעגן ענגלענדער באַ יעדן ערנסטן אייראָפּעישן קריזיס אַזוי ווי דורך אַ קישעף זיך באַווייזן אין די וואַסערן פון מיטלענדישן יאַם. ס'איז וווּנדערלעך, נאָר אַפילו אין דער מילכאָמע, וועלכע האָט פון אָנהויב פאַרכאַפּט בלויז אייראָפּע, איז די ערשטע ענגלישע אָנגריף־אָפּעראַציע געווען דורכגעפירט אין אַזיע, גאָר ווייט פון די אייראָפּעישע פראָנטן. אַלס הויפּט־סוינע האָט מען גענומען ניט די דייטשן נאָר זייערע דינער, די ווישי־אַדמיניסטראַציע אין לעוואַנט. אָט דער „קאַמפּיין" האָט די ענגלענדער גאָר ניט געקאָסט, נאָר האָט באַרייכערט די בריטישע אימפּעריע מיט גינסטיקע פּאָזיציע אין קליין־אַזיע. און איצט וועלן זיי פון אָט די פּאָזיציעס ניט אָפּטרעטן. די צווייטע אָפּעראַציע — אַ צווייטע דראָבערונג, און ווידעראַמאָל אין דעם זעלבן געגנט ליביע און סירענאַיקאַ. די דריטע אָפּעראַציע וועלן זיי אָוואַדע אָנהויבן אָט דאָ. קען זיין אַז זיי וועלן פרובירן אַריינכאַפּן אין זייערע לאַפּעס איטאַליע אָדער די באַלקאַנען.

דער דיפּלאָמאַט איז געווען מער גענייגט צו גלויבן אין דאָס צווייטע. אום דאָס צו באַווייזן האָט ער זיך פאַרופן אויף דעם אַז די יוגאָסלאַווישע און גריכישע קעניגלעכע רעגירונגען האָבן אָנגעהויבן איבערוואַנדערן פון לאָנדאָן קיין קאַירע, קעדיי צו זיין נענטער צום אָרט פון די קומענדיקע געשעענישן. עמעס, ער האָט גאַנץ ערנסט געצווייפלט אין דער קאַוואָנע פון די אַליאירטע צו עפענען אַ צווייטן פראָנט אין אייראָפּע, אָבער דאָך האָט ער ניט געוואַגט מיך אָפּריידן פון מיין רייזע קיין ענגלאַנד.

## .2

די מילכאמע־וועגן זיינען לאנג און פארפלאנטערט. קעדיי איך זאל קומען אפן צאפן בין איך אוועק אין דער ריכטונג פון דארעם. מיר איז אויסגעקומען איבערפליען איבער גאנץ אפריקע. א גרויסע פירמאטאריקע לופט־שיפל „וויקינג״ האט אונדז אין מעשעך פון פיר טעג אריבערגעטראגן פון א פארשפעטיקטן צאפנדיקן פרילינג מיט איר ווילדן בליען און ליבער ווארעמקייט דירעקט אין א גרויען, אומפריינטלעכן הארבסט פון דארעמדיקן ערד־קוגל. מיר זיינען זיך צעגאנגען מיטן זומער ערגעץ ווו אין די עקוואטאריאלע ברייטן און ניט באמערקט, ווי אזוי דאס איז געשען. „וויקינג״ איז געפלויגן אף א הויך פון 3־4 טויזנט מעטער, און דער זומער האט מארשירט צום צאפן איבער דער פארסארפעטער אפריקאנער ערד.

אפן „וויקינג״ האבן זיך אויסגעזעצט קימאט א צוויי צענדליק פאסאזשירן. זיי האבן זיך זייער בוילעט אונטערשיידט איינער פון אנדערן, ניט קוקנדיק אף דער איינהייטלעכקייט פון זייערע אוניפארמען. פון מיין פלאץ באם פאדערשטן פענצטער האב איך געקענט זען עטלעכע ענגלישע אפיצירן, העפלעכע, אבער איינגעשלאסענע אין זיך; צוויי אמעריקאנער שטאב־אפיצירן וועלכע האבן אן אויפהער געקייעט גומי; א פראנצויזישן פאלקאווניק, א גראבן און, פארשטייט זיך, א גוטמוטיקן; א גריכישן גענעראל מיט שווארצע, קוילן־שווארצע, און עס האט זיך געדוכט, שטעכיקע וואנצן און מיט פונקט אזעלכע שווארצע שטעכיקע אויגעלעך. אין א ווייטערן ווינקל פון אוויאן האט זיך צעשפרייט א בונטע גרופע ציווילע מענטשן: זייער נאציאנאליטעט איז ניט לייכט געווען פעסטצושטעלן.

לעבן מיר איז געזעסן א מאיאר פונעם שטאב פון דער צענטער ברי־טישער ארמיי, אן אומגעהויער הויכער און דארער. בא זיין יעדן פרווו זיך אויפצוהויבן און אויסגלייכן פלעגט ער זיך אנקלאפן מיטן קאפ אין דעם אלומיניום סופיט און גלייך נאך דעם זיך האסטיק איבערבייגן, צווינגענדיק דערמיט אלע זיינע שביינים אף א מינוט בלייבן זיצן מיט א פארכאפטן אטעם: מיר האבן מוירע געהאט, אז אט־אט וועט זיך דערהערן א קנאק און דער מאיאר וועט זיך איבערברעכן אף צווייען. זיין פאנעם איז געווען בלאס, און אונטער ווייסלעכע ברעמען האבן זיך אויסבאהאלטן אפגעבליאקעוועטע, בלוילעכע אויגן. מיט אט דער טרוקענער און פארוועלקטער אויסערלעכקייט האט זיך גאר ניט געבונדן זיין זייער לעבעדיקער און געזעלשאפטלעכער כאראקטער. נאך באם נילום, לעבן קאירא, פון וואנען מיר האבן אנגעהויבן אונדזער פלי־צוג אין א קילן און

אנגענעמען פרימאָרגן, האָט דער מאַיאָר אָנגעהויבן זיך וויצלען איבער מיר. ער האָט פאַרזיכערט, אַז אין אַלגעמיין באַמיען זיך אַלע קאָרעספּאָנ־דענטן זיין וואָס ווייטער פון די געשעענישן, וועלכע זיי באַשרייבן, קעדיי מיט גאָרניט צו האַמעווען זייער פאַנטאַזיע. דער מאַיאָר האָט מיך באַ־שולדיקט אין אַ פאַרויס־אויסגערעכנטן אַנטלויפן פון די געשעענישן וועל־כע גרייטן זיך אין מיטלענדישן יאַם. דער פראַנצויזישער פאַלקאָוונק האָט זיך אָפּגערופן פרעגנדיק צי מיינט ניט דערמיט דער מאַיאָר די קאַ־וואָנע צו עפענען אַ צווייטן פראָנט פון דאָרעם. דער מאַיאָר האָט גע־שמייכלט און מיט זיין אויסזען ווי געוואָלט געבן צו פאַרשטיין, אַז באַ אים איז גאָר ניט אַזוי לייכט אַרויסבאַקומען אַ מיליטערישן סאָד.

אין קיסום, וווּ מיר זיינען געקומען צופליען אָוונט־צייט אָפן צווייטן טאָג, האָט דער מאַיאָר, כאָפּנדיק אַן איבעריקן טראָפּן, זיך אומגעקערט צום געשפּרעך און אַפילע פאָרגעשלאָגן אַ וועט אַז איך וועל דורכלאָזן „די סענסאַציאָנעלסטע געשיכטע" פון מיין לעבן. אַן אויסטראַליאַנער רע־דאַקטאָר, וועלכן איך האָב אַנטדעקט צווישן די ציווילע, האָט געבאַסמעט אונדזער וועט. דער רעדאַקטאָר האָט געזיפצט און מיט באַדויערן געקוקט אַף מיר. ווייזט אויס, אַז ער איז אויך געווען „באַהאַוונט" אין דעם סאָד פונעם צווייטן פראָנט. כ'האָב פאַרשפּילט מיין וועט שוין גלייך אַף מאָרגן. „וויקינג" האָט זיך אויפגעהויבן פון דער אָזערע „וויקטאָריאַ" באַם זונען־אויפגאַנג און זיך גלייך געלאָזט צום אינדישן אָקעאַן. מיר האָבן נאָך ניט באַוויזן דורכצופליען קיין העלפט וועג, ווי מיטאַמאָל האָבן פילע פון מיי־נע מיטרייזנדע אָנגעהויבן אַרויסצוווייזן סימאָנים פון אַן אויסערגעוויינ־לעכער אויפרעגונג. זיי האָבן זיך געהויבן פון זייערע פלעצער, גערעדט אויפגערעגט וועגן עפּעס, זיך געדריקט די הענט. מיר זיינען נאָר וואָס פאַרבייגעפלויגן דעם באַרג קילימאַנדזשאַראָ. ער איז פאַרביי אונדז דורכ־געשוווּמען פון דער רעכטער זייט גלאַנצנדיק מיט שנייען, דורך וועלכע עס האָבן זיך דורכגעשניטן שוואַרצע פעלדזן. אַן אַלטיטשקער, דאַרינקער פּאָלקאָוונסק פון ענגלישן קריגס־מיניסטעריום, וועלכער איז געזעסן אַנט־קעגן מיר האָט מיר אַריינגעשריען אין אויער ווייזנדיק אַפן פענצטער:

— דער באַרימטער קילימאַנדזשאַראָ!

איך האָב ניט געוווּסט, מיט וואָס אייגנטלעך איז דער באַרג באַרימט און דעריבער, זעענדיק ווי אַלע דריקן זיך די הענט האָב איך באַשלאָסן, אַז די ענגלענדער באַגריסן איינער דעם צווייטן צוליב דעם, וואָס זיי האָבן די זכיע צו זען דעם העכסטן אַפריקאַנער באַרג. נאָר אין דעם זעלבן מאָ־מענט האָט מיר דער מאַיאָר דערלאַנגט אַ ראַדיאָ־טעלעגראַפישן בלאַנק. מיט אַן אויפגערעגטער שפּרינגענדיקער האַנטשריפט האָט דער ראַדיאָ־טעלעגראַפיסט פון אוויאָן געשריבן: „אורא! פאַנטעלעריע איז אונדזע־רע. די אַליאירטע מיליטער האָט זיך אַרויסגעזעצט אַפן איטאַליענישן באָדן". דער רעדאַקטאָר האָט געלאָזט אין גאַנג אַ פלאַש וויסקי פאַרן

צווייטן פראָנט. אַלע האָבן געטרונקען פון אַ קליינעם, זילבערנעם, ווי אַ פינגערהוט די גרויס, דעקל. אין מאָמבאַס, אַפן ברעג פון אינדישן אָקעאַן, גייענדיק צום וואָקזאַל, האָט מען גערעדט נאָר וועגן דעם פאַרכאַפּן פונעם אינדזל פאַנטעלעריא. באַם מיטיק האָט מען ווידער געטרונקען פאַרן צווייטן פראָנט. דער אַלטיטשקער פאַלקאָווניק איז געוואָרן סענטימענטאַל נאָך צוויי גלעזלעך וויסקי און האָט זיך געלאָזט אַרום דעם לאַנגן טיש, דריקן די הענט פון די אַמעריקאַנער שטאַב־אָפיצירן, און דעם סאָוועטישן קאָרעספּאָנדענט, ווי פאַרבינדעטע און מיטקעמפער.

„דזשענטללייט! — האָט ער דערקלערט — דזשענטללייט, מיר זײַ־נען איידעס פון דער גרעסטער געשעעניש פון אונדזער געשיכטע. דער מײַרעוו שטרעקט אויס צום מיזרעך זיין האַנט פון הילף און פריינט־שאַפט".

אַפן צוריקוועגס צום אַוויאָן האָט דער מאַיאָר מיט באַגייסטערונג גערעדט וועגן דער מיליטערישער וויכטיקייט און דער מיקלוימערשטער טעכנישער שליימעס פון דער אַקציע צו פאַרכאַפּן אַ מעכטיקע יאַם־פעס־טונג.

— איך וואָלט זייער געוואָלט זען די שרעקלעכע שלאַכט! — האָט ער אויסגעשריען. דאָס האָבן אויך געוואָלט די אַנדערע. נאָר, מיר דוכט, אַז קיינער האָט עס ניט געוואָלט אַזוי שטאַרק, ווי דער קאָרעספּאָנדענט, וואָס האָט פאַרשפּילט דעם וועט.

אָט אָ די גאַנצע סצענע איז מיר געקומען אַפן זיקאָרן אין פּופּצן כאַדאָשים אַרום, ווען איך האָב אין פּאַריז געלייענט די אויטאָביאָגראַפי־שע „שמועסן" פון בעניטאָ מוסאָליני. ריידנדיק וועגן מיליטערישן רום און נידערלאַגע האָט מוסאָליני געבראַכט אַלסביישפּיל דאָס פאַלן פון פאַנטעלעריא. ווען די אַליאירטע האָבן צוגעשיקט אַן אולטימאַטום, האָט דער איטאַליענישער גענעראַל אים אָפּגעוואָרפן מיט אַן אָפּערעטן־צאָרן. די ענגלישע שיפן און אַוויאָנען האָבן אָנגעהויבן באָמבאַרדירן די באַ־פעסטיקונגען. דאָס באָמבאַרדירן האָט קוים געדויערט אַנדערהאַלבן שאָ, און קימאַט ניט אָנגעמאַכט קיין שאָדן. אָבער דער קאָמענדאַנט פון דער פעסטונג האָט ניט אויסגעהאַלטן און פאַראָרדנט אויפצוהויבן אַ ווייסע פאָן. די איטאַליענישע פאַרלוסטן זיינען געווען — *צוויי פאַרוואונדעטע*. „איך ווידערהאָל" — האָט געשטורעמט מוסאָליני — „צוויי פאַרוואונדעטע".

אָבער לאָמיר זיך אומקערן צו מיין דערציילונג.

שפּעט אין אָוונט פון יענעם גרויסן טאָג האָבן מיר זיך אַראָפּגעלאָזט אין פּאָרטוגעזישן מאָזאַמביק און אַוועק אין אַ האָטעל. ער האָט זיך גע־פונען אַפן הויכן ברעג פון איינגוס, פּונקט אַנטקעגן דער שטאָט. פונעם באַלקאָן האָט מען געזען דעם גאַנצן איינגוס, די פאַרשיידנקאָלירטע סיג־נאַל־פייערן האָבן זיך געשפּיגלט אין וואַסער. אַפן אַנדערן ברעג איז גע־

ווען מאָזאַמביק מיט די באַלויכטענע קאָרידאָרן פֿון זיינע גאַסן, פֿון צייט צו צייט פֿלעגן פֿון דער פֿינצטערניש אַרויספֿליען לייכטנדיקע אויטאָמאָבילן ווי גלי־ווערעמלעך אַף די שטאָט־ליכט.

וואַרטנדיק אַפֿן אָונטברויט האָבן מיר זיך ווידער צערעדט וועגן דעם אַרויסזעצן זיך פֿון די אַליאירטע אַף דער איטאַליענישער טעריטאָריע. דער פֿראַנצויזישער פֿאָלקאָווניק האָט שטאַרק קריטיקירט דעם פּלאַן פֿון די אַליאירטע צו עפֿענען דעם צווייטן פֿראָנט אין איטאַליע· באַ דער פֿאַרגאַנגענער וועלט־מילכאָמע איז ער געווען אַ פֿאַרבינדונגס־אָפֿיציר באַם שטאַב פֿון איטאַליענישן הויפּט־קאָמענדאַנט קאַדאָרנאַ. אין מעשעך פֿון צוויי יאָר האָט ער דורכגעשניטן איטאַליע אין דער לענג און אין דער ברייט, און דעריבער האָט ער מיט אַ זיכערקייט דערקלערט:

—אַ מער שלימאַזלדיקן באָדן פֿאַר אַן אָנגריף־אָפּעראַציע ווי איטאַליע קען מען ניט געפֿינען אַף דער גאַנצער ערד, אויסער עפּשער דעם מידבער פֿון סאַהאַראַ און הימאַלאַיער בערג.

דערנאָך, ווי עפּעס דערמאָנענדיק זיך, האָט דער פֿאָלקאָווניק צוגעגעבן:

— אַנטשולדיקט, ס'איז דאָך נאָך אַן ערגערער פּלאַץ. דאָס זיינען די באַלקאַנען. יאָ, יאָ· די באַלקאַנען זיינען אין דעם זין נאָך ערגער פֿון איטאַליע. נאָר דער שענסטער וויץ איז דער וואָס אונדזערע גענעראַלן רעכענען פֿון איטאַליע זיך אַריבערפּעקלען אַף די באַלקאַנען. מיין ערן־וואָרט, די גענעראַלן זיינען גאָר ניט פֿעיק זיך צו לערנען באַ דער געשיכטע.

— באַשולדיקט ניט די גענעראַלן, סער, — האָט געטײַנעט דער מאַיאָר מיט זיין שטענדיקן שמייכל. — געדענקט, אַז ערשטנס, וועט איר אַליין, ווייזט אויס אויך אינגיכן ווערן אַ גענעראַל, און צווייטנס, זיינען די גענעראַלן היינט צו טאָג ניט פֿריי אויסצוקלייבן אַ קאַמפּס־פּלאַץ. אין היינטיקע צייטן איז יעדער אָפֿענסיווע ניט נאָר אַ מיליטערישע, נאָר אויך אַ פּאָליטישע געשעעניש. די ריכטונגען פֿון אַן אָפֿענסיווע ווערן אָנגעצייכנט ניט דורך די גענעראַלן, נאָר דורך פּאָליטיקער. און וואָס עס איז שייעך פּאָליטיקער, זיינען זיי ווייניקער פֿון אַלץ גענויגט זיך צו רעכענען מיט געאָגראַפֿיע.

דער גריך האָט געלאַכט. אַן ענגלישער פֿאָלקאָווניק האָט טאַדלענדיק געשאָקלט מיטן קאָפּ און עס איז געווען אומעגלעך צו פֿאַרשטיין, וועמען טאַדלט ער: די גענעראַלן אָן זייער אייגענעם ווילן; די פּאָליטיקער, וואָס שעצן ניט די געאָגראַפֿיע, אָדער די זיך אַמפּערנדיקע אָפֿיצירן. די אַמעריקאַנער, מיט די פֿיס אַף די פּאָטעלן האָבן רואיק געזופּט דעם דזשין.

נאָכן נאַכטמאָל זיינען די ענגלענדער אַוועק אַף דער טעראַסע טרינקען קאַווע מיט קאָניאַק. איך מיטן פֿראַנצויז זיינען אַוועק שלאָפֿן· אַפֿן וועג האָט ער צוגעזאָגט מיר צו דערציילן עפּעס זייער אינטערעסאַנטס,

נאָר ווייזט אויס, פארגעסן, און האָט זיך באגרענעצט נאָר מיט אַ קורצן אַלץ ארומנעמענדיקן אויסדרוק „בלאָטע, אַלץ איז בלאָטע!" וועגן זיין צוזאָג האָט ער זיך דערמאָנט ערשט אין בעירא, 700 קילאָמעטער צו דאָרעם פון מאזאמביק, ווען דער אַוויאָן „וויקינג" האָט זיך אָפּגעשטעלט לויטן מארשרוט. אין דער צייט וואָס מען האָט געגרייט דעם אַוויאָן, האָבן מיר שפּאצירט באַם ברעג און שטיל געשמועסט. דער פּאלקאָווניק האָט געוואָלט מיך ווארענען, אַז איך זאָל ניט איבערשאצן צופיל דאָס פארגעמען דורך די אַליאירטע דעם אינדזל פּאנטעלעריא. לויט זיינע ווערטער האָט דער עצעם אַליין פון ארויסזעצן זיך אין איטאַליע ניט צוגעזאָגט קיין שום ערנסטעס· די אַליאירטע וועלן דאָרט בלייבן שטעקן און די אָפּעראַציע וועט ניט האָבן קיין שום ווירקונג אַף דער מיליטערישער לאַגע אין אייראָפּע. די מעכאניזירטע אַמעריקאניש-ענגלישע ארמייען, אַ דאַנק די אייגנשאפטן פון זייער טעכניק, קענען זיך באַוועגן נאָר איבער וועגן. און וועגן זיינען אין איטאַליע פאראַן זייער ווייניק, און דער בערגיקער כאראַקטער פון לאַנד, פארלייכטערט דעם סוינע זיי צו פארטיידיקן.

— צוליב וואָס זשע קריכן אַהין די אַליאירטע?

— מיר דוכט — האָט געענטפערט דער פּאַלקאָווניק נאָך אַ קורצן קלערן — אַז זייער מיין איז ניט אַף אַזוי פיל צו העלפן די רוסן, ווי זיי שטערן צוצוקומען צו די באַלקאַנען.

אין סאַמע ברען פון די אָנגריפן פון די אַליאירטע אַף דאָרעם איטאַליע, איז מיר אויסגעקומען זיך צו טרעפן מיטן רעדאַקטאָר פון אַ זייער איינפלוסרייכער ענגלישער צייטונג אין קייפּטאָון. דער רעדאַקטאָר איז געווען אַ שווערער, זיך באַוועגט לאַנגזאַם, און אויך אַזוי לאַנגזאַם און מיט שווועריקייטן גערעדט. נאָר אין זיין טאָן פלעגט קלינגען אַ גאַנץ קלאָרע זעלבסטזיכערקייט פון אַ דערפאַרענעם מענטשן, וועלכער האָט אַ סאַך געזען און ווייס נאָך מער. אין דער פריערדיקער וועלט-מילכאָמע האָט ער אָנגעפירט מיט אַן אָפּטיילונג אין די טעג פון טרויעריק-באַרימטן הייגס-אָנגריף אין פלאַנדריע, אין האַרבסט פון 1917. נאָך יענעם קריג איז באַ אים פארבליבן אַן אינטערעס צו מיליטערישע איניאָנים און ער האָט מיט גרויס אויפמערקזאַמקייט נאָכגעפאָלגט די געשעענישן פון דער צווייטער וועלט-מילכאָמע. זיין זון, שעף פון אַ מיליטערישער אינפאָרמאַציע-ביוראָ, האָט זיך נאָר וואָס אומגעקערט פון אייראָפּע. דעריבער האָט דער רעדאַקטאָר גערעדנקט אַז ער איז גוט באַהאַוונט אין דער אייראָפּעישער לאַגע.

ער האָט פאַר מיר אָנגעוואָרפן אַן אָפּטימיסטישן בילד פון דער אַנטוויקלונג פון די געשעענישן אין איטאַליע. באַצייכענענדיק די אָפּעראַציעס אין איטאַליע מיטן נאָמען „צווייטער פראָנט" האָט דער רעדאַקטאָר געזאָגט:

— אין דריי־פיר מאָנאַטן אַרום, אַמשפּעטסטנס אין אַ האַלב יאָר אַרום, וועט דאָס אַליאירטע מיליטער אַרויסגיין צום ברענער־דורכגאַנג, וועלכער איז די אַכילעס־פּיאַטע פון דייטשלאַנד· די דייטשן וועלן אַרי־בערוואַרפן אַלע זייערע קויכעס אַף צו פאַרטיידיקן דעם ברענער־דורכגאַנג. צו דעם ציל וועלן זיי געצוווּנגען זיין אַראָפּנעמען זייערע דיוויזיעס פון דעם רוסישן פראָנט. איר וועט דאַן באַקומען די מעגלעכקייט אָנהייבן די ווינטער־אָפענסיווע. און אָט דאַן...

דעם רעדאַקטאָר איז שוין אָבער ניט אויסגעקומען צו זאָגן וואָס וועט זיין דאַן ... ס'האָט זיך דערהערט אַ שאָס פון אַ האַרמאַט. שוין פון לאַנג אָן באַערט קייפּטאָון פּונקט צוועלף אַזייגער מיטיקצייט מיט אַ „מינוט שווייגן" דעם אָנדענק פון די געפאַלענע אין דער פאַרגאַנגענער וועלט-מילכאָמע. גלייך נאָכן שאָס פונעם האַרמאַט, ווערט אָפּגעשטעלט יעדע באַ־וועגונג. די פוסגייער שטעלן זיך אָפּ, אַראָפּנעמענדיק די היט, די זיצנדיקע שטייען אויף, די גאַנצע ריזן־גרויסע שטאָט ווערט פאַרשטומט. אין דער שטילקייט, אָנגעגליט פון דער דאָרעמדיקער זון הערט מען נאָר צעצוי־גענע טענער פון אַ האָרן. ווען דאָס פאַרשטומט, הערט מען נאָר געלאַ־טענע גלאָקן־קלאַנגען וועלכע שלאָגן אוים די שאָ. מיטן לעצטן צוועלפטן קלאַנג לעבט די שטאָט ווידער אויף...

מיר האָבן באַנייט אונדזער געשפּרעך. אָבער דער רעדאַקטאָר, פאַר־טיפט אין זיינע ראַיוינעס אין דער „מינוט פון שווייגן" האָט פאַרלוירן דעם סאָף פון זיין פראַזע. ער האָט זיך נאָר באַגרענעצט מיט אַן אַלגע־מיינעם אָבער גאַנץ פעסטן פאַרזיכערן, אַז דאָס אַרויסזעצן זיך אין אי־טאַליע וועט גאָר אינגיכן ברענגען אירע פרוכט אויך אָפן מיזרעכדיקן פראָנט, און אַז דער סאָף פון דער מילכאָמע איז שוין ניט ווייט.

דער קייפּטאָונער רעדאַקטאָר האָט אָבער געמאַכט אַ טאָעס· דאָס אַרויסזעצן זיך אין איטאַליע האָט מיט גאָר ניט פאַרשנעלערט דעם גאַנג פון דער מילכאָמע.

.3

שפּעט אין האַרבסט פֿון 1943 אויפֿן וועג קיין ענגלאַנד בין איך אָנגעקומען אין גיבראַלטאַר. אונדזער טראַנספּאָרט־שיף, גרייטנדיק זיך אַרויסצוגיין, האָט זיך לאַנגזאַם אויסגעדרייט אין האַפֿן אויפֿהויבנדיק פֿון גרונט אַ בלאָטע, וואָס האָט געמאַכט דאָס וואַסער אונטער דער שיף געדיכט און שוואַרץ ווי פּעטראָלעום. אַלע פּאַסאַזשירן — זעלנער און אָפֿיצירן — האָבן זיך פֿאַרזאַמלט אויפֿן דעק. אויף מיזרעך האָט זיך די זון געזעצט הינטער די נאַקעטע, געלע שפּאַנישע בערג, גלייך הינטער אַלכעסיראַס, לאַ לינעאַ און דער האַפֿן, פֿאַרפּראָפּט מיט שיפֿן האָבן זיך באַדעקט מיט אַ בלויען שאָטן. דער גיבראַלטאַר־פֿעלדז, וואָס האָט זיך אַרויסגעהויבן איבערן יאַם מיט אַלע זיינע פֿעסטונגען און מיט אַ שיטערלעכן וועלדל אויפֿן שפּיץ איז געווען באַלויכטן מיט אַ טרויעריק־געלבלעכן שיין. נאָר די פֿענצטער פֿון די הייזער פֿון אויבערשטן שטאָק (די הייזער פֿון גיבראַלטאַר צוגעקלעפּטע צום הויכן פֿעלדז, האָבן אויסגעזען ווי אויפֿגעשטעלטע איינס אויפֿן אַנדערן) האָבן געברענט מיט אַ העלן גלאַנץ שיין.

עמיצער האָט מיר אַרויפֿגעלייגט אַ האַנט אויף מיין אַקסל. דער קאַפּיטאַן, אָבער, ניין, אַנטשולדיקט אויף די עפּאָלעטן אַ קרוין, הייסט עס שוין אַ מאַיאָר — סטאַון, אַן אויסגעבלייכטער און אויסגעדאַרטער, פֿרעגט מיך לאַכנדיק:

— ווּהין זייט איר דאָס אַנטרונען אויף אַזוי לאַנג?

אַ קורצע צייט זיינען מיר געשטאַנען, שטיל קוקנדיק אויפֿן האַפֿן, אויף די פֿאַרטונקלטע בערג פֿון אַנדאַלוזיע, אויפֿן פֿעלדז, בײַ וועמענס פֿיס האָבן זיך אָנגעצונדן פֿייערלעך. דער יאַם האָט זיך געבלויט, נאָכער אָנגעהויבן פֿאַרטונקלט ווערן און גאָר אינגיכן געוואָרן טונקל בלוי־שוואַרץ. אַנטקעגן אונדז, אויפֿן אַפֿריקאַנער ברעג, וועלכער האָט זיך געצויגן ווי אַ פֿאַרקוילטער פּאַס צווישן דעם יאַם און גרינלעכן הימל, האָט אָנגעהויבן גלאַנצן אַ גאָלדענער שפּריי: ווייזט אויס סעוטאַ.

אונדזער טראַנספּאָרט האָט פֿאַרשנעלערט זיין גאַנג. און ווען דער גיבראַלטאַר־פֿעלדז מיט זיינע פֿייערן און טומל האָט זיך אָפּגערוקט אין אַ זייט, האָבן מיר זיך צעשמועסט.

סטאַון האָט זיך אומגעקערט פֿון איטאַליע. ער האָט באַאָבאַכטעט דאָס אַריינדרינגען אין סיציליע, דערנאָך האָט ער געזען דעם אָנהויב פֿון דער אַליאירטער אָפֿענסיווע אויפֿן אַפּענינער האַלב־אינדזל גופֿא. זיינע איינדרוקן און אויספֿירן זיינען מיט גאָר ניט געווען ענלעך צו די אָפּטימיס־

טישע האפענונגען, מיט וועלכע ער האט מיך איבערראשט אין קאירא, נאך דער אלזשירער קאנפערענץ פון די מיליטערישע אנפירער פון ענג־לאנד און אמעריקע.

די אליאירטע האבן אטאקירט סיציליע פונקט אין א כוידעש ארום, נאך דעם ווי פאנטעלעריע האט קאפיטולירט. אין סיציליע האבן זיי, לויטן מאיארס רייד, אנגעטראפן זיך אף א נאך שוואכערן ווידערשטאנד. דאס ארויסזעצן זיך אין א שלעכטן וועטער איז געווען פאר די איטאליענער אזוי אומדערווארטעט, אז עס איז זיי מער ניט געבליבן, ווי אויפהויבן די הענט און זיך אונטערגעבן. די איטאליענישע זעלנער האבן זיך ניט געוואלט שלאגן. זיי האבן פארלוירן זייער גלויבן אין א ניצאכן נאך א סאך פריער איידער עס איז געפאלן מוסאלינים רעזשים און עס איז דורך באדאגליאס צייטווייליקער רעגירונג דורכגעפירט געווארן די איטאליענישע קאפיטולאציע. אין מעשעך פון דריי שא האבן די אליאירטע פארכאפט א פלאצדארם אף 100 מייל די לענג איבערן גאנצן ברעג. ניט אנטרעפנדיק קיין שום ווידערשטאנד פון סוינע האבן די צוויי אליאירטע ארמייען (די 7־טע אמעריקאנער און 8־טע בריטישע) זיך אויסגעשפרייט אפן אינדזל און זיך געלאזט לענג־אוים דעם ברעג: איינע גלייך צו מיזרעך און די צווייטע גלייך אף מייִרעוו. דאך האבן די ארויסגעזעצטע מיליטערישע קויכעס אין ערשטן טאג פון זייער אינוואזיע געליטן גרויסע פארלוסטן... פונעם פייער פון זייער אייגענעם פלאט, וועלכער האט אנגענומען די אייגענע פאר סאנים. אמיינסטן זיינען געווען גרויס די פארלוסטן פון דער אליאירטער אוויאציע: דער פלאט וועלכער האט געשטיצט פון יאם די אף דער יאבאשע ארויסגעזעצטע כאיאלעס, האט באגעגנט דעם לופט־פלאט — וועלכער האט געפירט די אוויא־דעסאנטנע מיליטער פון די אליאירטע — מיט אזא פייער, אז אין בלויז עטלעכע שא זיינען אראפגעשאסן געווארן 23 אוויאנען מיט פאראשוטיסטן. די אליאירטע שיפן פלעגן ניט צולאזן צום פארכאפטן פלאצדארם זייערע אייגענע אוויאנען אפילו ניט באטאג. דאס איז געווען נאך מער מאדנע, ווייל די איטאליעניש־דייטשישע אוויאציע פלעגט זיך ביכלאל ניט ווייזן איבער סיציליע, ניט רעכענענדיק בלויז דעם איין־און־איינציקן איבערפאל פון נאכט־באמבארדירער אין דער ערשטער נאכט פון דער אינוואזיע. און אויך דעמאלט האט דער סוינע זיך באגנוגנט בלויז מיט אראפווארפן באלייכטונגס־ראקעטן. סאפקאלסאף איז דערגאנגען צו דעם, אז דער הויפט־קאמאנדיר פון אליאירטן מיליטער גענעראל אייזענהאוער איז געווען געצוווּנגען ארויסגעבן א באפעל ביכלאל ניט באשיסן קיין אוויאנען ביז זיי וועלן ניט ארויסווייזן „פיינטלעכע קאוואנעס". דער גענעראל האט געווארנט, אז די אליאירטע אוויאציע וועט זיך אפזאגן נאכגיין נאך די יאבאשע און יאם־קויכעס, אויב זיי וועלן ניט בייטן זייער געוואוינהייט צו באשיסן א ליאדע אוויאן: די סיבע דערפון איז געווען וואס די אליאירטע קויכעס האט מען ניט אויסגעלערנט אונ־

טערשיידן ענגלישע און אַמעריקאַנער אוויאַנען, וועלכע האָבן זיך אויס־געצייכנט מיט אַן אויסעראָרדנטלעכער פאַרשיידנאַרטיקייט פון מאָדעלן. אין משך פון 39 טעג האָבן די אַליאירטע אָפּגעריייניקט סיציליע פון דייטשישן מיליטער. די דייטשן איז אָבער געלונגען אַריבערשלעפּן איבער דעם מעסינער דורכגוס זייערע געקליבענע אָפּטיילונגען, וועלכע זיינען אומבאַרירט אין זיינער צייט אוועק פון טוניס. נאָך מער, זיי האָבן באַוויזן אַפילו אַרויספירן דאָס גאַנצע געווער, איינשליסלעך אַרטילעריע און טאַנקען. אַפּן צווייטן טאָג נאָך דער איטאַליענישער קאַפּיטולאַציע, דעם 4־טן סעפּטעמבער פון 1943 יאָר, זיינען די אַליאירטע אַרויף אַפּן איטאַליענישן האַלב-אינדזל. די לופט־דעסאַנט אָפּטיילונגען האָבן פאַרנומען דעם „קנאַפּל" פון איטאַליענישן „שטיוול" (טאַראַנטאָ—ברינדיזי) אַן איין שאָס: אין יענער געגנט זיינען גאָר ניט געווען קיין דייטשן. די 8־טע בריטישע דיוויזיע האָט גאַנץ לייכט אַריבערגעשפּאַנט דעם דורכגוס און ניט אָנטרעפנדיק אַף קיין שום ווידערשטאַנד, אַריינגעדרונגען אין קאַלאַבריע. מיט עטלעכע טעג שפּעטער האָט די 5־טע אַמעריקאַנער אַרמיי זיך אַרויסגעזעצט אין איינגוס פון סאַלערנאָ. גאָר אינגיכן האָבן זיךביידע אַרמייען פאַרייניקט און, בילדנדיק אַן איינהייטלעכן פראָנט, אָפּגעשניטן דעם סאַמע דאָרעם פון איטאַליע. זיי האָבן זיך לאַנגזאַם גערוקט אַף צאָפן, פאַרהאַלטן דורך 6 דייטשישע דיוויזיעס. אַ טאָג דורכמאַרש פלעגט זיך מעסטן מיט הונדערטער יאַרדן. דאָס איז געווען זייער אַ שווערער און קאָסטבאַרער מאַרש· אין משך פון די ערשטע וואָכן האָט די איטאַליענישע קאַמפּאַניע איינגעשלונגען עטלעכע מיליאָן טאָן אַמוניציע. מיט איר באַשפּייזונג איז באַשעפטיקט געווען אַ ריזיקער פלאָט. גענוג צו זאָגן, אַז צום איינאָרדענען אַעראָדראָמען, צושטעלן ברענשטאָף, אַמוניציע און שיס־מאַטעריאַל פאַר דער אוויאַציע האָט זיך געפאָדערט אַ פלאָט פון 300 טויזנט טאָן. אַריבער אַ האַלבן מיליאָן זעלנער און אָפיצירן, אַריינגערעכנט 30 טויזנט לופט־פליער, מעכאַניקער און קאָמענדאַנטן, דאָס איז געווען דער סאַכאַקל פון צוזאַמענשטעל פון די אַליאירטע קויכעס אַפּן איטאַליענישן פראָנט.

סאַף הארבסט 1943 האָבן זיך די אַליאירטע געפונען פאַר דער אַזוי גערופענער „ווינטער־ליניע" פון דער דייטשישער פאַרטיידיקונג. זי האָט זיך געצויגן איבערן גאַנצן האַלב־אינדזל פּאַזע די טייכן גאַריליאַנאַ און סאַנגראָ, 120 קילאָמעטער צו דאָרעם פון רוים· די דייטשן האָבן גערעכנט איינצוהאַלטן די ליניע מיט נישטיקע קויכעס. דער הויפּט־קאָמאַנדיר פון דעם דייטשישן מיליטער אין איטאַליע, קעסעלרינג, האָט געהאַט אונטער זיך 24 דיוויזיעס, און אויסגענוצט קעגן די אַליאירטע האָט ער בלויז 10, און די איבעריקע 14 האָט ער קאָנצענטרירט אין צאָפן־איטאַליע אַפּן פאַל אויב עס וועט נויטיק זיין אַריבערצוואַרפן זיי אַפּן מיזרעך־פראָנט אָדער אַף די באַלקאַנען.

עס איז קעדײַ דאָ צו באַמערקן, אַז לעהייפעך ווי דאָס האָבן פּאַרזי־
כערט די אַנגלאָ־אַמעריקאַנער פּאָליטישע און מיליטערישע פירער האָט
דאָס אַרויסזעצן פון די אַליאירטע קויכעס אין איטאַליע ניט געצוואונגען די
דייטשן אַפּצוציען פון מיזרעך־פראָנט אַפילע קיין איין דיוויזיע ניט. אין
דער הינזיכט האָט פיל מער נוצן געבראַכט די יוגאָסלאַווישע פאָלקס־באַ־
וועגונג פון באַפרייאונג, וועלכע פלעגט פון צייט צו צייט צושמידן צו
זיך 20־24 פיינטלעכע דיוויזיעס.

אויף מײַן פראַגע, וואָס מיינט איצט דער מאַיאָר סטאַון וועגן דעם
צווייטן פראָנט, האָט ער קרום אַ שמייכל געטאָן און ניט אָן איראָניע
איבערגעפרעגט:

— איר מיינט — דעם דריטן פראָנט?

שווער געוועזן צו פאַרשטיין, צי ער זאָגט עס ערנסט אָדער וויצלט
זיך, ווייל צו יענער צייט האָבן די ענגלישע מיליטערישע באָאָבאַכטער
גערופן דעם איטאַליענישן פראָנט — צווייטער. ווי מען האָט דערציילט
האָט מען די אָפיציעלע געשיכטע־שרייבער געהייסן באַצייכענען די אי־
טאַליענישע קאַמפּאַניע מיט אָט דעם קלינגענדיקן נאָמען

— ניין, איך האָב אין זינען דעם עמעסן צווייטן פראָנט, וועלכער
זאָל פאַרלייכטערן די לאַסט פון דער רויטער אַרמיי, — האָב איך גע־
ענטפערט אויף סטאַונס פראַגע.

— און דער איטאַליענישער פראָנט פאַרלייכטערט דען ניט?

איך האָב זיך באַמיט אויפצוקלערן דעם בריטישן מאַיאָר אין אַ גאַנץ
העפלעכער פאָרעם דאָס אַלץ, וואָס ער האָט זיכער אליין גוט געוווּסט.

אין דער צייט וואָס די אַליאירטע האָבן געשטופּט דעם סוינע אין
דאָרעם פון איטאַליע, צווינגענדיק די דייטשן צו פאַרגרעסערן די צאָל
פון זייערע דיוויזיעס אויף די אַפּענינען פון 6 אויף 10, אָבער אַלץ ניט אָפּן
כעזשבן פון מיזרעך־פראָנט, האָט די רויטע אַרמיי געוווּנען די שלאַכט
בא קורסק, וווּ היטלער איז געצוווּנגען געווען צו וואַרפן ריזיקע קויכעס.
די סאָוועטישע אַרמיי, אַנטוויקלענדיק איר אָפענסיווע האָט אָפּגעשטופּט
די דייטשישע כאַיאָלעס אָפּן רעכטן ברעג פון דניעפּר איבער גאַנץ אוק־
ראַינע. די דייטשן האָבן פאַרלוירן צענדליקער געקליבענע דיוויזיעס, טויזנ־
טער טאַנקען און אַוויאָנען. אין רעזולטאַט פון דער דייטשיער מאַפּאָלע
בא סטאַלינגראַד און קורסק־אָריאָל, איז פון זייערע הענט דעפיניטיוו
און אויף שטענדיק אַרויסגעריסן געוואָרן די איניציאַטיוו, און דייטשלאַנד
האָט זיך פאַרוואַנדלט פון אַן אַנגרייפער אין אַן אָנגעגריפענעם.

— דאָס איז פאַרשטייט זיך ריכטיק — האָט געזאָגט סטאַון, —
נאָר אים האָט זיך געוואָלט געפינען כאָטש וועלכע עס איז אַרגומענטן
אויף צו פאַרטיידיקן די ווירקזאַמקייט פון דער אַליאירטער אַקציע. מיר
האָבן דאָך דערגרייכט די נידערלאַגע פון מוסאָלינין און דעם אַרויסטריט
פון איטאַליע פון דער מילכאָמע.

— פֿאַרשטייט זיך, אַז ס'איז אַ גרויסער פּאָליטישער קלאַפּ איבער די אַקס־מעלוכעס — בין איך מאַסקים געווען, — אָבער, צום באַדויערן, די זאַך איז ניט דערפֿירט געוואָרן ביז צום סאָף. מוסאָלינין האָט מען געלאָזט אַנטלויפֿן. ער האָט געשאַפֿן אין צאָפֿן־איטאַליע אַ פֿרישע רעגי־רונג, געשאַפֿן אַן אַרמיי. דער אינדוסטריעלער צאָפֿן געפֿינט זיך איצט גענצלעך אין דייטשישע הענט און די דייטשן האָבן פֿון אים נוצן ניט ווייניקער ווי פֿריער פֿון גאַנץ איטאַליע. און זיי קענען דאָרט זיצן אַזוי לאַנג וויפֿל זיי וועלן נאָר וועלן.

דער מאַיאָר האָט ניט געענטפֿערט. מיר האָבן געקוקט אין דער פֿינצ־טערניש פֿון דער נאַכט. אַפֿן ווייטן שפּאַנישן ברעג האָבן זיך געגעלט שיטערע פֿייערלעך; זיי האָבן, האָט זיך אויסגעוויזן, אונדז געווינקען, פּונקט ווי זיי וואָלטן פֿאַרשטאַנען אונדזער קאַוואַנע אַוועקצוגיין אין אָקעאַן, בישטיקע פֿון די דייטשישע געהיים־אַגענטן, וועלכע האָבן גע־לויערט אַפֿן שפּאַנישן ברעג.

אַזוי ווי זיי וואָלטן געפֿילט אַ געפֿאַר האָבן זיך די שיפֿן פֿון קאָנוואָי ענג געטוליעט איינס צום אַנדערן און פֿון צייט צו צייט זיך איבערגעשריגן מיט קורצע שטילע פֿייפֿן.

נאָך אַ לענגערן שטילשווייגן האָט סטאַון ווידער אָנגעהויבן ריידן. ער איז זיך מודע געווען אַז דער איטאַליענישער פּלאַן איז דורכגעפֿאַלן. די איטאַליענישע קאַמפּאַניע האָט מער אָפּגעשוואַכט די אַליאירטע, ווי די דייטשן. די אַליאירטע אָנפֿירונג האָט דאָס געוווּסט און געזוכט נייע וועגן אַף צו געבן אַ קלאַפּ איבער דער „היטלעריסטישער פֿעסטונג". פֿון מיליטערישן שטאַנדפּונקט איז דער קורצסטער וועג קיין דייטשלאַנד גע־לעגן דורך פֿראַנקרייך. נאָר, צום באַדויערן, אייניקע „פּאָליטישע גענע־ראַלן" האָבן דיקטירט פֿריער און אויך איצט זייער ווילן צו די סאָלדאַטן. אַף מיין פֿראַגע, ווען מיינט ער דערמיט, האָט מיר דער מאַיאָר קורץ געענטפֿערט, אַז איך וועל זיך וועגן דעם אַליין דערוויסן, ווען איך וועל אָנקומען קיין לאָנדאָן.

.4

אין יענעם טאָג, ווען אונדזער קאַראַוואַן איז, דורכמאַכנדיק אַ גרויסן קרייז אַרום אירלאַנד, אַריין אין דעם אויסגוס פון טייך קלייד, האָט די ענגלישע רעגירונג באַפרייט פון דער טפיסע אָסוואַלד מאָזליי. באַם פירער פון די ענגלישע היטלעריסטן, האָט זיך אַרויסגעוויזן איז „געווען פאַרדעכטיק” דער צושטאַנד פון זיינע פיס. ער האָט געקענט כּלילע באַקומען אין טפיסע רעוומאַטיזם און דעריבער האָט דער הומאַניטאַרער לאַבאָריסטישער אינערן־מיניסטער מאָררריסאָן דערלויבט מאָזליין אויסטוישן אַ ניט־ווירדיקע טפיסע־קאַמער מיט קראַטעס אַף אַ באַקוועמען און וואַרעמען פּאַלאַצל, און דעם שטיינערנעם פּייזאַזש פון אַ טפיסע — אַף נאַטור־פּייזאַזשן. באַקומענדיק אַזאַ מין פּאַטש פון דער קאָנסערוואַטיוו־לאַבאָריסטישער רעגירונג, האָט די פּראָגרעסיווע עפנטלעכע מיינונג פון ענג-לאַנד געענטפערט מיט אַן אויפברויז. דאָס אַרבעטער־ענגלאַנד האָט זיך אָנגעהויבן צו רודערן. דורכן גאַנצן לאַנד איז אַדורך אַ כוואַליע פון פאַר־זאַמלונגען און דעמאָנסטראַציעס. ווו ניט ווו זיינען אַפילע אויסגעבראָכן קורץ־טערמיניקע (15 און 30 מינוט) שטרייקן. רעדנער פון רעגירונגס־פּאַרטייען האָבן דערקלערט: יעדער איינער וועלכער שטרייקט ערעוו דער דערעפענונג פון צווייטן פראָנט, שטעקט אַריין אַ מעסער אין דער פּלייצע פון די העלדישע רוסן.

— אַ, זיי קענען שטענדיק געפינען אַ גוטן טערעץ, קעדיי צו האַלטן אונדז אין שפּאַן און טרייבן פּאָרויס — האָט באַמערקט מיט אַ גיפטיקן שמייכל אַ מיטליעריקער מאַן, וועלכער איז געזעסן קעגן מיר. ס'איז לייכט געווען צו דערקענען אין אים אַן אַלטן אַרבעטער. ער האָט האַרטנעקיק געשוויגן אין מעשעך פון דעם גאַנצן געשפּרעך וועלכער האָט פאַרכאַפּט אַלע פּאַסאַזשירן פון דעם איבערפולטן קופּע פון באַן גלאַזגאָו - לאָנדאָן.

די קופּע האָט זיך צעטיילט אַף צוויי לאַגערן: קעגנער פון שטרייק און אָנהענגער, וועלכע זיינען גרייט געווען מיט אַלע מיטלען צוריק אַריינ־פּעקלען מאָזליין אין טפיסע. דער שווייגנדיקער שאָכן האָט ווי עס ווייזט אויס באַשלאָסן אַ סאָף צו מאַכן צו דער דיסקוסיע.

— קעדיי דורכצושמוגלען זייערע שמוציקע שפּיצלעך, — האָט ער געזאָגט, — שפּילן זיי אַף די נאָבעלע געפילן פונעם פאָלק. מען גיט דיך אַ שטעל אַוועק פאַר דער ברייר, איינס פון די ביידע: אָדער גיב דיין בראָכע אַף מאָזליים באַפרייאונג, אָדער דו פירסט אונטער די רוסן. זיי ווייסן גאַנץ גוט, אַז צווישן די איינוואוינער, לאָמיר נעמען כאָטש פון אָט דעם „שוואַרצן באַצירק” (אַ ווינק אַפן פענצטער) וועט זיך ניט געפינען קיין איינציקער וועלכער זאָל דערלויבן אונטערצופירן די רוסן.

דער באַן, פאַרבייפאָרנדיק פּרעסטאָן, איז געפלויגן דורך דער אינדוסטריעלער געגנט מאַנטשעסטער ־ ליווערפּול. פאַרביי אונדז האָבן זיך געצויגן אומענדלעכע אַרבעטער־שטעטלעך מיט שמאָלינקע געסלעך אָן איין ביימל. די רויטע ציגל פון די צוגעטוליעטע איינס צום אַנדערן הייזער זיינען שוין לאַנג שוואַרץ געוואָרן, ברוינע דעכער האָבן געגלאַנצט פון רעגן וואָס איז ניט לאַנג געגאַנגען. איבער דער שוואַרצער, טרויעריקער לאַנדשאַפט איז געהאַנגען אַ שמוציקער הימל.

דער אַלטער האָט געהאַט רעכט. דאָס אַרבעטער־פאָלק פון ענגלאַנד האָט געוואָלט און שוין לאַנג געפאָדערט מען זאָל עפענען אַ צווייטן פראָנט אין מערב־אייראָפּע. מיט דעם האָט זיך אויסגעדריקט ניט נאָר די קאַמפּס־סאָלידאַריטעט נאָר אויך דאָס, אַז נאָר אַ צווייטער פראָנט איז געווען בעקויעך ווי אַמשנעלסטן אָראָפּצונעמען די דייטשישע באַדראָונג, וואָס איז ווי אַ שוואַרצער וואָלקן געהאַנגען איבער ענגלאַנד. כוץ דעם האָבן די פּראָגרעסיווע ענגלישע אַרבעטער גאַנץ גוט פאַרשטאַנען, אַז דער שאַרף פון די ציין פון דער פאַשיסטישער כאַיע זיינען געריכטעט קעגן דעם פאָלק גופא, און ניט קעגן די רעגירונגס־קליקעס פון די קאַפּיטאַליסטישע לענדער, וועלכע פלעגן שטענדיק געפינען אַ געמיינזאַמע שפּראַך מיט די זיגער.

אַ באַוווּסטער ענגלישער אַדוואָקאַט מאַלווין יוז האָט זיך אויסגעדריקט, אַז דער קאַמף פון פאַשיזם קעגן דעמאָקראַטיע איז אַ „מילכאָמע פון דער שוואַרצער פאַרגאַנגענהייט קעגן דער צוקונפט פון דער מענטשהייט”. דער פּאָשעטער ענגלישער פאָלקס־מענטש האָט פאַרשטאַנען, אַז העלפנדיק צעשמעטערן די היטלעריסטישע דייטשלאַנד, העלפט ער דערמיט דער צוקונפט געווינען די מילכאָמע באַ דער פאַרגאַנגענהייט. דער צווייטער פראָנט אין אייראָפּע וואָלט געווען די רעאַלסטע און עפעקטיווסטע פאָרעם פון אַזאַ הילף. אַף די פאַרקאַנעס, הייזער און אַפילע אַף די בריקן פון די גאַסן אין די אַרבעטער געגנטן פון לאָנדאָן, מאַנטשעסטער און ליווערפּול, זיינען שוין פון לאַנג געווען אויפשריפטן מיט אַ פאָדערונג צו עפענען דעם צווייטן פראָנט. אַף אַ לאַנגן פאַרקאַן וועלכער האָט אַרומגערינגלט די אייזנבאַן־ליניע אין האַמערסמיט, האָט אַראָפּגעשיינט אַ לאָזונג, אָנגעשריבן מיט מעטערדיקע אויסיעס מיט ווייסער פאַרב, וואָס וואַשט זיך ניט אָפּ, נאָך פון דעם יאָר 1941: „העלפט די רוסן. באַזייטיקט פון דער רעגירונג די מינכען־לייט מור־באַרבאַזאָן און מאָין”.*) אין

*) מור־באַרבאַזאָן, וועלכער איז דאַן געווען מיניסטער פון אַוויאַציע־אינדוסטריע האָט זיך אַרויסגעזאָגט קעגן דער הילף דעם ראַטנפאַרבאַנד, באַגרינדנדיק זיין מיינונג מיט אַנטי־סאָוועטישע רעכילעסן. לאָרד מאָין, דער דעמאָלסטיקער טראַנספּאָרט־מיניסטער האָט זיך אָפּגעזאָגט אָפּגעבן דעם ראַטנפאַרבאַנד דעם האַנדלס־פלאָט פון די באַלטישע ראַטן־רעפּוב־

איסלינגטאָן, אַף אַ שמוציקער וואַנט, וואָס ציט זיך אָפּן צאָפּן פון דעם באַנהויף קינג־קראָס, האָט דייטלעך אַרויסגעשיינט אַ שפּעטערדיקער אויפרוף: „עפנט דעם צווייטן פראָנט איצט אין 1942". אָפּט פלעגן זיך טרעפן נאָך שפּעטערדיקע אויפרופן: „הערט אויף מיטן סאַבאָטאַזש פונעם צווייטן פראָנט", „פאַראַט ניט די רוסן", „שלאָגט דעם סוינע אָפּן מיַירעוו", „קריכט אַרויס פון דער איטאַליענישער בלאָטע, און רוקט זיך קיין פראַנקרייך איבערן קאַנאַל". אַזוי אַרום, האָט מען דורך די אויפשריפטן געקענט פעסטשטעלן די געשיכטע פון קאַמף פאַרן צווייטן פראָנט. אַף די פאַבריקן, אין די קוילן־גרובן, אין סקלאַדן און ווערפטן זיינען דורכגעפירט געוואָרן טויזנטער מיטינגען. איבערן גאַנצן לאַנד זיינען געשאַפן געוואָרן אומצאָליקע קאָמיטעטן פאַר ענגליש־סאָוועטישער פריינטשאַפט: זיי פלעגן איינאָרדענען פאַרזאַמלונגען לעטוויוועס דעם צווייטן פראָנט, דורכפירן זאַמלונגען פאַר מעדיצינישער הילף דער רויטער אַרמיי. די באַוועגונג האָט אָנגענומען אַזאַ מאַסן־כאַראַקטער, אַז די רעאַקציאָנערע פרעסע האָט אויפגעהויבן אַ קאַמפּיין קעגן די קאָמיטעטן, באַשולדיקנדיק זיי אין „מאַנגל פון פאַטריאָטיזם", אין בייזע קאַוואָנעס צו דיקטירן זייער ווילן דער מיליטער-מאַכט און אין אַלע אַנדערע טויטכאַטאָים.

די אָנשטרענגונגען פון די מינכען־פרעסע־לייט האָבן ניט געהאַט קיין דערפאָלג, אָבער אַ טויט־קלאַפּ די קאָמיטעטן פון ענגליש־סאָוועטישער פריינטשאַפט האָט דערלאַנגט דער רעכטער פליגל פון דער אָנפירערשאַפט פון דער לאַבאָריסטישער פאַרטיי: איר אויספיר־קאָמיטעט האָט פאַרבאָטן, אונטער דער דראָונג פון אויסשליסן פון דער פאַרטיי, אַלע לאַבאָריסטן אַרויסטרעטן אַף מיטינגען און פאַרזאַמלונגען פון די קאָמיטעטן און אַפילע זיי צו באַזוכן.

די אָנפירער פון דער ענגלישער רעגירונג האָבן ניט געוואָלט עפענען צו דער צייט דעם צווייטן פראָנט אין מיַירעוו־אייראָפּע. ס'איז נויטיק געווען אַן ענערגישער דרוק מיצאַד דער סאָוועטן־מאַכט און דעם אַמעריקאַנער פרעזידענט, צו צווינגען טשוירטשילס רעגירונג זיך דערמאָנען וועגן אירע האָוטאָכעס און היסכייַוועס. אַף דער קאָנפערענץ פון די פירער פון די דריי אַליאירטע גרויס־מאַכטן אין טעהעראַן, איז סאָפקאָלסאָף באַשלאָסן געוואָרן עפענען דעם צווייטן פראָנט אין מיַירעוו-אייראָפּע.

פון אָנהויב האָט זיך אויסגעוויזן, אַז די רעאַקציאָנערע „פּאָליטישע גענעראַלן", וועגן וועלכע עס האָט דערציילט דער מאַיאָר סטאַוּן, האָבן שטיל אָראָפּגעשלונגען די דעקלאַראַציע פון די אַליאירטע, אין וועלכער עס איז געווען אויסגעדריקט די פולשטענדיקע גרייטקייט צו דערלאַנגען

---

ליקן, פאַרופנדיק זיך אַף דעם, וואָס די ענגלישע רעגירונג האָט ניט אָנערקענט דעם אָנשלוס פון די רעפּובליקן צום ראַטנפאַרבאַנד.

אַ געווייניקטן קלאַפּ איבער דער היטלעריסטישער דייטשלאַנד ניט נאָר פון מיזרעך און דאָרעם, נאָר אויך פון מײַרעוו. פון די בויגנס פון די צייטונגען פון מינכענער צווילינג, לאָרדן קעמזלי און קעמראָז, האָט זיך דערהערט אַן אומצופרידענער וואָרטשען, נאָר ער האָט אָפּגעהילכט טויב און ניט דייטלעך. די שטימע פון אנערקענונג פאַר די טעהעראַנער באַשלוסן איז געווען אַף אַזוי פיל מעכטיק, אַז נאָר פּאָליטישע זעלבסטמערדער וואָלטן געוואַגט אָפּן אַרויסטרעטן קעגן זיי.

דאָך הינטער די קוליסן פון דער פּאָליטישער אַרענע האָט זיך צעפּלאַמט אַ פאַרביסענער קאַמף. ער האָט זיך אַרויסגעריסן אין דרויסן גאָר אומדערוואַרטעט און אין זייער אַן אָריגינעלער פאָרעם. אַף צוריקוועגס נאָכן זען זיך מיטן טערקישן פּרעזידענט אינענאָ, איז טשווירטשיל קראַנק געוואָרן אַף אַ לונגען־אָנצינדונג און איז געבליבן ליגן אין אַ קליין צאָפן־אַפריקאַניש שטעטעלע מאַראַקעש. דער פּרעמיער איז ערשט ניט לאַנג אַלט געוואָרן 69 יאָר, און די לונגען־קראַנקייט איז געווען ניט דאָס ערשטע מאָל אין טשווירטשילס לעבן, דעריבער האָבן אויסגערעכנטע פּאָליטיק־פירער אָנגעהויבן פיבערהאַפט גרייטן זיך צו דער מעגלעכקייט עס זאָל באַפרייט ווערן אַ פּאָסטן באַם רודער פון לאַנד.

די מינכען־לייט האָבן באַשלאָסן, אַז ס'איז די פּאַסיקסטע געלעגנהייט אַרויסצוקריכן פון אונטערערד אַף די פאָדערשטע פּאָליטישע רייען. זיי האָבן אָנגעהויבן אַרויסרוקן צו דער אָנפירערשאַפט פונעם לאַנד דעם אַלטן געשעפטס־פריינט און פּאָליטישן מיטקעמפער פון טשעמבערלענען — דעם הער דזשאָן אַנדערסאָן, אין קעגנזאַץ צו דעם קאַנדידאַט פון די „מעסיקע”, אָדער „געזונט־דענקענדיקע” קאָנסערוואַטאָרן, אַנטאָני אידען. ניט קוקנדיק אַף דעם וואָס ביידע קאַנדידאַטן צו פאַרטרעטן טשווירטשילן, זיינען געווען זיינע נאָנטסטע פריינט און איינעם פון זיי — אַנדערסאָנען (פינאַנץ־מיניסטער), האָט מען לויט דער טראַדיציע גערופן „די רעכטע האַנט פון פּרעמיער־מיניסטער” און דעם צווייטן — אידען, אויסערן־מיניסטער — גערופן „די לינקע האַנט”), איז דאָך אין זייערע פּאָליטישע אָנשויאונגען געווען אַ געוויסער אונטערשייד. אידען האָט געטאַדלט די מינכענער פּאָליטיק פון טשעמבערלען און האָט געפאָדערט איינשטעלן אַ פאַרשטענדיקונג מיטן ראַטנפאַרבאַנד. אַנדערסאָן האָט געשטיצט טשעמבערלענען, געהאָלפן די דייטשן אויפצושטעלן די קריגס־אינדוסטריע און האָט געפאָדערט פירן אַ „פּאָליטיק פון אַ שטאַרקער האַנט” אין באַצוג צו די רוסן. אידען איז געווען אַן אַקטיווער מיטאַרבעטער בעת דער טעהעראַנער קאָנפערענץ און איז געווען אַף דער זייט פון אויספירן אירע באַשלוסן. אַרום אַנדערסאָנען האָבן זיך געזאַמלט אַלע קעגנער פון טעהעראַן. זיי האָבן געפאָדערט אַלס „באַלוינונג פאַר אַ מיליטערישער הילף” שטעלן דעם ראַטנפאַרבאַנד געוויסע „פּאָליטישע באַדינגונגען”, צווישן זיי ניט

אריבערטרעטן די אַלטע גרענעצן פון פּוילן, רומעניע און פון די באַל־טישע לענדער.

„דער קויעך־פּאַרמעסט" איז ניט צושטאַנד געקומען: טשווירטשיל האָט זיך אומגעקערט געזונט און לעבעדיק. דאָך האָט דער רעכטער פליגל פון דער קאָנסערוואַטיווער פּאַרטיי — וועמענס שטרעבונגען עס זיינען געקומען צום אויסדרוק דורך דעם באַוווּסטן „קאָמיטעט פון 1922 יאָר" — אַטאַקירט אידענען פאַר זיין מיקלוימערשט „צו ווייכער באַציוּנג" צו די רוסן (אין צוזאַמענהאַנג מיטן אַריבערגיין פון דער רויטער אַרמיי די אַל־טע פּוילישע גרענעצן). ווי מען האָט דאַן פאַרזיכערט איז טשווירטשיל גרייט געווען מאַקריוו צו זיין אידענען אום צופרידנצושטעלן די קאָנסער־וואַטיווע אָקסן. אידען האָט זיך איינגעהאַלטן אָף זיין מיניסטער־פּאָסטן נאָר אַ דאַנק דער מוירע צו קאָמפּליצירן די באַציוּנגען מיט די אַליאירטע. כאָטש דעם איז די פּאָליטיש־מיליטערישע לאַגע אין איראָפּע ווייט ניט געווען גינסטיק פאַר די ענגלישע מינכען-לייט. אָף וויפל דער צעשמע־טערנדיקער שטורעם פון קריג האָט זיך גערוקט אַלץ מער פון מיזרעך צו מײַרעוו, צו דער דייטשישער גרענעץ, איז אַלץ מער אויסגעלאָשן גע־וואָרן דער מיליטערישער קוראַזש פון די רעאַקציאָנערע „פּאָליטישע גע־נעראַלן" און זייער אַרמיי איז אַלץ שיטערער געוואָרן.

אָף דער אייראָפּעישער אַרענע האָט זיך באַוויזן אַ נייער דעצידירנ־דיקער פאַקטאָר. נאָכן האָבן צעשמעטערט זומער 1943 — צווישן אָריאָל און קורסק — די הויפּט־קויכעס פון היטלערס דייטשלאַנד און נאָכן אָפּ־רייניקן אין מעשעך פון האַרבסט און ווינטער גאַנץ אוקראַינע, איז די רויטע אַרמיי אַרויס צו די גרענעצן פון פּוילן, רומעניע און דערגאַנגען ביז צו די קאַרפּאַטן-בערג. מיטן גיגאַנטישן שוווּנג פון דער סאָוועטי־שער אָפענסיווע, האָט זיך צונויפגעגאָסן דער קאַמף פון די אינערלעכע קויכעס פון ווידערשטאַנד אין די דורך די דייטשן אָקופּירטע לענדער. צאָלרייכע און גרויסע פּאַרטיזאַנער אָפּטיילונגען פלעגן זיך פאַרוואַנדלען אין פּאַטריאָטישע פּאַרטיזאַנער אַרמייען. אין פראַנקרייך, בעלגיע, נאָר־וועגן, יוגאָסלאַוויע, אַלבאַניע, טשעכאָסלאָוואַקיע, גריכנלאַנד און צאָפן־איטאַליע האָבן אָט די פּאַרטיזאַנער אַרמייען געאַרבעט אַקסל אין אַקסל מיט די לינקע דעמאָקראַטישע אָרגאַניזאַציעס. די קאָמוניסטן וועלכע האָבן באַ־וויזן אַ מוסטער פון פּאַטריאָטיזם און זעלבסטאָפּפערונג, זיינען געשטאַנען אין דער שפּיץ פון אַ באַוואָפנטן קאַמף קעגן די דייטשן. היטלערס „איי־ראָפּעישע פעסטונג" האָט זיך געפונען אונטער דעם דירעקטן קלאַפּ ניט נאָר פון אויסן נאָר אויך פון אינעווייניק. דער „היטלעריזירטער" איירא־פּע האָט דערוואַרטעט דער לעצטער שטורעם, צוגעגרייט דורך די ניצ־חוינעס פון דער רויטער אַרמיי: ס'האָט זיך דערנענטערט איר פולשטענ־דיקער פאַנאַנדערפאַל אָף שטיקער, און נאָך דעם האָט געזאָלט קומען דער פולשטענדיקער קראַך פון דער פאַשיסטישער דייטשלאַנד.

# מענטשן און צילן

.1

אין מיטן יאַנואַר פון יאָר 1944 האָט זיך אין לאָנדאָנער אומגעגנט אַראָפּגעלאָזט אַ שנעלער, אָבער שווער־באַוואָפנטער אַוויאָן, באַגלייט דורך אייניקע „צעשטערער״. פון אַוויאָן איז אַרויס אַ מיטלוווּקסיקער ברייט־פּלייציקער מאַן אין אַן אַמעריקאַנישן מיליטערישן אוניפאָרם. באַם באַ־קענען זיך פלעגט ער זיך ברייט צעשמייכלען. צונויפקלייבנדיק טיפע קנייטשן באַ די אויגן און פלעגט זיך פאָרשטעלן: אייזענהאַוער. כאָטש ער האָט גאַנץ גוט פאַרשטאַנען, אַז די וואָס זיינען געקומען אים באַגע־גענען האָבן דאָס שוין געוווּסט פון לאַנג און געוואַרט אַף אים. דעם נאָר וואָס באַשטימטן הויפּט־קאָמאַנדיר פון די אַליִאירטע עקספּעדיציע־קויכעס אין מי־ַרעוו־אייראָפּע האָט באַגלייט אַ הויכער דאַרער לופט־פּליער אין אַ פּעלצענער קורטקע און הענטשקעס — דאָס איז געווען אַרטור טעדדער, הויפּט אַוויאַציע־מאַרשאַל פון ענגלאַנד און איצט דער שטעלפאַרטרעטער פונעם הויפּט־קאָמענדאַנט. גלייך פונעם אַעראָדראָם זיינען זיי ביידע, איי־זענאַהוער און טעדדער אַוועק אין אַ ווייטן געגנט פון לאָנדאָן, וווּ עס איז פאַר זיי צוגעגרייט געווען אַ גאַנצער קוואַרטאַל פון קימאַט ליידיקע גע־ביידעס. אַ געדיכטע און זיכערע קייט פון מיליטערישער וואַך האָט אַרומ־גערינגלט דעם קוואַרטאַל. די הייזער האָבן זיך אָנגעהויבן אָנפילן מיט ענגלישע און אַמעריקאַנער אָפיצירן פון פאַרשיידנאַרטיקסטע מיליטער־אָפּטיילונגען און גראַדן. גאָר אינגיכן האָט זיך באַ יעדן איינעם פון זיי באַוויזן אַפן לינקן אַרבל, קימאַט באַם טאָמע אַקסל אַ ניט־געזעענע אַרמיי־אָפּצייכענונג: אַ גאָלדענע שווערד, וואָס האָט געפלאַקערט אַף אַ שוואַרצן פאָן און איבער אים אַ העלער רעגנבויגן. דאָס איז געווען די אָפּצייכענונג פון דעם אַזוי־גערופענעם „ש יי ף״ — הויפּט־שטאַב פון די אַליִאירטע עקספּעדיציע־קויכעס אין אייראָפּע. ביכלאַל האָבן די ענגלענדער אַרויס־געוויזן אַ שוואַכקייט צו סימבאָליק: אַ ציילעם מיט געקרייצטע שווערדן איז געווען אַן אָפּצייכענונג פאַר דער 21־טער אַרמיי־גרופּע, אַ ברענענדי־קער שווערד אַף אַ ציילעם — אַ סימבאָל פון דער 2־טער בריטישער אַרמיי, אַ ווילדער כאַזער — פאַרן 30־טן קאָרפּוס, אַ פליענדיקער פערד — פאַר דער פּאַראַשוטיסטן־דיוויזיע. די אַמעריקאַנער האָבן מער ליב געהאַט נעמען, און אָפטמאָל גאַנץ אויסדרוקפולע: צום ביישפּיל „דער טיגער״ אָדער נאָך בעסער „געגנעם אַף רעדער״.

דאָס צוזאַמענשטעלן דעם שטאַב איז געווען, ווי עס האָט זיך אַרויס־געוויזן, אַסאַך שווערער, ווי אויסטראַכטן דיעם עמבלעם. צווישן די אַמע־

ריקאַנער און ענגלענדער האָט זיך צעפלאַקערט אַ פאַרביסענער קאַמף פאַרן באַזיץ פון די וויכטיקע שטאַב פּאָסטנס. די ענגלענדער האָבן צוגעשטעלט אייזענהאַוערן אַ לאַנגן צעטל פון פאַרדינסטפולע און געניטע אָפיצירן; די אַמעריקאַנער האָבן געקאָנט אַנטקעגנשטעלן בלויז אַ פאַרהעלטנישמעסיק ניט גרויסע גרופּע פון אָפיצירן, וועלכע האָבן ערשט באַקומען זייער מיליטערישע טויפונג אין צאָפן אַפריקע. פאַרשטייט זיך, אַז אין די שטאַב־אָפּטיילונגען, באַזעצט פון אַ גלייכער צאָל ענגלישע און אַמעריקאַנישע אָפיצירן, האָבן די ערשטע פאַרנומען די פירנדיקע פּאָזיציעס. זיי האָבן געהאַט ניט נאָר מער אויסצייכענונגס־סטענגעס און בראָנדז אַף די עפּאָלעטן, נאָר זיי האָבן אויך אין געניטקייט איבערגעשטיגן זייערע הינטעראָקעאַנישע כאַווערים. די ענגלענדער האָבן גלייך פאַרכאַפּט די וויכטיקסטע אָפּטיילונג פון הויפּט־שטאַב — די אויסשפּירונג. די ענגלישע אויסשפּירונג האָט איינגעשטעלט דורך די לאָנדאָנער עמיגראַנטן־רעגירונגען אַ פאַרברייטערטע אויסשפּיר־נעץ אין פראַנקרייך, בעלגיע, האָלאַנד. די ענגלענדער האָבן איינגעשטעלט און, הויפּטזאַכלעך צוליב אויסשפּיר־אינטערעסן, געשטיצט די רעזיסטענץ־קויכעס אין אַלע אָקופּירטע לענדער. זיי האָבן צוגעשטעלט פּאָרטאַטיווע ראַדיאָ־סטאַנציעס אַפילע צו די באַזונדערע קליינע גרופּעס פון פּאַרטיזאַנער, וואָס האָבן אָפּערירט אין די ראַיאָנען פון וועג־קרייצונגען. אויסנוצנדיק די אַנטי היטלעריסטישע שטימונג פון דער אינטעליגענץ האָבן די ענגלענדער אַריינגעקראָגן אַסאַך פון אירע פאָרשטייער צו דינסט פון איר אויסשפּירונג. וואָס שייך די אַמעריקאַנער, האָבן זיי געהאַט שטאַרקע פאַרבינדונגען נאָר אין דייטשלאַנד, וווּ זיי האָט זיך איינגעגעבן איינצושטעלן אַ פּערמאַנענטן קאָנטאַקט מיטן הויפּט פון דער דייטשער מיילטערישער אויסשפּיר אין קאָנטר־שפּיאָנאַזש אָפּטיילונגען דעם אַדמיראַל קאַנאַרים. די אָנפירנדיקע לאַגע, וועלכע די ענגלענדער האָבן פאַרנומען אין דער אויסשפּיר־אָפּטיילונג פון שייף האָט זיי געגעבן די מעגלעכקייט אַרויפצווינגען אַפן הויפּט־קאָמאַנדאַנט זייער שטאַנדפּונקט אַף דער מיליטעריש־פּאָליטישער לאַגע פון אייראָפּע.

זייער אַ האַרטנעקיקער קאַמף האָט זיך צעפלאַקערט פאַר דער אָנפירערשאַפט אין דער אָפּטיילונג אונטערן נאָמען געזעלשאַפטלעכע פאַרבינדונגען. דאָס איז געווען פאַקטיש אַן אָפּטיילונג פאַר אויסערלעכער אויסער־מיליטערישער פּראָפּאַגאַנדע פון דער הויפּט־אָנפירערשאַפט. די טעטיקייט פון דער אָפּטיילונג, וועלכע האָט געהאַט פאַרשפּרייט אירע סוב־פיליאַלן באַ אַרמיי־גרופּירונגען, אַרמייען, קאָרפּוסן און באַ די אַמעריקאַנער, אַפילע באַ דיוויזיעס, איז געווען זייער אַ פאַרשיידנאַרטיקע. די דינסט פון געזעלשאַפטלעכער פאַרבינדונג האָט געזאָרגט ניט נאָר וועגן קריגס־קאָרעספּאָנדענטן, קינאָ־אָפּעראַטאָרן, פאָטאָגראַפישע רעפּאָרטערן, אָנגעפירט מיט דער צענזור איבער זיי און זיי באַשיצט, נאָר זי האָט אויך צוגעשטעלט פאַר די קאָרעספּאָנדענטן (וועמענס צאָל איז אין אַ געוויסן

מאָמענט דערגאַנגגען ביז 1000) אינפאָרמאַציעס, געגעבן די געהעריקע ריכ־טונג זייער פּען, און האָט אָנגענומען מיטלען צוצוגרייטן די געזעלשאַפט־לעכע מיינונג אין גייסט, וואָס איז געווען נויטיק דער הויפּט־קאָמאַנדע. זי האָט צוגעטראָגן דער אַלוועלטלעכער עפנטלעכער מיינונג אַזאַ בילד פון דער מילכאָמע, ניט אַזוי ווי עס איז געווען אין דער ווירקלעכקייט, נאָר אין אַזאַ אויסזען ווי דאָס האָט געלוינט דער פּאָליטישער און מילי־טערישער אָנפירערשאַפט פון ענגלאַנד און אַמעריקע.

די פּרעסע פון די אַליאירטע, אונטער דעם איינפלוס פון דער דינסט פאַר געזעלשאַפטלעכער פאַרבינדונג, האָט אויפגעהויבן אַ ווילדן יאָמער וועגן מיקלוימערשטע „רוסישע אָפּטיילונגען" אין דער דייטשער אַרמיי אין נאָרמאַנדיע. דער טומל האָט זיך אָבער שנעל איינגעשטילט, ווייל די ערשטע ידיעות, האָבן זיי דערקלערט, זיינען געקומען שטאַרק איבערגע־טריבן. קיין רוסישע אָפּטיילונגען זיינען אין נאָרמאַנדיע ניט געווען: עס האָט זיך אַרויסגעוויזן עפּעס אַנדערש: די דייטשן, פאַרלעצנדיק די אינ־טערנאַציאָנאַלע אָפּמאַכן און קריגס־רעגלאַמענטן, האָבן געצוווּנגען די סאָוועטישע קריגס־געפאַנגענע בויען פעסטונגען און אויספירן קאַלערליי ערד־אַרבעטן אויפן שלאַכט־פעלד. אָבער דער קאַמפּיין אין דער פּרעסע האָט דאָך דערגרייכט זיין ציל: די לייענער האָבן ביסלעכווייז אָנגעהויבן ווײַ־ניקער טאַדלען די אַליאירטע פאַר זייער גאָרניט טאָן אין נאָרמאַנדיע און זיי פאַרוואַרפן דעם ביישפּיל פון סאָוועטישן מיליטער פון ווייסרוסישן פראָנט.

עטוואָס שפּעטער, ווען די רויטע אַרמיי, האָט, מאַכנדיק אַ וווּנדער־לעכן שפּרונג, אַרומגערינגלט און צעשמעטערט די דייטשן בײַ מינסק, האָט די אַליאירטע פּרעסע אויף צייכן פון דער דאָזיקער „דינסט" אָנגע־הויבן פאַרשפּרייטן קלאַנגען אַז די דייטשן טרעטן אָפּ אויפן מיזרעך־פראָנט מיט זייער אייגענעם ווילן. די ציפערן פון די דייטשע פאַרלוסטן, פאַר־עפנטלכעט דורך דער קאָמאַנדע פון דער רויטער אַרמיי, פלעגן ווערן אָפּ־געלייקנט דורך יענער פּרעסע אויפן סמאַך פון דעם, וואָס די ענגליש־אַמעריקאַנער קאָרעספּאָנדענטן אין ראַטנפאַרבאַנד האָט מען ניט געגעבן די מעגלעכקייטן איבערצוציילן די דייטשע מייסים, אָדער דייטשע גע־פאַנגענע. זייער פּרעסע האָט אויפגעהערט איבערצוקייען די ציפערן ערשט נאָך דעם ווי מען האָט די געפאַנגענע פריצן דורכגעפירט דורך די מאָס־קווער גאַסן.

ווינטער, 45־1944 האָבן די פּראָפּאַגאַנדיסטן פון דער דינסט פאַר געזעלשאַפטלעכער פאַרבינדונג זיך געמיט געבן צו פאַרשטיין אַז דער קויעך פונעם דייטשן קלאַפּ אין אַרדען, איז דער רעזולטאַט פון אַ פאַרויס איינגעאָרדנטן שטילשטאַנד אויפן מיזרעך־פראָנט, באַהויפּטנדיק אַז דאָס האָט מיקלוימערשט געגעבן די מעגלעכקייט דער דייטשישער הויפּט־קאָ־מאַנדע, צונויפקלייבן איר גאַנץ פרייע מיליטער קעגן די מיַירעוו־אַליאיר־

טע. די צייטונגען האָבן אָפּן באַשולדיקט רוסלאַנד אין ניט אויספירן די־
גענומענע אויף זיך פאַרפליכטונגען בענוגייע די אַליאירטע און געפאָדערט,
זאָפאָרט אַ וואָרף טאָן די סאָוועטישע אַרמייען אין אַן אָפּענסיווע אָפּן
מיזרעך. אַזאַ מין דעמאַגאָגיע האָט געהאַט פאַר זיך נאָר איין ציל:
באַשמוצן דעם סאָוועטישן פאַרבינדעטן, ווייל די ענגליש־אַמעריקאַנער
הויפּט־קאָמאַנדע האָט גאַנץ גוט געוווּסט וועגן דעם טאָג פון אָנפאַנג פון
דער סאָוועטישער ווינטער-אָפּענסיווע.

צוערשט האָט זיך איינגעגעבן די ענגלענדער פאַרבאָפּן די אָפּטיילונג
פון געזעלשאַפטלעכער פאַרבינדונג, וועלכע האָט זיך, אַגעוו, געפונען אין
דער געביידע פון ענגלישן אינפאָרמאַציע־מיניסטעריום אויף מאַלעט־סטריט.
אָבער נאָכדעם ווי די אַמעריקאַנער האָבן זיך, צו זייער גרויסער שטוינונג,
אָנגעהויבן צו דערוויסן דורך דער וועלט־פּרעסע, אַז אין נאָרמאַנדיע קעמפן
נאָר ענגלענדער, און אַז די אַמעריקאַנער קריגס־אָפּטיילונגען, אין בעסטן
פאַל, טוען גאָרניט און, אין ערגסטן פאַל, שטערן זיי פאַשעט מאַנטגאָ־
מערין... האָבן זיי פאַרשטאַנען זייער טאָעס... און דאַן, ווען דער שייך
איז אַריבערגעפאָרן קיין פאַריז האָבן די אַמעריקאַנער איבערגעשפּיצט די
ענגלענדער: עס האָט זיך זיי איינגעגעבן איבערצולאָזן אין לאָנדאָן קי־
מאַט דעם גאַנצן ענגלישן פּערסאָנאַל פון דער אָפּטיילונג פון געזעלשאַפט־
לעכער פאַרבינדונג. פון דעמאָלט אָן האָבן די ענגלענדער זיך אָנגעהויבן
צו באַקלאָגן אַז זייערע כאַווירים, רעקלאַמירן נאָר זייערע אַמעריקאַנער
ניצכוינעס און דערציילן דער וועלט נאָר וועגן די ענגלישע דורכפאַלן און
נידערלאַגעס. די אַליאירטע אָפיצירן און קאָרעספּאָנדענטן מיט וועלכע
איך בין אַריינגעפאַלן אין האָלאַנד אין ניימעגענער אַרומרינגלונג פלעגן
אין זייערע געשפּרעכן דערגיין צו דעם אויסדרוק, אַז ענגלאַנד האָט פאַר־
שפּילט די מילכאָמע, אין דער עפנטלעכער וועלט־מיינונג.

די אָנפירנדיקע עלעמענטן און אָפיצירן פון דינסט פאַר געזעלשאַפט־
לעכער פאַרבינדונג פלעגן רעקרוטירט ווערן צווישן די פּראָפּאַגאַנדע־
אַגענטן, זשורנאַליסטן און גלאַט רעקלאַמע־אַרבעטער. זיי פלעגן זיך אויס־
צייכענען ניט נאָר מיטן קאָנען „אויפבאַפּן און דערלאַנגען” אַ נײַעס, נאָר
אויך מיט אַ גרונטלעכער באַהאַוונטקייט אין זייער לאַנד־פּאָליטיק און די
פּסיכאָלאָגיע פון די מאַסן. אַמאָל אין אַ פאַרשטעלטער פאָרם, און אַן
אַנדער מאָל אין אַן אָפענער, פלעגן זיי אויף קויעך אַרויפצווינגען אויף מי־
ליאָנען צושויער און לייענער די מיינונגען, אָפּשאַצונגען און פאַרלאַנגען
פון דער הויפּט־קאָמאַנדע און פּאָליטישער פירערשאַפט. די קריגס־קאָרעס־
פּאָנדענטן, ניט גערעדט שוין וועגן קינאָ־אָפּעראַטאָרן און פאָטאָגראַף־רע־
פּאָרטערן, זיינען געווען אַ געהאָרכזאַם געוועער באַ אָט דעם פּראָפּאַגאַנדע־
אַפּאַראַט, כאָטש זיי האָבן אויסערלעך אויסגעזען ווי זעלבשטענדיק און
פון צייט צו צייט פלעגן זיי קריטיקירן דעם אָדער יענעם גענעראַל —
מערסטנטייל פאַר זיינע פּאָליטישע אָנשוויונגען — נאָר דאָס פלעגט זיך

מרעפן גאָר זעלטן און פלעגט דיקטירט ווערן דורך פּאַרטיי־אינטערעסן פון צייטונגס־באַלעבאָס.

דער געראנגל פאַר דער אָנפירערשאַפט אין דער אָפּטיילונג פון „פּסיכאָלאָגישער מילכאָמע", וועמענס אויפגאַבע איז געווען צו פירן פּראָפּאַגאַנדע צווישן דער באַפעלקערונג פון די באַפרייטע לענדער, האָט געדויערט ביזן אַריבערפאָרן פון שייף אין פּאַריז. פון אָנהויב האָבן געשפילט די ערשטע פידל די ענגלענדער. זיי האָבן פאַרמאָגט אַ ריזיקע נעץ פון ראַדיאָ־סטאַנציעס. מיט די אייראָפּעישע טראַנסמיסיעס פון דער „בי־בי־צי" האָט אָנגעפירט דער זעלבער אייוואָן קירקפּאַטריק, וועלכער איז געווען אין זיינער צייט טשעמבערלענס באַגלייטער אין זיינע אונטערטעניקע לופטרייזעס צו היטלערן, און וועלכער האָט אויך באַגעגנט רודאָלף העסן אין שאָטלאַנד. קירקפּאַטריק איז געווען דער אַלמעכטיקער קאָנטראָלאָר פון דער גאַנצער פּראָפּאַגאַנדע, וועלכע איז באַשטימט געווען פאַרן אייראָפּעישן קאָנטינענט. די אַמעריקאַנער „פּסיכאָלאָגישע קעמפער" האָבן זיך געפונען גענצלעך באַ אים אין די הענט.

אָבער פון האַרבסט 1944 האָבן זיך אויסגעטיילט גאַנץ דייטלעך „צוויי פראָנטן" אין דער פּסיכאָלאָגישער מילכאָמע. אַף איין פראָנט, באַשטימט פאַר פראַנקרייך און לוקסעמבורג האָבן געהערשט די אַמעריקאַנער. זיי האָבן אָנגעפירט זייער פּראָפּאַגאַנדע פון פּאַריז. דער צווייטער פראָנט, פאַר בעלגיע און האָלאַנד, האָבן אָנגעפירט די ענגלענדער פון בריסל. וואָס שייך דער פּראָפּאַגאַנדע פאַר דייטשלאַנד, זיינען די אַמעריקאַנער אויך געוואָרן אומאָפּהענגיק פון דער ב. ב. צ., פאַרמאָגנדיק אַ מעכטיקע ראַדיאָ־סטאַנציע אין לוקסעמבורג. די ענגלענדער האָבן געפּרוּווט איינאָרדענען די לוקסעמבורגער סטאַנציע אונטער אַ געמיינזאַמען ענגליש־אַמעריקאַנער קאָנטראָל, אָבער די אַמעריקאַנער האָבן זיך פון דעם אָפּגעזאָגט.

ניט קוקנדיק דערויף וואָס אין דער אָפּעראַציעס־אָפּטיילונג פון שעף איז די צאָל ענגלענדער געווען קימאַט די זעלבע ווי די אַמעריקאַנער, איז דאָך די ענגלישע האַשפּאָע געווען דאָרט אַ דאָמינירנדיקע. שטיצנדיק זיך אַף די יעדיעס און אויספאָרשונגען פון דער אויסשפּירונג, וואָס האָט זיך געפונען אין ענגלישע הענט, פלעגן זיי אויסאַרבעטן די אָפּעראַציעס אין אַכט נעמענדיק די ענגלישע געניטקייט (די אַמעריקאַנער האָבן דאָך דאָס ניט געהאַט); פלעגן דורכפירן זייער ענגלישע טאַקטיק און פלעגן מיט אַלע קויכעס זיך באַמיען אַרויפצווינגען דער הויפּט־אָנפירערשאַפט די ענגלישע סטראַטעגיע.

דער גענעראַל אייזענהאַוער, וועלכער איז באַשטימט געוואָרן אַלס הויפּט־קאָמאַנדיר פון די אייראָפּעישע אַליאירטע קויכעס אַ דאַנק דער ענגלישער רעקאָמענדאַציע, איז באַרימט געוואָרן אין אָנפאַנג מילכאָמע אַלס טאַנקן-ספּעציאַליסט און אַלס אָנהענגער פון אַ באַגרענעצטער מע־

כאניזירונג פון דער ארמיי. דעם פּאָסטן אָבער אַלס הויפּט־קאָמאַנדאַנט האָט ער באַקומען צוליב גאָר אַנדערע סיבעס: דער גענעראַל פלעגט קאָנען גיין אַף קאָמפּראָמיסן אַפילע דאָרט, ווו דאָס איז געווען אומעגלעך. ער איז געווען געדולדיק, אויסגעהאַלטן, זייער גרינג אַף קאָמפּלימענטן. אין שייך האָט דער גענעראַל גלייך באַזיגט די ענגלענדער מיט דעם, וואָס גלייך אין די ערשטע טעג האָט ער דערקלערט, אַז די אַלע אַמעריקאַנער אָפיצירן וועלכע פילן ניט אין זיך קיין נייגונג פאַר אַ געמיינזאַמער מיטאַרבעט מיט זייערע ענגלישע קאָלעגן, מוזן טייקעף אָנגעבן ביטעס באַפרייט צו ווערן פון אַרבעט אין שטאַב.

דעם גענעראַל האָט מען באַטראַכט ווי אַ מענטש מיט אַ ווייכן כאַראַקטער, כאָטש דאָס האָט אים גאָרניט געשטערט צו זיין זייער שטרענג און אָפּטמאָל אַפילע גרויזאַם צו די, וועלכע זיינען אים געווען אונטערגעוואָרפן. אין דער צייט פון דער איטאַליענישער קאַמפּאַניע, ווען גענעראַל פּאַטאָן, אויפגערעגט פון עפּעס אַ ניט־העפלעכער, אָבער ריכטיקער באַמערקונג פון אַ פאַרוווּנדעטן זעלנער, האָט אים געגעבן אַ פּאַטש, האָט אייזענהאַוער פאַרגעשלאָגן פּאַטאָנען איינס פון די ביידע: אָדער זיך עפנטלעך אַנטשולדיקן, אָדער אָנגעבן אין דימיסיע. אין פּאָליטישע איניאַנים איז אייזענהאַוער נאָכגעגאַנגען די אָנווייזונגען פון זיין ראַטגעבער מערפי, וועלכער איז באַרימט געוואָרן דורך זיין אָפּמאַך מיט דאַרלאַנען און די ווישי־אַדמיניסטראַציע אין צפון־אַפריקע. מערפיס אָריענטאַציע איז געווען — זיך דערנענטערן צום וואַטיקאַן און צו די קאַטוילישע פּאַרטייען אין די באַפרייטע לענדער, ווייל ער האָט גערעכנט מיט זייער קויעך בילדן אַ קעגנגעוויכט דעם זייער דייטלעכן קער אַף לינקס פון די פּאָלקסמאַסן.

אַלס קאָמאַנדאַנטן פון באַזונדערע מיליטער טיילן זיינען באַשטימט געוואָרן דריי ענגלענדער. צווישן זיי האָט דעם ערשטן פּלאַץ אָן שום ספק פאַרנומען דער קאָמאַנדאַנט פון די יאַבאָשע־קויכעס, גענעראַל בערנאַרד מאָנטגאָמערי. אין דעם אויסערלעכן אויסזען פון אָט דעם זעלבסטהערשנדיקן קאָמאַנדאַנט פון אַ מיליאָנען־ארמיי איז ניט געווען קיין סימען פון מיליטערישקייט. ער פלעגט זיך אָנטאָן אין אַ געשטריקטער בלוזע, אָדער אין אַ סוועטער מיט אויסגעשניטענע לעכער פאַר זיינע עפּאָלעטן, געטראָגן געקאַרבטע פליושענע הויזן, אַפן קאָפּ אַ שוואַרצן בערעט פון טאַנקיסטן. מאָנטגאָמערי איז מער ענלעך געווען צו אַ דאָרפישן לערער, ווי צו אַ גענעראַל. ער פלעגט ליב האָבן אַרויסטרעטן מיט רעדעס, נאָר גערעדט האָט ער פּאַשעט, און אָן אַראַטאָרישע זשעסטן. ער פלעגט אויסזעצן זיינע צוהערער אַזוי אַז זיי זאָלן זיך געפינען נאָנט צו אים. דאָס פלעגט שאַפן אַ שטימונג פון פריינטלעכער אָפנהאַרציקייט.

דער אָנפירער פון די יאַם־קויכעס פון די אַליאירטע, אַדמיראַל קענינגהעם און דער אָנפירער פון די לופט־קויכעס, הויפּט אוויאַציע־מאַר־

שאַל ל. מעלאַרי, האָבן ניט איבערגעלאָזט נאָך זיך וועלכן עס איז באַדייַטנדיקן שפּור אין דער אַנטוויקלונג פונעם קריג אין מיַערעוו־אייראָפּע. קעניגגהעם האָט באַגרענעצט זיין טעטיקייט מיט ענג־טאַקטישע אויפגאַבן, און זיינע קויכעם האָבן געשפּילט אַ ריין געהילפס ראָלע. מעלאַרי איז געווען ניט מער ווי אַ בלייבער שאָטן פונעם אַנפירער פון דער ענגלישער באָמבאַרדיר־אוויאַציע האַריס, וועלכן מען האָט געגעבן אַ נאָמען „באָמבער", ד. ה. באָמבאַרדירער. האַריס מיט זיינע געהילפן האָבן געכאָלעמט געווינען דעם קריג פון דער לופטן. ס'איז שווער צו זאָגן, ווער ווען מען האָט האָט אַריינגעשלאָגן אַזאַ געדאַנק אין קאָפּ: טשוירטשיל די לופט־פליער, אָדער פּאַרקערט, אָבער אין דעם האָט געהערשט אַ פולשטענדיקער איינהייטלעכער געדאַנק באַם פּרעמיער און האַריסעם לייט. אַ קינסטלער אַף שיינע פּראַזן האָט טשוירטשיל באַשאָנקען די לופט־אָנפירערשאַפט מיט אַ מאַגישן אויסדרוק: „אַרויסבאָמבאַרדירן דייטשלאַנד פון דער מילכאָמע". אַפן פּאַרלאַנג פון די לופט־פליער, געשטיצט דורך טשוירטשילן, האָט די ענגלישע רעגירונג אָנגעהויבן בילדן אַ ריזיקן לופט־פלאָט, אַריינשיקנדיק אין אים קימאַט צוויי מיליאָן מענטשן, דאָס הייסט דריי מאָל אַזויפיל, ווי אין די ערד־קויכעם. אין דער צייט פון צוגרייטונג צום צווייטן פראָנט האָט די רעגירונג באַקומען אַ פּראָיעקט פון די גענעראַלן צו פּאַרגרעסערן די נישטיקע ענגלישע אַרמיי אַפן כעשבן פון דעם אומגעהויער צעבלאָזענעם לופט־פלאָט. די רעגירונג האָט אָבער גענומען אַן אַנדער אויסוועג: מען האָט מאָביליזירט נאָך הונדערט טויזנט מאַן פון דער אינדוסטריע, טראַנספּאָרט און האַנדל.

דער לופט־פלאָט האָט ניט „אַרויסבאָמבאַרדירט" דייטשלאַנד פון קריג. דער מיליטעריש־אינדוסטריעלער קויעך פון היטלעריסטישן דריטן רייך האָט אָנגעפאַנגען צו פאַלן פון יענעם מאָמענט ווען עס איז פּאַרגעקומען דער קראַך פון דייטשלאַנדס סאַטעליטן — רומעניע, בולגאַריע און אונגאַרן. דאָס פאַלן איז פּאַרשנעלערט געוואָרן מיטן אָקופּירן דורך דער רויטער אַרמיי פון די פּוילישע אינדוסטריעלע געגנטן אין אויבער־שלעזיע; די אינדוסטריע פון מיַעווערעוו־דייטשלאַנד איז פּאַרבליבן אומבאַרירט ביזן סאַמע סאָף פון דער מילכאָמע. די לופט־פליער האָבן נאָר, מיט טשוירטשילס בראָכע, פּאַרצויגן די מילכאָמע אין אייראָפּע וויניקסטנס אַף עטלעכע מאָנאַטן. אין האַרבסט פון 1944 האָט גענעראַל מאָנטגאָמערי, פּאַרענטפערנדיק די אומטעטיקייט פון זיינע אַרמייען, פּאַרזיכערט אַז די אַליאירטע האָבן זיך ניט נאָך וואָס צו יאָגן: האַריס האָט אים צוגעזאָגט פּאַרניכטן דריי דייטשישע שטעט אַ וואָך.

איבער אָט־אָ דעם אָנפירערישן פינפטל האָט געהערשט די פעסטע געשטאַלט פון טשוירטשילן, וועלכער האָט געדריקט ניט נאָר אַף אייזנהאַוערס ענגלישע געהילפן, נאָר אַפילע אַפן הויפּט־קאָמענדאַנט אַליין. דער דרוק האָט געדויערט די גאַנצע צייט ביז ענדע קריג. האַגאַם מיטן

אריבערפארן פון שיף קיין פאריז (ווערסאיל) איז ער באדייטנדיק קלענער געווארן. ערשט נאך דער הארבסטיקער מאכלויקעס צווישן דעם שיף און דעם שטאב פון דער 21-טער גרופע אונטער מאנטגאמעריס אנפירערשאפט, האבן די ענגלישע אפיצירן אויפגעהערט בארימען זיך, אז טשוירטשיל „פארמירט די מילכאמע" אין אייראפע.

## .2

אנהויב פרילינג פון יאר 1944 איז פאר די אלע וואס האבן אין יענער צייט געוווינט אין ענגלאנד געווארן קלאר, אז סאף קאל סאף האט דער גענעראל-שטאב פון די פאראייניקטע קויכעס אין מייַרעוו-אייראפע זיך ערנסט גענומען צו דער צוגרייטונג פון צווייטן פראנט. יעדן גינסטיקן טאג פלעגן גרופירונגען פון „פליענדיקע פעסטונגען", „לאנקאסטערס" און „האליפאקסן" גלאנצנדיק אונטער דער זון ווי טראפנס קוועקזילבער, דורכפליען איבער לאנדאן מיט א ריכטונג צו דארעם. אין מאנאט מערץ האט זיך אנגעהויבן א באוועגונג פון מיליטער. געגליכן צו א צופלוס האבן זיך אלע מיליטערישע פארמאציעס, וועלכע האבן זיך צונויפגעקליבן אין מעשעך פון עטלעכע מאנאטן אין שאטלאנד, געפלאסן פון צאפן צו דארעם. א ריזיקער שעטעך צווישן לאנדאן און בריסטאל, בירמינגאם און פארטסמוט, איז פארוואנדלט געווארן אין א קאנצענטראציע-זאנע. דא האט זיך געזאמלט די ארמיי פאר דער אינוואזיע.

די פאראייניקטע שטאטן האבן געשיקט מעייווער-לעיאם אריבער 1,5 מיליאן מענטשן. די אמעריקאנער האבן זיך צעשפרייט מיט זייערע עראדראמען, טאנקאדראמען, שיס-פלעצער, ארטילערישע פאליגאנען אין דער דארעמדיקער און מייַרעוודיקער טייל ענגלאנד. עטלעכע טויזנט אמעריקאנער אוויאנען האבן שוין באמבארדירט דייטשלאנד און די אקופירטע לענדער. די אמעריקאנער פלעגן ארויספליען בטאג, די ענגלענדער באנאכט. ארום יענע טיילן וועלכע האבן באקומען זייער קריגס-טויפונג אין אפריקע און איטאליע האבן זיך געבילדעט נייע אמעריקאנער ארמייען: די ערשטע ארמיי — דעם גענעראל ברעדלים, די דריטע — גענעראל פאטאנס, עטוואס שפעטער די ניינטע — גענעראל סימפסאנס. און נאך שפעטער די פופצנטע ארמיי. דאס מיליטער איז געווען פולשטענדיק מעכאניזירט. אפן גאנצן מייַרעוו-אייראפעישן פראנט איז בא די אליאירטע ניט געווען קיין איין איינציק פערד. די אמעריקאנער און ענגלישע ארמיי האט זיך גרינטלעך איבערבאוואפנט, ווייל ס'איז דערוויזן געווארן אין דער פראקטיק, אז זייער שווערע באוואפענונג (טאנקען, אר-

טילעריע, אנטיטאנק־הארמאטן און מינען־וואַרפערס) איז ערגער פון דער דייטשער.

ענגלאַנד האָט באַוויזן צושטעלן נאָר איין אַרמיי פאַר די אָפּעראַציעס אין מיטערעוור־אייראָפּע. אַלע ענגלישע יאַבאָשע־קויכעס האָבן געציילט נאָר 650 טויזנט מאַן ניט אַריינרעכענענדיק אין דעם, פאַרשטייט זיך, דאָס מיליטער פון די בריטישע קאָלאָניעס און דאָמיניעס. דעם קערן פון דער נייער אַרמיי האָבן געבילדעט יענע טיילן, וועלכע האָבן זיך געשלאָגן מיט די דייטשן אין אַפריקע און אין איטאַליע. לויט דער רעקאָמענדאַציע פון מאָנטגאָמערי איז באַשטימט געוואָרן אַלס קאָמאַנדאַנט, דער געוועזענער שעף פון זיין שטאַב דער גענעראַל דעמפּסי

דאָס קאַנאַדער מיליטער וואָס האָט ביז דאַן געקעמפט אין די בריטישע טיילן, האָט געבילדעט אַ קאַנאַדער אַרמיי אונטער דער אָנפירונג פון גענעראַל קרעראַר.

די אָפּגעקליבענע דורך דעם שיף שטורעם־דיוויזיעס (דריי אַמעריקאַנער, צוויי ענגלישע און איין קאַנאַדער) האָבן אויסגעקליבן פאַר זיך צוגעפּאַסטע טיילן פון דעם ענגלישן ברעג פאַר איבונגען און האָבן געמאַכט אָן אויפהער פּראָבן צו שטורעמען פון יאַם באַטאַג, באַנאַכט און אין ביין־האַשמאָשעס, זוכנדיק אַ פּאַסנדיקן מאָמענט אין מעסלעס פאַר דער אינוואַזיע. זיי פלעגן שפּרינגען איבער וועלף־גריבער און קאַנאַוועס, דורך דראָטן, געשטורעמט פעסטונגען, געקלעטערט אַף ווענט. זיי האָבן געוואָלט זיין צוגעגרייט צו אַטאַקירן אַלערליי פאַרפעסטיקטע ערטער, וועלכע מען קען אָנטרעפן אַף די פיינטלעכע ברעגעס. מיט אַן איראָנישער באַדויערונג פלעגן זיך באַקלאָגן די אָפיצירן פון די שטורעם־דיוויזיעס, אַז ניט דאָס אַרויסזעצן זיך אין אַפריקע, ניט דער קריגס־צוג אין איטאַליע האָט באַרייכערט זייער קריגס־פּראַקטיק. ווי אין ערשטן אַזוי אויך אין צווייטן פאַל האָבן די אַליאירטע פּאָשעט געלאַנדעט אַפן ברעג, אָבער ניט געמאַכט קיין אינוואַזיע. אין פראַנקרייך האָבן זיי ניט גערעכנט אַף אַזאַ לייכטן ניצאָכן און דערפאַר זיינען זיי אַליין געפאַלן פון די פּיס פון מידקייט און אויך געמאַטערט די סאָלדאַטן מיט אומענדלעכע איבונגען.

אין דער צייט פון אָט די איבונגען האָט זיך איינגעגעבן די ענגלישע אינזשעניערן צו דערפינדן זייער אַ פּאָשעטע און ביליקע איינריכטונג, וועלכע פלעגט געבן אַ מעגלעכקייט צו שווימען די געוויינלעכע טאַנקען. זיי האָבן צוגעשטעלט צו די טאַנקען גרויסע ברעזענטענע בוידן, דורך וועלכע עס איז ניט דורכגעדרונגען דאָס וואַסער. אָט די בוידן, אָפן פון אויבן, האָבן געבילדעט דעם נאָז, די זייטן און הינטערטייל פונעם „שיף", און פאַר דער באַזע האָט געדינט דער טאַנק אַליין. די ווענטלעך פונעם „שיף" האָבן זיך אַרויפגעהויבן און אַראָפּגעלאָזט ווי דער אויבן פון אַ פּאַטאָן. (שפּעטער זיינען אָט די „שווימענדיקע טאַנקען" באַוווסט

געוואָרן אונטערן נאָמען „טאַנקען פון דעם יאָם האדין" — דער טאָג פון אינוואַזיע). גלייכצייטיק האָט דער שייף געמאַכט פאַרשטאַרקטע איבונ־גען פון דריי פאַראַשוטיסטן־דיוויזיעס. פאַקטיש זיינען די דיוויזיעס ניט געווען שטרענג פאַראַשוטיסטישע, ווייל די הויפּט־מאַסע פון די קעמפער פלעגט מען צושטעלן צום לאַדונגס־פּלאַץ אין „פּלאַנירער". אָט די פּלאַ־נירער זיינען געבויט געוואָרן זייער טשיקאַווע: זיי פלעגן זיך צעפאַלן אויף שטיקער באַם צוזאַמענשטויסן זיך מיט דער ערד אָדער לויט דעם ווילן פון פּילאָט. די פאַראַשוטיסטן פלעגן זיך געפינען אָדער אויף דער ערד, אָדער אין דער לופטן און זיינען פאַרזיכערט געווען פון דער גע־פערלעכער נויטווענדיקייט זיך צו דרענגען צו דער טיר פון פּלאַנירער אין פאַל פון אַ סריייפע אָדער ניט קיין געלונגענעם אַראָפּלאָזן זיך אויף דער ערד. די איבונגען פון די שטורעם־ און פאַראַשוטיסטן־דיוויזיעס פלעגן פאָרקומען אָפענערהייט. עס איז געווען פיזיש אומעגלעך אויס־באַהאַלטן פון דער באַפעלקערונג און דעריבער אויך פון די דייטשן די פאַרמירונג און צוגרייטונג פון מיליטער. (פראַנקאָס „דיפּלאָמאַטן" האָבן זיך פריי באַוועגט איבערן לאַנד, און אין שכיינעסדיקן דובלין איז גע־זעסן אַ דייטשישע געזאַנדשאַפט). די אויבערקאָמאַנדע האָט גאָרניט גע־פרוווט מאַכן בעסאָד פון זייטיקע באַאָבאַכטער אירע צוגרייטונגען. דער שייף האָט געוואָלט אויסבאַהאַלטן פון די דייטשן איין זאַך: „ווען און ווו". דאָס האָט זיך אינגאַנצן איינגעגעבן, האַגאַם, ווי אייזענהאַוער האָט זיך אַליין מוידע געווען, האָבן דעם סאָד געוווּסט 22 טויזנט מאַן. נאָך דעם ווען ס'איז אַנטדעקט געוואָרן די פאַרבינדונג פון דעם שעף פון דער דייטשישער מיליטערישער אויסשפּירונג, אַדמיראַל קאַנאַרים, מיט די אַמעריקאַנער און נאָך דער פאַרניכטונג פון זיין גרופּע אינעם שטאַב פון די דייטשישע באַוואָפנטע קויכעס, האָבן די פאַרבינדעטע גלייך ליק־ווידירט די נעץ פון דער דייטשישער אויסשפּירונג אין ענגלאַנד. די דייי־טשישע אָנפירערשאַפט איז געבליבן אָן אויגן און אָן אויערן פונקט אין דער צייט פון דער אַקטיוווסטער צוגרייטונג פונעם צווייטן פראָנט. גלייכ־צייטיק האָט דער איבעריים פון אַלע געוויינלעכע ווענן פון דער דיפּלאָ־מאַטישער פאַרבינדונג פון די נייטראַלע געזאַנדשאַפטן און לעגאַציעס אין לאָנדאָן מיט זייערע לענדער, שווער געמאַכט פאַר דייטשלאַנד באַ־קומען ידיעס פון ענגלאַנד דורך דער נייטראַלער פראַנקיסטישער שפּאַניע.

די אויסשפּיר־דינסט פון די אַליאירטע האָט געפּרוווט אָפּנאַרן די דייטשן, מאַכנדיק אַן איינדרוק, אַז די אינוואַזיע אין פראַנקרייך וועט פאַרווירקלעכט ווערן דורך דעם דורכפלוס פּאַ־דע־קאַלע, צווישן בּוּנקערק און דיעפּפּ. דאָס קאַנאַדער מיליטער, וועלכע האָבן דורכגעפירט אַן אי־בערפאַל אויף דיעפּפּ זומער אין יאָר 1942, און געפירט אַ לענגערע צייט אויסשפּיר־אָפּעראַציעס באַם בּרעג פון יענער געגנט, האָט זיך קאָנצענט־רירט אין גראַפטום קענט, וואָס ליגט אויף דער לענג פון דעם דורכפלוס.

די קאַנאַדער פלעגן צו ביסלעך זיך דערנענטערן צום ברעג, זייערע באַוועגונגען פלעגן דורכגעפירט ווערן נאָר באַנאַכט, נאָר די „צעשטרייטע" סאַפּיאָרן פלעגן „פאַרגעסן" אויף די אַנזעעוודיקסטע פלעצער וועג־צייכנס מיט קאַנאַדער סימאָנים, וועלכע פלעגן ווייזן די ריכטונג אויף דאָרעם. אין די פאָרט־שטעט דאָוור, פאָלקסטאָן, דיל א. אַ. פלעגט מען אין געהיים און אין איילעניש בויען האַפנס אויף צו לאַנדן מיליטער און דאָס שווערע געווער. דער בוי אָבער פון די האַפנס האָט זיך ניט צו גוט געמאַסקירט, אַזוי אַז דער אויסבאַהאַלטענער אויף די פעלדזן פונעם פראַנצויזישן ברעג זוינע, האָט ניט געקענט דאָס ניט באַמערקן.

די דייטשן האָבן זיך געלאָזט כאַפּן אויף דער ווענדקע. ווי עס האָט זיך שפּעטער מוידע געווען דער היטלעריסטישער הויפּט־קאָמענדאַנט אויפן מיירעוו רונדשטעט, האָט די דייטשישע הויפּט־קאָמאַנדע דערוואַרט, אַז דער הויפּט־קלאַפּ פון די אַליאירטע וועט געגעבן ווערן אויפן ברעג פון פאַ־דע־קאַלע. ווען אָבער די אַליאירטע האָבן זיך אַרויסגעזעצט אין נאָרמאַנדיע, האָבן די דייטשן גערעכנט, אַז דאָס איז אַ צווייטראַנגיקער אָנגריף. זיי האָבן דערוואַרט די אַליאירטע אין פאַ־דע־קאַלע אַזוי לאַנג ביז דאָס ענגליש־קאַנאַדער מיליטער האָט דורכגעקרייצט די סענאַ און האָט זיך אַ לאָז געטאָן צו דעם ברעג פון דאָרעם. דיעפּ איז פאַרנומען געוואָרן דעם 31־טן אויגוסט 1944, האַוור דעם 19־טן סעפּטעמבער. דער דייטשישער גאַרניזאָן פון קאַלע האָט זיך אָן ווידערשטאַנד אונטערגעגעבן. נאָר איין דונקערק איז פאַרבליבן אין דייטשישע הענט ביז דעם פולשטענדיקן קראַך פון דייטשלאַנד.

אין דער זעלבער צייט האָבן די אַליאירטע זיך באַמיט פעסט צו פאַרשפּאַרן דעם הימל איבער דער ריכטיקער געגנט וווּ עס איז קאָנצענטרירט געוואָרן דאָס קריגס־מאַטעריאַל און דאָס מיליטער פאַר דער אינוואַזיע. גאַנץ דאָרעם ענגלאַנד איז צעטיילט געווען אויף דריי פּאַסן: דער בלויער פּאַס: דער דאָרעמדיקסטער און וויכטיקסטער — דאָרט האָבן זיך געפונען די שטורעם־דיוויזיעס און זייער באַוואָפענונג. נאָך אים איז געגאַנגען דער גרינער פּאַס: וועלכער האָט געבילדעט דעם דירעקטן הינטערגרונט, און צום סוף, דער געלער פּאַס. קימאַט אַלע מיטלען פון לופט־שוץ זיינען געווען קאָנצענטרירט אין דעם בלויען פּאַס. אַהין זיינען געשיקט געוואָרן אַפילע די פייערלעשער פון לאָנדאָן. די דייטשן, אַנטדעקנדיק עס צופעליק, האָבן באַנייט זייערע לופט־אָנגריפן אויף לאָנדאָן. עטלעכע טעג נאָכאַנאַנד איז די שטאָט געווען באַלויכטן מיט אָפּשיינען פון סרייפעס. נאָר די לופט־פּיראַטן האָט מען געהאַמעוועט און לאָנדאָן האָט ווידער צוריק באַקומען איר רעלאַטיווע רו, וועלכע זי האָט געגאָסן פון אָנהויב מאַי פון יאָר 1941.

די לופט־דעקונג פון דער קאָנצענטראַציע־זאָנע פלעגט אַלץ מער פאַרשטאַרקט ווערן, אין דער מאָס ווי ס'האָט זיך דערנענטערט די שאָ פון

דער אינוואַזיע. די קאָמאַנדע פון די אַליאירטע פלעגט ניט דערלאָזן די דייטשן אַריינקוקן הינטער דעם פאָרהאַנג.

נאָך צאָלרייכע אַמפיבישע איבונגען, דורכגעפירט אין שאָטלאַנד, צאָפן־ענגלאַנד און אועלס, איז דעם 4־טן מאַי פאָרגעקומען אַ גענעראַל־פּראָבע פון דער אינוואַזיע. דאָס מיליטער איז געוואָרן אַרויפגעזעצט אַף שיפן שוין דעם 2־טן מאַי און דאָרט זיינען זיי פאַרבליבן אנדערטהאַלבן מעסלעס. די אָנפירונג האָט קאָנטראָלירט די פאָלגן פון אַ מעגלעכער (אין דער אַקציע) לענגערער פאַרהאַלטן זיך פון מיליטער אַף די שיפן. שפּעט באַנאַכט זיינען די דעסאַנט־טראַנספּאָרטן אַרויס אין יאַם ווו זיי האָבן אָנגעטראָפן זייער קאָנוואָי, וועלכער, דעם עמעס זאַגנדיק, האָט ניט באַוויזן צו פאַרהיטן דעם פון אים באַשיצטן פלאָט, פון דעם איבער־פאַל פון דייטשישע טאָרפּעדאָ־שיפן. מיט אַ קורצן איבערפאַל האָט דער סוינע דערטרונקען עטלעכע טראַנספּאָרטן. באַגינען דעם 4־טן מאַי האָט זיך דאָס מיליטער ווידער אַרויסגעזעצט אַפן ענגלישן ברעג. עס איז גע־ווען אַ סאַך פלאָנטערנישן, אַרויסגעוויזן זיך פיל אומאָרדענונגען, שלעכ־טע צוזאַמענאַרבעט. סאָלדאַטן און אָפיצירן האָבן באַשולדיקט די גענע־ראַלן אין אומפעיקייט צו אָרגאַניזירן די אינוואַזיע און אָנפירן מיט איר. די גענעראַלן אָבער האָבן פון זייער זייט פאַרזיכערט, אַז דאָס מיליטער האָט זיך גאָרניט אויסגעלערנט, און אַז וואָס מער זיי איבן זיך, אַלץ ער־גער גייט עס בא זיי.

איבערלערנען אַפּסניי איז שוין קיין צייט ניט געווען: די באַ־שטימטע דאַטע פון דער אינוואַזיע איז שוין אַזוי אויך איבערגערוקט גע־וואָרן אַף אַ מאָנאַט שפּעטער, פון די ערשטע טעג פון מאַי אַפן אָנהויב יוני.

די אָנפירערשאַפט פון די אַליאירטע האָט שוין מער ניט געקענט אָפּציען. עס האָבן איר באַאומרואיקט די נאַכריכטן געבראַכטע דורך דעם אויסשפּיר־דינסט. אַפן פראַנצויזישן ברעג איז געגרייט געוואָרן דאָס באַ־שיסן לאָנדאָן מיט באָמבעס־אַוויאָנען (פליענדיקע באָמבעס, ווי די ענג־לענדער האָבן דאָס גערופן). דער שייף האָט מוירע געהאַט אַז דאָס באַ־שיסן וועט שטערן דעם אַרויסזעצן זיך אין פראַנקרייך. נאָך די פליענ־דיקע באָמבעס האָט די אויסשפּיר־דינסט פאַרויסגעזאָגט ראַקעט־באָמבעס און נאָך זיי האָט זיך געכאַלעמט די אַטאָם־באָמבע, וועלכע איז פיבערדיק געזוכט געוואָרן דורך אַלע געלערנטע פון אייראָפּע, וועלכע זיינען מאָ־ביליזירט געוואָרן פאַר דעם צוועק דורך די דייטשן. די אַליאירטע אוויאַ־ציע האָט אָן אויפהער באָמבאַרדירט די נעסטן פון אוויאָן־באָמבעס, קעדיי צו פאַרהאַלטן די דייטשן. אָבער די ערנסטע געפאַר האָט געקענט פאַר־מיטן ווערן נאָר דורך דעם עפענען פונעם צווייטן פראָנט.

דער פּלאַן פון דער אינוואַזיע איז שוין פון לאַנג אָן אויסגעאַרבעט געווען דורך דער פּלאַן־גרופּע פון ענגלישן קריגס־מיניסטעריום. דעם אַמע־

ריקאָנער וואַריאַנט האָבן פאַרפּינקטלעכט די ספּעציאַליסטן פון דעם קריגס־דעפּאַרטאַמענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן וועלכע האָבן געאַרבעט פריער אין וואַשינגטאָן און דערנאָך אין לאָנדאָן. דער פּלאַן איז באַהאַנדלט געוואָרן פיל מאָל. עס זיינען דורכגעפירט געוואָרן 147 באַראַטונגען בלויז וועגן אויספּלאַנעווען די אינוואַזיע.

אין מאַנאַט מאַי איז דורכגעפירט געוואָרן בא אייזענהאַוערן די לעצטע באַראַטונג געווידמעט דעם אָנהויב פון דער אינוואַזיע. אייזענהאַוער האָט באַקענט אַלע פאַרזאַמלטע מיט די מעטעאָראָלאָגישע פּראָגנאָזן און מיט די יעדיעס פון אויסשפּיר־דינסט, און נאָכער פאָרגעשלאָגן יעדן איינעם אַרויסזאָגן זיין מיינונג. אויסגעהערט אַלע באַטייליקטע אין דער באַראַטונג, האָט דער גענעראַל געבעטן אַלעמען אַוועקגיין: ער האָט געוואָלט אָנעמען דעם באַשלוס זעלבסטשטענדיק. די אינוואַזיע אָפן אייראָפּעישן קאָנטינענט איז באַשטימט געוואָרן אָפן 5־טן יוני 1944.

3.

דער „פּרעס־קעמפּ" *) פון דער 21־טער אַרמיי־גרופּע, וואָס האָט געדאַרפט געבן דעם ערשטן קלאַפּ, האָט זיך דאַן געפונען אין דאָרעם־ענגלאַנד, ניט ווייט פון אַ שטיל אַלט שטעטעלע ווינטשעסטער. אַלע קאָרעספּאָנדענטן האָט מען איינגעאָרדנט אין אַן אַלטן הויז מיט זיילן, וואָס האָט געהערט צו אַ גוטבאַזיצער. דאָס הויז איז געשטאַנען אָף אַ הויך בערגל, אַרומגערינגלט פון אַ גרויסן אַלטן פּאַרק. דער שטאַב פון דער אַרמיי האָט געזאָרגט פאַר אונדזער טראַנספּאָרט באַשפּייזונג און... אַפילע פאַר ווייַנען און וויסקי. אָט די זאָרגעוודיקייט פון די שטאַבן פאַר די קריגס־קאָרעספּאָנדענטן האָט אונדז באַגלייט פון לאָנדאָן ביז צום טייך עלבאַ. מען פלעגט אונדז פאַרזאָרגן מיט די בעסטע דירעס. די מיליטערישע מאַכט פלעגט צושטעלן פאַר די זשורנאַליסטן שפּייז, און זייערע אויטאָמאָבילן באַזאָרגן מיט ברענשטאָף אַפילע דאַן, ווען מיליטערישע אָפּטיילונגען פלעגן פילן אַ דויכעק אין דעם. די הויפּט־קאָמאַנדע האָט זיך באַמיט שוין פון אָנהויב אָן כאַנפענען די פּרעסע־לייט, ווייל זיי האָבן געמאַכט רעקלאַמע די גענעראַלן, און רעקלאַמע הייסט רום, און רום הייסט אַ גלענצנדיקע קאַריערע מיט אַלע וואוילטאָגן וואָס באַגלייטן זי.

דער אָנפירער פון דער גרופּע מאַנטגאָמערי האָט פאַרשטאַנען די וויכטיקייט פון גוטע באַציִונגען מיט דער פּרעסע. געווינענדיק אָף זיין זייט די זשורנאַליסטן האָט מאַנטגאָמערי, ווייזט אויס, גערעכנט דירי זשירן מיט איר מעכטיקן כאָר דורך זיין אָנפירער פון „דינסט פאַר געזעלשאַפט-

*) „פּרעסע־לאַגער": ד.ה. אַ קאָרעספּאָנדענטן גרופּע מיט דעם באַדינונגס־ פּערזאָנאַל און פאַרבינדונגס־אָפּיצירן.

לעכער פאַרבינדונג״, בריגאַדיר נעוויל. דאָס איז געווען אַן עלטערער, פּליכטוואַטער מאַן, זייער אַ פּוילער און עפּעס אַזוי ווי צעקראָכענער. דאָס האָט זיך געפילט אין זיין צעשוווּמענער פיגור, אין קיילעכדיקן פּנים אַן אויסדרוק, אין די גראָבע אָן ווילן צעפלאָסענע ליפּן און אַפילו אין זיינע באַוועגונגען, לאַנגזאַמע און ניט זיכערע. אָפן פּראָנט זיינען געווען פאַרטראָטן, כוץ די צייטונגען און אַגענטורן פון ענגלאַנד און ענגלישע דאָמיניעס, אויך די פּרעסע פון ראַטנפאַרבאַנד, אַמעריקע, פראַנקרייך, טשעכאָסלאָוואַקיע, פּוילן בראַזיל. דער אַמט פון דיריגענט פון אָט־דעם פּיל־נאַציאָנאַלן כאָר איז צייטנווייז געווען ניט לויט זיינע קויכעס.

נאָכן דורכפאַל פון דעם ענגלישן אָנגריף אויף קאַן האָט דער בריגאַדיר פאַרטראַכט אַ ביסל צו לינדערן דעם קריטישן פּרעסטל, וואָס האָט אָנגעהויבן בלאָזן פון די זייטן פון דער וועלט־פּרעסע. אין זיין פּרווו אָפּצוּווענדן די קריטיק פון מאָנטגאָמערי, האָט נעוויל באַשולדיקט די קאָרעספּאָנדענטן אין דעם, אַז זיי ווילן מיקלוימערשט באַשמוצן דעם ענגלישן „טאָממי״ אין די אויגן פון דער גאַנצער וועלט, צושרייבנדיק אים גאָר אומזיסט אָדער אומפעיקייט, אָדער אַ ניט ווילן צו קעמפן מיט די דייטשן.

די זשורנאַליסטן האָבן געפּאָדערט אָנצורופן די צייטונג אָדער דעם קאָרעספּאָנדענט וועלכער שמוצט דעם ענגלישן סאָלדאַט. צוגעשפּאַרט צו דער וואַנט האָט דער בריגאַדיר אָנגעהויבן בעטן, אַז מען האָט אים שלעכט פאַרשטאַנען. דער נייזעלענדער אַלאַן מורכעד, האָט גלייך אויפן אָרט פאַרגעלייענט די סטענאָגראַפישע קאָפּיע פון נעווילס בייזוויליקער רעדע. דאַן האָט דער בריגאַדיר אָנגעהויבן פאַרזיכערן, אַז ער אַליין האָט ניט גוט פאַרשטאַנען מאָנטגאָמערין. אויסהערנדיק דעם פאָרוואורף האָבן די קאָרעספּאָנדענטן אויפגעהויבן אַ טומל. דער אויסטראַליאַנער מאַנסאָן האָט פאָרגעשלאָגן דעם בריגאַדיר שוין די מינוט גיין צום קאָמענדאַנט פון דער גרופּע און דערווּיסן זיך פון אים וואָס פאַרלאַנגט ער פון די קאָרעספּאָנדענטן. די באַשולדיקונג אין וועלן באַשמוצן דעם ענגלישן זעלנער איז קאַטעגאָריש אָפּגעוואָרפן געוואָרן.

— קען מעגלעך זיין, אַז טאָממי איז טאַקע אין דער ווירקלעכקייט ניט פעיק אָדער וויל ניט קעמפן, — האָט געליאַרעמט מאַנסאָן, — אָבער איך האָב דאָס, דער טייוול זאָל עס נעמען, קיינמאָל ניט געשריבן.

די קאָרעספּאָנדענטן האָבן צוגעשטעלט נעווילן אַן אולטימאַטום אײַבערצוגעבן דעם גענעראַל מאָנטגאָמערי: אָראָפּנעמען די אומגערעכטע באַשולדיקונג, אָדער זיי פאַרלאָזן דעם פראָנט. די באַשולדיקונג איז שנעל אַראָפּגענומען געוואָרן, דער קאָמענדאַנט האָט איינגעלאַדן צו זיך די זשורנאַליסטן, קעדיי קלאָר צו מאַכן די „מיספאַרשטענדעניש״. דער ערשטער געהילף פון נעווילן האָט געהייסן פאָלקאָוניק טאַפּט. די ענגלישע קאָרעספּאָנדענטן האָבן פאַרזיכערט אַז דעם פּאָסטן פון שעף פון „דינסט

פון געזעלשאפטלעכער פארבינדונג" אין דער צווייטער בריטישער ארמיי האט ער באקומען א דאנק דער פראטעקציע פון זיינע רעאקציאנערע גוטע־ברידער אין קריגס־מיניסטעריום. אלע לינקע צייטונגען פון ענגלאנד האבן פארדאמט די באשטימונג פון טאפט אף דעם פראפאגאנדע־פאסטן. אבער דער קריגס־מיניסטעריום האט א לאנגע צייט הארטנעקיק געשפארט זיך ניט וועלנדיק אפגעבן די אזוי וויכטיקע פאזיציע.

דער בריגאדיר נעוויל און פאלקאווניק טאפט האבן געהערט צו יענער גאנץ צאלרייכער בריגאדירן־פאלקאווניק גרופע פון ענגלישן קריגס־מיניסטעריום, וועלכע האט אין דער ענגלישער ארמיי געשפילט מער א פאליטישע ראל, איידער א פראפעסיאנעל־מיליטערישע. אט די גרופע האט זיך געשאפן אין מיטן קריג א דאנק אייניקע ענדערונגען אין דעם צוזאמענשטעל פון אפיצירן־באשטאנד אין דער ארמיי.

ביז גאר ניט לאנג פלעגט אין ענגלאנד דאס העכערן אין דער יערארכיע צוגיין קימאט אויטאמאטיש, אין דעם סיידער פון אויסגעדינטע יארן. אונטערן דרוק פון דער געזעלשאפטלעכער מיינונג און דעם יונגן אפיצירנטום, האט די רעגירונג איינגעפירט א מין סארט „עלטער־באגרעצונג". אזוי, צום ביישפיל, האט א מאיאר אדער פאדפאלקאווניק געקענט באקומען אונטער זייער אנפירונג א באטאליאן, אויב זיי זיינען ניט געוועזן עלטער פון 40 יאר. די פאלקאווניקעס און בריגאדע־גענעראלן (בריגאדירן) פלעגן אויך פראפארציאנעל באגרענעצט ווערן. אין סאכאקל פון דעם זיינען געבליבן אויסער דער אקטיווער דינסט צענדליקער בריגאדירן, הונדערטער פאלקאווניקעס, פאדפאלקאווניקעס און מאיארן. זיי זיינען איינגעשלונגען געווארן אין די צאלרייכע אפטיילונגען פון פילקעפיקן קריגס־מיניסטעריום.

ניט האבנדיק קיין מעגלעכקייט זיך אויסצוצייכענען אין מיליטערישע העלדן־טאטן פלעגט דאס אלטווארג זיך באלוינען מיט אן אקטיוון אנטיילנעמען אין פארמירן די פאליטישע זייט פון דער מילכאמע. זיי האבן פארפלייצט די אפטיילונג פאר געזעלשאפטלעכער פארבינדונג, געבנדיק א ריכטונג דער אויסער־מיליטערישער פראפאגאנדע פון דער אקטיווער ארמיי. לויטן אנווייז פון דעם אינפארמאציע־מיניסטער ברעקען און דעם באוווסטן, מיט זיין אנטיסאוועטישער שטעלונג, קריגס־מיניסטער גריג, פלעגן זיי אויסארבעטן אנטיסאוועטישע פראפאגאנדע־קאמפיינען, וועלכע פלעגן שפעטער דורכגעפירט ווערן דורך די ארמיי־אפטיילונגען פון דינסט פאר געזעלשאפטלעכער פארבינדונג מיטן אנטייל פון צאלרייכע קארעספאנדענטן.

אט דאס אלטווארג האט אויך געבילדעט דעם קערן פון דער „ארמיי־ביורא פון אקטועלער פאליטיק", וועלכע איז פאראנטווארטלעך געוועזן פאר דער פראפאגאנדע אין דער ארמיי. זיי פלעגן פארפאסן און פארשפרייטן אין דער ארמיי א צוויי־וואכן ביולעטין, וואס האט געהייסן

„אבקא" (די ראָשע־טייוועס פון דעם ענגלישן נאָמען פון ביוראָ). אַ ספּע־ציעל באַשטימטער אָפיציר פלעגט פאַרפליכטעט זיין צו לייענען פאַר די סאָלדאַטן און אונטעראָפיצירן אָט די אויסגאַבע פון דער בריגאַדיר־פּאָל־קאָווניק־גרופּע, אין וועלכער עס פלעגט געמאָסטן ווערן מיט זייערער אַ באַזונדערער מאָס אַלע אינערלעכע און אינטערנאַציאָנאַלע געשעענישן; פלעגט באַלויכטן די מיליטערישע לאַגע אין אייראָפּע און אַפילו נעוויעס זאָגן וועגן דער צוקונפט.

אָט דעם אַלטוואַרג איז געוואָרן אָנפאַרטרויט דאָס אָרגאַניזירן די אַליאירטע אָנפירונג אין די פאַרנומענע פיינטלעכע טעריטאָריעס. זיי פלעגן מאַכן דעם אויסוואַל, איינאַיבן און איינשטודירן מיט די אָפיצירן וועלכע זיינען געשיקט געוואָרן אין די „אַליאירטע מיליטערישע אָקופּאַציע־רעגירונגען", אין איטאַליע און דייטשלאַנד. זייערע באַמיונגען אויף דעם געביט זיינען געווען אויף אַזוי פיל איינזייטיק, אַז אַפילו די מעסיקע ענג־לישע ציטונגען האָבן אָנגעהויבן באַשולדיקן אָט די „זקיינימלעך" אין אַ רעאַקציאָנערן אָפּנויג, וועלכער האָט אַבסאָלוט ניט געשטימט מיט די עפאָכע־שטימונגען. אַזוי צום ביישפּיל, איז אָנגעוויזן געוואָרן, אַז די רעאַקציאָנערע אָפיצירן פון „אמגאט" (אַליאירטע מיליטערישע אָקופּאַציע־רעגירונג אין איטאַליע) האָבן מיט מער ביישעק געדונגען צו זייער דינסט די פּראָמינענטע פאַשיסטן פון דער איטאַליענישער אַריסטאָקראַטיע, אויס־מיידנדיק און אַפילו פאַרפאָלגנדיק באַוווּסטע אַנטיפאַשיסטן. זיי האָבן געבילדעט זעקס־מאָנאַטנדיקע קורסן פאַר אָפיצירן אין דער אָקופּאַציע־מאַכט אין דייטשלאַנד. איינער פון די צוהערער פון אָט־די קורסן איז זיך פאַר מיר מוידע געווען פרילינג 1945, אין האַמבורג, אַז מען האָט זיי אויף אַלערליי אויפאַנים געהאַקט אין קאָפּ אַריין נאָר איין זאַך: „דער־לאָזט ניט קיין רעוואָלוציע אין דייטשלאַנד".

זיי האָבן אויך זייער פלייסיק צוגעלייגט אַ האַנט צו דער „פּסיכאָ־לאָגישער מילכאָמע", דאָס הייסט צו דער פּראָפּאַגאַנדע צווישן דער באַ־פעלקערונג פון די פאַרנומענע און פיינטלעכע לענדער.

.4

נאָך מיין פאָרשטעלן זיך פאַר מיין נייער אָנפירונג — דעם בריגאַ־דיר נעוויל און פּאָלקאָווניק טאַפּט, באַקענענדיק זיך מיטן „פּרעס־קעמפּ" און דורכפירנדיק אַלע נויטיקע פאָרמאַליטעטן, האָב איך געפרוווט מאַכן אַ רייזע איבער דאָרעם־ענגלאַנד. דאָס האָט זיך מיר ניט איינגעגעבן. אויף די קרייצונגען פון וועגן, בא די בריקן, בא די אריינפאָרן אין די שטעט, האָבן זיך באַוויזן פּאָליציי־פּאָסטנס, די גאַנצע געגנט פון די מושטיר־זאָנעס, ווו עס איז קאָנצענטרירט געווען דאָס מיליטער פאַר דער אינוואַ־

זיע, איז געווען געשלאָסן. דאָס מיליטער האָט באַקומען אַ באַפעל אין וועלכן עס האָט זיך ענדלעך געזאָגט, ווו און ווען עס וועט געגעבן ווערן דער קלאַפּ.

צו יענער צייט האָבן מיר געהאַט זייער אַ טונקעלע פאָרשטעלונג וועגן אָט דעם באַפעל : די קאָרעספּאָנדענטן, אַלס טייל פון דער אינוואַזיע־אַרמיי, זיינען געווען אָפּגעשניטן פון דער גאַנצער וועלט. באַטאָג פלעגן מיר אַרומשפּאַצירן איבערן פּאַרק און ווידער באַקוקן די הייל מיט די פיר שורעס פונעם אַלטן ענגלישן פּאָעט וואָדסוואָרט. לאַנג באַוווּנדערט דעם גערוימען טאָל, וואָס האָט זיך געעפנט פאַר אונדז פון דעם באַרג. אין די לאַנגע אָוונטן, אָנגעפילטע מיט שטילקייט, רייכעס פון היי און שטערן־גלאַנץ, פלעגן מיר שטיין אויף דער לאָנקע פאַרן פאַרטונקלטן הויז און פירן געשפּרעכן. די קאָרעספּאָנדענטן זיינען געווען אויסערגעוויינלעכע אָפּטימיסטן. דעם סאָף פון דער מילכאָמע פלעגן זיי מעסטן אויף וואָכן, אין ערגסטן פאַל מאָנאַטן. זיי האָבן געוווּסט, אַז די שטערבלעך־פאַרוווּנדעטע, אָפּן מיזרעך, פאַשיסטישע כאַיע איז געקראָכן אין איר נאָרע. ביל אואַיט, דער קאָרעספּאָנדענט פון אַמעריקאַנער זשורנאַל „לייף", אַ הויכער, דאַרער מאַן מיט האָר, קאָליר פון שטרוי, האָט פאַרזיכערט, אַז צו סעפּטעמבער וועט די מילכאָמע פאַרענדיקט ווערן; מאַנסאָן, גלעטנדיק, ווי זיין געוואוינהייט איז געווען, זיין רעכטע באַק, פלעגט פאָרויסזאָגן:

— מיט דייטשלאַנד וועט גיך פאַרענדיקט ווערן. אָט די דזשעררי (אַ ביטל צונעמעניש פאַר די דייטשן) זיינען שוין אין פּעטליע, מען דאַרף נאָר וואָס שנעלער העלפן די רוסן זי צו פאַרציען.

אַפילע די גרעסטע פּעסימיסטן האָבן אָפּגערוקט דעם קומענדיקן זיג ביז ווינטער. נאָר אויך אַפילע זיי האָבן ניט געצווייפלט, אַז די מילכאָמע וועט זיך פאַרענדיקן ביז ווייַנאַכט און אַז דעם נייעם 1945־טן יאָר וועלן מיר באַגעגענען אין אַ פרידלעכער סיטואַציע.

מיך האָט שטאַרק געוווּנדערט די לייכטע, ניט קריטישע באַציִונג פון מיינע אויסלענדישע קאָלעגן צו אַלע פּראָבלעמען — מיליטערישע, פּאָליטישע, פילאָזאָפישע און אַפילע שטייגער־פּראָבלעמען. זיי פלעגן קיינמאָל ניט פּרוּוון אַ בליק טאָן הינטער די קוליסן פון מיליטערישן אָדער פּאָליטישן „שאָו" (אַ פאָרשטעלונג — אַ באַליבט ענגליש ווערטל, וועלכעס באַדייט אַן אינטערעסאַנטע, סענסאַציאָנעלע געשעעניש). און נאָך פאַרשיידענע „שאָו" פלעגן זיי פלייסיק זיך נאָכיאָגן, קעמפנדיק פאַרביסן איינער מיטן אַנדערן, ניט מיעסנדיק זיך מיט וועלכע עס זאָל ניט זיין מיטלען. די אַמעריקאַנער פלעגן זייער פלייסיק זאַמלען געשעענישן, זיי גענוי באַשרייבן, נאָר דערביי זייער אויבערפלעכלעך, פלעגן מאַכן אויספירונגען, וועלכע האָבן ניט אויף אַזוי פיל געשטימט מיט דער ווירקלעכ־

קייט, וויפל מיט דער פּאָליטישער ליניע פונעם באַלעבאָס פון דער צײַ־טונג אָדער זשורנאַל.

די ענגלענדער פלעגן אויסזוכן אַ נויטיקע פאַר זיי געשעעניש, זי פאַרפּוצן מיט פאַרביקע דעטאַלן, זייער אָפט אויסגעטראַכטע, און דאָס צוטראָגן דעם לייענער אין אַ פאָרעם פון אַ צויבערלעכער, און ווי דער קלאַל, זייער גאַנגבאַרער דערציילונג. די אַמעריקאַנער זיינען געווען טרוי־מער: זיי פלעגן זיך פאַרלאָזן אַף זייער פאַנטאַזיע. און די פאַנטאַזיע פלעגט זיי אַרויסהעלפן דאָרט, ווו די איינגעשפּאַרטע פאַקטן פלעגן ניט וועלן אַריינפּאַסן זיך אין די ראַמען פון די טענדענציעזע אויפגאַבן פון דעם רעדאַקטאָר אָדער פאַרלעגער פון דער צייטונג.

די מערסטע טייל פון זשורנאַליסטן האָבן געהערט צו די אַזוי גערו־פענע פּאָליטישע כאַמאַלעאָנען. זיי פלעגן זיך פאַרבן אין יענעם קאָליר, וועלכער האָט אַמייסטן געפרייט דעם באַלעבאָס אויג. די ענגלישע בור־זשואַזע זשורנאַליסטן פלעגן פון שטענדיק אָן זיך אויסצייכענען מיט זייער פּאָליטישער פּרינציפּלאָזיקייט: זיי פלעגן טוישן אַ רעכטע צייטונג אַף אַ לינקער, אויב מען האָט נאָר זיי דאָרט מער צוגעזאָגט, נאָר פיל אָפטער פלעגט פּאַרקומען דאָס פאַרקערטע — ווייל די רעכטע צייטונגען זיינען אין אַלע לענדער די רייכערע. אָנהויבנדיק פון דעם קלענסטן פאַר־דינסט אין דער סאַמע לינקער צייטונג, פלעגן זיי ביסלעכווייז זיך רוקן פון לינקס אַף רעכטס, ביז זיי זיינען ניט געבליבן שטעקן אין „דיילי מייל" (אַ ניט לאַנג געשעענער ביישפּיל: פיליפּ דזשאָרדאַן). דאָס רוקן זיך פון רעכטס אַף לינקס, קומט באַ אַ בורזשואַזן זשורנאַליסט דורכן פאַר־לאַנג צו קריגן וועלכע ניט איז פּאָליטישע פּראָפיטן.

גאַנץ פאַרשטענדלעך איז די באַציונג פון די קאָרעספּאָנדענטן צום ראַטנפאַרבאַנד און, ביפּראַט, צו אונדז, סאָוועטישע אָפיצירן. זי איז גע־ווען אָפּהענגיק דורך דער באַציונג פון די באַלעבאַטים פון די צייטונגען, די רעאַקציאָנערע צייטונגען, וועלכע האָבן נאָר אַף אַ צייט אויסבאַ־האַלטן זייערע פאַרסאַמטע, אַנטיסאָוועטישע געפילן, האָבן געפּרוּווט פאַר־מינערן די דערפאָלגן פון דער סאָוועטישער אַרמיי און צעבלאָזן זייערע אייגענע. אָט אין די פאַלן פלעגט זיי אַרויסראַטעווען די נאָכגיביקע פאַנ־טאַזיע פון די קריגס־קאָרעספּאָנדענטן.

פאַר אַ קליינעם לוין, אָדער סכום פון באַלוינונג פאַר אַן אַרטיקל, האָבן זיי געקענט צעבלאָזן יעדע געשיכטע, וועלכע זיי האָט אונטערגע־זאָגט די דינסט פאַר געזעלשאַפטלעכער פאַרבינדונג.

ביווערברוקס פּרעסע, וועלכע איז אָפן פראָנט געווען פאַרטראָטן דורך אַ גרופּע פעיקע קאָרעספּאָנדענטן האָט אָנגעהאַלטן אַ מער רואיקן טאָן. ביווערברוק האָט ניט געוואָלט מיטזינגען מיט די „מינכענער" לאָרדן ראָטערמיר, קעמראָז, קעמזלי. די קאָרעספּאָנדענטן פון „טיימס", מערסטנ־טייל געוויסנהאַפטיקע, ערנסטע מענטשן, האָבן זיך באַמיט אָפּטיילן דאָס

גרינטלעכע פונעם אויבערפלעכלעכן, און שרייענדיק טענדענציעזן. זיי פלעגן קיינמאל ניט שטרעבן פארטומלען זייערע לייענער מיט סענסאַציאָנעלע יעדיעס, זיי פלעגן אים שטענדיק צוטראָגן מאַטעריאַלן אַף צו טראַכטן און מאַכן אַ געהעריקן אויספיר. עס פאַרשטייט זיך, אַז דער דאָזיקער מאַטעריאַל פלעגט געקליבן ווערן אונטער אַ געוויסן שטאַנדפונקט און צוגעטראָגן ווערן מיט אַ באַשטימטן ציל, נאָר דאָס אַלץ האָט מען אָפּגעטאָן זייער דין און קלוג. אַגעוו וויל איך באַמערקן, אַז אין קיין שום בורזשואַזן לאַנד ווערט ניט אַזויפיל קריטיקירט דורכן דורכשניטלעכן לייענער איר פרעסע פאַר „געלקייט", ליגנערישקייט און טענדענץ, ווי אין ענגלאַנד, אָבער צוגלייך ווערט אין קיין שום קאַפּיטאַליסטיש לאַנד ניט אויסגעדריקט אַזויפיל נאַיווער צוטרוי צו דער פרעסע. שפּייזנדיק זיך פון אינדערפרי ביז באַנאַכט מיט זיינע ציימונגען, הערט אויף דער ענגלענדער סאַף־קאָל־סאַף צו פאַרשטיין ווו איז דער עמעס און ווו דער ליגן און דעריבער נעמט ער אַלץ אויף מיט אַ געוויסער „האַנאַכע", נאָר אפילע מיט אָט דער האַנאָכע, בלייבן ניט די ציימונגען „מיט פאַרלוסט". זיי דערגרייכן זייער ציל.

אַליין פאַר זיך זיינען די אַלע קריגס־קאָרעספּאָנדענטן מיט וועלכע איך האָב זיך באַקענט אין „פּרעס־קעמפּ" געווען אָפּטמאָל גאַנץ אָריגינעלע מענטשן מיט אַ גרויסער נייגונג צו פּאָליטישער באַהעם.

דער קאָרעספּאָנדענט פון אויסטראַליאַנער ציימונג־טרוסט ראָנאַלד מאַנסאָן, וועלכער האָט אַמאָל אַזוי שטאַרק אָנגעשראָקן דעם בריגאַדיר נעוויל, האָט ליב געהאַט די קויסע. זייענדיק בעגעלופן פלעגט דער היבשער, פיזיש שטאַרקער מאַן, אַרומוואַנדערן איבערן קעמפּ זוכנדיק צוהערער. ער פלעגט פילן אַ נויטווענדיקייט זיך אויסצורייד: וועגן דעם גאַנג פון דער מילכאָמע, וועגן לעצטן מאַלצייט, וועגן דער קוואַליטעט פונעם קאָניאַק אָדער וויסקי, וועגן וועלט־פּאָליטיק, אָדער וועגן אַ לעצטן ביכל דערציילונגען. אָפּטמאָל פלעגט ער אַלץ און אַלעמען קריטיקירן. ער איז געווען אַ בונטאַוושטשיק, אָבער מיט אַ זייער גרויסער דאָזע פון פּראַקטישן אָפּאָרטוניזם.

— איך גלויב — פלעגט ער פייערלעך דערקלערן, — נאָר אין דעם וואָס איך וויים. איך שפּיי אַף דער צוקונפט, איך וויל לעבן אַליין און בויען מיין לעבן, ווי מיר געפעלט. איך גלעם אָן די זאַכן אַזוי ווי זיי זיינען. אויב זיי זיינען אינטערעסאַנט, שרייב איך וועגן זיי.

— אָבער ניט אַזויפיל...

— איך שפּיי אַף דעם. איך האָב אַן אייגן שטיבל אין סידניי, איך האָב אַ ווייב און צוויי יאַטן, איך האָב אָנגעשריבן עטלעכע ביכלעך. דאָס איז — אָן שום צווייפל מיינס, דאָס איבעריקע אינטערעסירט מיך ניט.

ער פלעגט ריידן נאָר וועגן דעם וואָס האָט אים דירעקט אָנגערירט אָדער אינטערעסירט, נאָר גערעדט האָט ער זייער היים און לעבהאַפט.

ער האָט געקענט אַריינברענגען ליידנשאַפט אין אַלע זיינע מַיסים, און דאָס האָט ניט געלאָזט צווייפלען אין זיין אויפריכטיקייט.

דער צווייטער אויסטראַליאַנער קאָרעספּאָנדענט — העגרי סטענ־דיש, האָט זיך זייער שאַרף אונטערגעשיידט פון אים אין דער הינזיכט. אַ צייט איז ער געווען אַ געהילף פונעם אויסטראַליאַנער אויסערן־מיניס־טער, געפאָרן מיט אים אין זשענעווע. דאָס האָט, ווייזט אויס, אים געגעבן די אַזוי זעלטן בײַ זשורנאַליסטן, פאַרשלאָסנקייט. ער האָט בעמעשעך פון אַ לאַנגער צייט געקענט שפּילן די ראָל פון אַ פריינט, און נאָכער פּלוצ־לינג געבן אַ ביס אָן שום וואָרענונג, ווילד און בייז, און זיך אָפּטראָגן.

דזשיימס מאַקדאָנאַלד, קאָרעספּאָנדענט פון דער „ניו־יאָרק טיימס", אײַנגאַנצן אַ גרויער, נאָר מיט אַ פּאָנים, אַזוי רויט, ווי אַ שפּאָגל נייער ציגל, זייער אַ רירעווודיקער און ניט נאָך די יאָרן אַ צוגעלאָזטער, איז קימאַט שטענדיק אַרומגעגאַנגען בעגעלופן. פאַר איבער אַ יאָר צייט וואָס מיר זיינען געווען באַקאַנט האָב איך אים קיין איינציקן מאָל ניט געזען אײַנגאַנצן אַ ניכטערן. אָבער וויסקי פלעגט אים ניט מיעסער מאַכן, פאַר־קערט, ער פלעגט ווערן ווייכער, צוגעלאָזטער און פריילעכער. זיין צוע־ווייטיקטע נעשאָמע פלעגט זיך ברייט עפענען פאַר פריינטשאַפט. מען האָט אים גערופן „דזשימי" און „מאַק", ער פלעגט זייער גערן זיך אָפּ־רופן אַף ביידע נעמען, קיין מאָל קיין אַכט ניט געלייגט אַף די יאָרן פאַרשיידנקייט, ווען זיין מיטשמועסער איז געווען גאָר אַ יונגער מענטש. ער פלעגט ברייט שמייכלען, קלאַפּן איבער דער פּלייצע. וועגן פּאָליטיק האָט מאַקדאָנאַלד גערעדט ווייניק, פון קונסט און ליטעראַטור געווען זייער ווייט, ער האָט ליב געהאַט וויצן און אַ שנאַפּס.

די קאָרעספּאָנדענטן פון „דיילי מאַיל" ראַנאַ טשערטשיל, וועלכע איז אָנגעקומען שפּעטער, איז געווען אַ שטילע און אַפילע באַשיידענע פרוי מיט אַן אַריינדרינגענדיקער שטימע און פאַרכאַלעמטע אויגן. זי פלעגט איבעראַשן אַלע קאָרעספּאָנדענטן און אָפּיצירן מיט איר אויסער־געוויינלעכער באַהאַוונטקייט אין אַלע „געהיימניספּולסטע" זאַכן, איבער־הויפּט פון אַנטיסאָוועטישן מין. איר האָט גאָר ניט געקאָסט קומען גאַנץ פרי צו פרישטיק און אַזוי זיך צווישן צוויי זופּן קאַווע אַרויסשליידערן: „און ווייסט איר, אַז נעכטן, שפּעט אין אָוונט איז פאָרגעקומען אַן אויי־סערסט געהיימע זיצונג אין דער סאָוועטישער הויפּט־קאָמאַנדע. דאָרט זיינען אַרויסגעטראָטן מיט רעדעס ... (עס האָט געפאָלגט אַ גאַנצע רייע עכט רוסישע נעמען, גענומענע פון אַלטע צייטונגען). די זייער זעלטענע אין אַזאַ פריער שאַ עסערס, פלעגן אויפהערן קייען: די רוסישע נעמען האָבן געווירקט ווי אַ באַווייז וואָס מ'קען ניט אָפּלייקענען. זי האָט דער־ציילט אָט די אויסערגעוויינלעכע, אויסגעטראַכטע דורך דער נאַכט, גע־שיכטעס, אָנגעפּאַקט מיט לעבעדיקע איינצלהייטן ניט נאָר פאַר אירע קאָלעגן בײַם טיש, נאָר אויך פאַר די צייטונגס־לייענער: איר באַלעבאָס,

לאָרד ראָטערמיר, האָט איר זייער ברייטהאַרציק געצאָלט פאַר אַזאַ פּריי־מיטיוון ליגן זאָגן.

---

ענדלעך האָט דאָס מיליטער באַקומען דעם באַפעל. קימאַט אין איי־נער און דער זעלבער צייט האָבן זיך אָנגעהויבן צו באַוועגן איבער אַ מי־ליאָן מאַן און 300 טויזנט מאַשינען. די וועגן פון דאָרעם און צענטראַל ענגלאַנד, וועלכע האָבן געפּוסטעוועט שוין עטלעכע טעג דורכאַנאַנד, זיי־נען פּלוצלינג פאַרשטאָפּט געוואָרן מיט מיליטערישע טראַנספּאָרטן. אין אַ ברייטער כוואַליע האָבן זיי זיך געגאָסן צום יאַם.

די ערשטע כוואַליע — 10 דיוויזיעס, ד.ה. 250.000 מאַן מיט מאַשי־נען און אַמוניציע איז זייער שנעל צוגעקומען צו די אינוואַזיע־פּאָרטן, צע־גאָסן זיך ווי קליינע טייכעלעך צו די האַפנס, פון די האַפנס אויף די שיפן. פּאַראַשוטיסטן־אָפּטיילונגען האָבן זיך געצויגן צו די אַעראָדראָמען. אַלע רעזערוו־פליעצער זיינען געווען פאַרנומען מיט צעשטערער־אַוויאָנען.

דער דאָרעם פון ענגלאַנד האָט אויסגעזען אין יענע טעג ווי אַ לע־בעדיקע קאַנאָנען־קויל, וואָס וואַרט נאָר מען זאָל אַ קוועטש טאָן די קנאַפּקע אין הויפּט-שטאַב פון די אַליאירטע עקספּעדיציע־קויכעס, קעדיי איבערפאַלן די דייטשן אין נאָרמאַנדיע.

דעם 4־טן יוני האָט מען אַ קוועטש געטאָן די קנאַפּקע. די אינוואַזיע איז באַשטימט געוואָרן אויפן 5־טן יוני אינדערפרי. אָבער צו מיטן־טאָג איז דער באַפעל צוריקגערופן געוואָרן: קאַליע געוואָרן דער וועטער. מער ווי זעקס שאָ האָט דאָס מיליטער געלאַנדעט אויף די שיפן און פאַרפולנדיק זיי ביז די ברעגן, געוואַרט אויף אַ נייעם צייכן. די אָפיצירן האָבן זיך גע־שראָקן אַז די סאָלדאַטן, אויסגעמוטשעט פון יאַם־קרענק וועלן ניט זיין אימשטאַנד דורכצופירן דעם אָנגריף. און דער וועטער אויף וועלכן מען האָט געלייגט אַלע האָפענונגען, איז געוואָרן אַלץ ערגער, אויפן יאַם האָבן זיך באַוויזן כוואַליעס.

דער נייער באַפעל איז אָנגעקומען אין אָוונט: דאָס ארויסזעצן האָט מען אָפּגעלייקט אויפן 6־טן יוני. דער סיידער פון דער באַוועגונג פון די עשעלאָנען איז ניט געביטן געוואָרן.

דעם פרימאָרגן פון 5־טן יוני איז עטוואָס ליכטיקער געוואָרן, נאָר דאָס האָט ניט לאַנג געדויערט. אין ענגלאַנד בייט זיך אָפט דער וועטער עטלעכע מאָל אין איין שאָ. כמאַרעס האָבן ווידער באַדעקט דעם הימל, דער טאָל איז פאַרטונקלט געוואָרן, דער באַראָמעטער איז אַלץ נידעריקער געפאַלן.

ס'איז אָנגעקומען דער אָוונט. מיר זיינען געשטאַנען פאַר אונדזער הויז און געקוקט אין הימל, ווו די שטערן האָבן זיך ווי געשפּילט אין באַהעלטעניש: אָט פלעגן זיי ניט ווערן אין דער פינצטערניש, און אָט קוים־קוים באַמערקבאַרע ווידער באַוויזן זיך. דער אַלטער פּאַרק האָט

געהילכט. גאָר אינגיכן האָבן מיר צווישן זיין הילכן דערהערט אַ רוישן פֿון מאָטאָרן. ער איז אַלץ געוואַקסן און שפּעטער פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן אויסערגעוויינלעכן זשומען פֿון וועלכן עס האָבן אָנגעהויבן צו ציטערן אַלע פֿענצטער פֿונעם אַלטן הויז. אין טאָל, ווי עס האָט זיך געדוכט, גאָר נאָנט, האָט זיך אָנגעצונדן איין פּראָזשעקטאָר, שפּעטער אַ צווייטער, אַ דריטער... זייערע שטראַלן האָבן זיך אויסגעצויגן צו דאָרעם־צו: זיי האָבן אָנגעוויזן די דעסאַנט־אַוויאָנען און די פּלאַנירער דעם וועג צום זאַמל־פּונקט איבערן טאָל סאַליסבערי. פֿון דאָרט האָט די לופֿט־אַרמיי זיך געלאָזט קיין נאָרמאַנדיע. אין דער זעלבער צייט האָט דער יאַם־פֿלאָט זיך גערוקט דורכן קאַנאַל. קריגס־שיפֿן, דעסאַנט־ און געהילף־שיפֿן זיינען געגאַנגען מיט אַזאַ שנעלקייט, קעדיי צו באַווייזן צו זיין באַגינען בײַ די נאָרמאַנדישע ברעגן. דער שעטעך צווישן דעם פּלאַצדאַרם און די הויפּט־אינוואַזיע־פּאָרטן — פּאָרטסמוט, סאַוטאַמפּטאָן, פּיל־האַרבאָר, אועימוט און ניוהעיווען, האָט דערגרייכט 150—170 קילאָמעטער. דאָווער, פֿלימוט און דאַוועןפּאָרט זיינען געווען אויפֿן שעטעך פֿון 240 קילאָמעטער, די אַנדערע פּאָרטן — נאָך ווייטער.

די שלאָפֿלאָזע נאַכט האָט זיך אויסגעוויזן צו זיין אומענדלעך. דער בלאַסער פֿרימאָרגן האָט ניט געבראַכט קיין פֿאַרבעסערונג. דער עלטערער אָפֿיציר פֿלעגט שווייגנדיק באַגעגענען דעם קאָרעספּאָנדענט און שאָקלען מיטן קאָפּ אַף ניין: קיין שום נייעס. ערשט זיבן אַזייגער האָט דער שטאַב געענטפֿערט אַף דער אָנפֿראַגע פֿון די קאָרעספּאָנדענטן, אַז זיי מעגן צו וויסן געבן וועגן דעם אָנהויב פֿון דער אינוואַזיע אויפֿן אייראָפּעישן קאָנטינענט.

ווי מיר האָבן פֿעסטגעשטעלט שפּעטער, האָבן אין יענעם פֿרימאָרגן זיך אַרויסגעזעצט אין נאָרמאַנדיע זעקס אינפֿאַנטעריע־דיוויזיעס און דריי פּאַראַשוטיסטן־דיוויזיעס פֿון די אַליאירטע. צוויי אַמעריקאַנער פּאַראַשוטיסטן־דיוויזיעס, פּרוּוונדיק אָפּשניידן דעם שערבורגער האַלב־אינדזל, האָבן באַזעצט דעם וועג וואַלאָן—קאַרענטאַן. דער זעקסטער בריטישער פּאַראַשוטיסטן־דיוויזיע, וועלכע האָט געדאַרפֿט לאַנדן אַף די בערג אויפֿן צאָפֿן פֿון קאַן, האָט עס „דורכגעשמירט“, אַרויסוואַרפֿנדיק זי עטוואָס מיזרעכדיקער פֿון דעם ציל־פּונקט. זי האָט פֿאַרכאַפּט די בריקן איבערן טייך אָרן און איבערן קאַנאַל, וועלכער פֿאַרבינדט קאַן מיטן יאַם. צוויי בריטישע און איין קאַנאַדער דיוויזיע, האָבן פֿאַרנומען דעם גאַנצן ברעג פֿונעם אויסגוס פֿון טייך אָרן ביז צו דער שטאָט אַראָמאַנש. מײַרעוודיקער האָבן זיך אַרויסגעזעצט דריי אַמעריקאַנער דיוויזיעס, וועלכע האָבן געשאַפֿן אַ רייע פּלאַצדאַרמען פֿון אַראָמאַנש ביז וואַלאָן. פֿאַרן אַרויסזעצן זיך האָט מען דעם ברעג שוידערלעך באַשאָסן. די קריגס־שיפֿן וועלכע האָבן באַגלייט די דעסאַנט־אַרמיי, האָבן אַף אים אַרויסגעוואָרפֿן דעם גאַנצן קויעך פֿון זייער פֿייער. אונטערן צודעק פֿון אָט דעם פֿייער האָבן די אָנגריף־אָפּטיי־

לונגען אָנגעהויבן די אַטאַקע. דער דייטשיער ווידערשטאַנד איז געווען אַ לאָקאַלער, אַ צופעליקער און זייער אַ שוואַכער. דאָס שטורעם־מיליטער האָט זיך צעשפּרייט אויפן ברעג און דורכמאַרשירט די גאַנצע זאָנע, וועלכע די דייטשן האָבן מיט אַ פּאָמפּע גערופן: „די באַפעסטיקטע ליניע פון מיִרעוו־וואַל". פון דאָרט זיינען זיי אַריינגעדרונגען אין נאָרמאַנדיע. די אָנגרייפנדיקע טיילן זיינען שוין דאַן געשטיצט געוואָרן דורך טאַנקען פונעם „יום האדין". דעם עמעס זאָגנדיק, האָט אַ טייל פון זיי זיך אָפּגעזאָגט צו שווימען און דערטרונקען געוואָרן גלייך באַם אַראָפּגיין פון די דעסאַנט־שיפן. איינער פון די אַמעריקאַנער טאַנקען־באַטאַליאָנען האָט פאַרלוירן 25 פון זיינע 27 טאַנקען.

נאָך דעם גלייכצייטיקן אַרויסזעצן פון ניין דיוויזיעס, האָט די הויפּט־קאָמאַנדע גערעכנט אַרויסזעצן טעגלעך צו צוויי דיוויזיעס. אָבער דאָס איז ניט געווען מעגלעך. דער צעבושעוועטער יאַם האָט געשטערט דאָס אַריבערפירן פון מיליטער, אויסלאָדן אַמוניציע און קריגס־מאַטעריאַלן. צום ברעג האָבן געוואַגט צוגיין בלויז די „קאַטשקעס"־אַמפּיביעס. נאָר זיי זיינען אימשטאַנד געווען צו ברענגען נאָר 80 טאָן אַמוניציע, און דאָס האָט בלויז געסטייִעט אויף אַ פּאָר שעה פון שלאַכט. מוירע האָבנדיק פאַר אַ דייטשישער קאָנטראַטאַקע, האָט מאָנטגאָמערי באַפוילן זיין גרייט צו פאַרלאָזן דעם פּלאַצדאַרם און אין פאַל פון אַ קאָנטראַטאַקע פון די דייטשן — זיך עוואַקואירן. די דייטשן אָבער, שטעלנדיק זייער אַ נישטיקן ווידערשטאַנד, זיינען אַלץ אָפּגעקראָכן ווייטער פון ברעג צו די נאָרמאַנדישע בערגלעך. אין אַ פּאָר טעג אַרום האָט זיך פאַרבעסערט דער וועטער. אַ כוואַליע פון מיליטער, באַוואָפענונג, שפּייז און אַמוניציע האָט זיך אַ לאָז געטאָן צום פראַנצויזישן ברעג. דער פּלאַצדאַרם איז אַלץ מער פאַרברייטערט געוואָרן איינשלינגענדיק אַלץ מער נייע און נייע דיוויזיעס. דורכן קאַנאַל האָט זיך אָנגעהויבן רוקן די צווייטע כוואַליע פון דער אינוואַזיע. די קאָרעספּאָנדענטן פונעם רעזערוו־טייל איז פאַראָרדנט געוואָרן פאָרן קיין נאָרמאַנדיע.

## .5

אין אַ געדיכטער, פייכטער פינצטערניש האָבן מיר זיך אויסגעשטעלט אין אַ רייע הינטער די פענצטער פון אונדזער הויז, אָפּוואַרטנדיק דעם אַפּעל. מיט אַ צוואַנציק טריט פאַר אונדז האָבן געברומט שטיל די אומזעבאַרע אין דער פינצטערניש אויטאָמאָבילן. הינטער אונדזערע פּלייצעס, אין הויז, האָט געכריפּעט אַ פעלד־טעלעפאָן, און אַ פאַרבינדלער האָט אָן אויפהער גערופן „דזשאָ, דזשאָ, דזשאָ". דער דזשאָ האָט זיך אָפּגערופן סאָף־קאָל־סאָף. דער פאַרבינדלער האָט אים איבערגעגעבן די שיפרירטע

יעדיע, באַשטימט עפעס איינעם אַ ביל אַ ראַנדעוווּ אַף מאָרגן אין אַ באַרשענק אין ווינטשעסטער, און איז אַנטשוויגן געוואָרן. ווידער אַ שטילקייט. ס'האָט זיך געהערט ווי אַף די בלעטער פון אַ בוים פויקן פאַרשפעטיקטע טראָפנס.

פיר מיט דרייסיק, באַגינען פון אַ גרויען טאָג, האָבן מיר זיך אַריינגעזעצט אין די מאַשינען, און אונדזער „קאָנוואָי" — אַן אויטאָ־קאָלאָנע האָט זיך גערירט אין וועג אַריין. קיינער, כוץ דעם אָנפירער פון דער קאָלאָנע, האָט ניט געוווּסט וווּהין מיר פאָרן. מיר זיינען פאַרבייגעפאָרן ווינטשעסטער, ווען ס'איז שוין געווען אינגאַנצן ליכטיק. פוןביידע זייטן וועג האָבן זיך געצויגן נאַסע שטילע סעדער, צווישן די גערטנער. עס פלעגן זיך טרעפן פעלדער דייטלעך צעטיילטע אַף קוואַדראַטן און גלייכעקן, פון קליינע אייגנטימער. פון צייט צו צייט פלעגן זיך אָנטרעפן נייע פאַלאַצן און גיטער, אָפגעצוימטע מיט הויכע ציגעלנע ווענט און אַלטע שלעסער מיט ציינערנע טורעמס און שמאָלע פענצטער. זייער מאָדנע האָבן אויסגעזען אָט די דענקמאָלן פון מיטלאַלטער, וועלכע האָבן זיך אָפגעצוימט פון דער וועלט. נאָר דאָס זיינען ניט געווען גלאַט דענקמאָלן. אַף שטעקנס האָבן געפלאַטערט ענגלישע פאָנען — אַ דירעקטער באַווייז, אַז אין די מיטלאַלטערישע אייגנטומען לעבט מען, און זייערע איינוואוינער געפינען זיך אונטערן שוץ פון דער ענגלישער קרוין. אין קליינע וועלדלעך, און אָפטמאָל פּאָשעט אין דער לענג פון דעם וועג זיינען געשטאַנען מאַרמאַסקירט בלויז מיט אַ גרינעם ברעזענט אויטאָמאָבילן, שטויסן פון האַרמאַטן־קוילן, האַרמאַטן, אין אַ טיפער ליימיקער קאַנאַווע האָבן זיך אויסבאַהאַלטן צענדליקער נייע טאַנקען. עס האָט זיך פאַרבונדן אַ געשפּרעך וועגן דעם, ווי לאַנג עס האָט געדויערט ביז מען האָט געפונען אַ גוטן טאַנק, אַ שטאַרקן און אַ שנעלן. דער לייטענאַנט עדוואַרס, וועלכער איז פאַר דער מילכאָמע געווען אַ זשורנאַליסט אין ליווערפול, האָט זיך אַנטציקט מיט דער נייער מאַשין, נאָר געטייַנעט:

— טייערלעך, אוי ווי טייערלעך. אַכט און צוואַנציק טויזנט פונט. (קימאַט זעקס הונדערט טויזנט רובל).

— אַכט און צוואַנציק טויזנט פונט! — האָט אויסגעשריגן דער קאָרעספּאָנדענט פון „יאָרקשיר פּאָסט" ה' איזלינגוואַרס — דאָס איז דאָך זעקס אויסגעצייכנטע שטיבעלעך.

אַרום צוועלף דעם זייגער זיינען מיר אָנגעקומען צו אונדזער מאַרשהויף (אַן ענגלישער מיליטערישער טערמין, וואָס באַדייט אַ פלאַץ פון מיליטער־קאָנצענטראַציע איידער דעם אָפּמאַרש), וועלכער האָט זיך געפונען אין עפינגער וואַלד, אין לאָנדאָנער אומגעגנט. באַם אַריינפאָר האָט מען אונדז פאַרהאַלטן. די אויטאָ־קאָלאָנעס האָבן אַריינגעשטראָמט איינע נאָך דער אַנדערער. די פענימער פון די זעלנער זיינען געווען שוואַרץ פון שטויב, ווייזט אויס אַז זיי זיינען אַדורך אַ גרויסן שעטעך. אַ יונגער און

זייער צוגעלאָזטער לייטענאַנט דאָול, מיט וועלכן איך האָב זיך באַקענט אין ווינטשעסטער, האָט מיר אַ שטוים געטאָן אין אַ זייט, אָנווייזנדיק אַף אַ „סטודעבעקער", באַפּוצט מיט אַ רויטער פאָן מיטן סערפּ און האַמער. אַפן זייט פון מאַשין איז געווען אַ גרויסע אויפשריפט „לאַנג ליוו גוט אָלד דזשאָ" (זאָל לעבן דער גוטער אַלטער יאָסיף).

— אייערע פריינט — האָט געזאָגט איזלינגוואַרס, ווענדנדיק זיך צו מיר.

— דאָ זיינען אַלע אייערע פריינט, — האָט אים פאַריכט דאָול, אָנ־ווייזנדיק אַפן ברייטן טומלדיקן לאַגער. עמעס טאַקע, אַז קיין פענער זיי־נען אַף די אַלע אַנדערע מאַשינען ניטאָ, נאָר זיי וועלן זייער גערן אונטער־באַפן אַט די ווערטער.

דער לייטענאַנט האָט זיך אַביסל טויע געווען מיקוייעך די פענער. דעם זעלבן טאָג, שפּאַצירנדיק איבערן לאַגער, האָב איך זיי געפונען אַף נאָך עטלעכע לאַסט־אויטאָמאָבילן. באַ איינעם פון זיי האָבן זיך געפּאָרעט שאָפערן, באַ דער זייט זיינען געשטאַנען די „פּאַסאַזשירן". זיי האָבן אויס־וואַרטנדיק געקוקט אַפן קריגס־קאָרעספּאָנדענט, וועלכער האָט זיך צו זיי דערנענטערט און געגעבן אָפּגעענטפערט אַף זיין באַגריסונג.

— זאָגט נאָר, יאַטן, פאַרוואָס האָט איר באַפּוצט די מאַשין מיט אַט דער פאָן?

די זעלנער האָבן זיך אַביסל פאַרלאָרן און אָנגעהויבן זיך איבערקוקן. ביז איינער פון זיי, קוקנדיק אַריבער מיין אָפיצירן־היטל, האָט מיך שטיל, אָבער פעסט געפרעגט:

— סער, איר האָט עפּעס וואָס אויסצוזעצן קעגן דעם?

— אוואַדע ניט, איך האָב נאָר געוואָלט וויסן, דאָס איז דאָך די פאָן פון מיין לאַנד.

— זאָל איך געהאַרגעט ווערן . . . — האָט דער סאָלדאַט אויסגע־שריען. — עס קען ניט זיין. איר זענט אַ רוס?

זיי האָבן מיך אַרומגערינגלט, געדריקט מיינע הענט, און איינער נאָכן צווייטן אויסגעדריקט זייער אָנטציקונג פאַרן קאַמף פון דער רויטער אַר־מיי. דאָס זיינען געווען, אָן שום צווייפל, עמעסע פריינט. זיי האָבן פאַר־שטאַנען, וואָס פאַר אַ שווערער אַל איז אַראָפּגעפאַלן אין דעם קריג אַף די רוסישע פּלייצעס. די סאָלדאַטן האָבן באַדויערט זייער לאַנגן פּוסט־און־פּאַסעווען: יעדער איבעריקער מאָנאַט פון קריג האָט ניט נאָר אָפּגערוקט זייער זעאונג מיט זייערע פאַמיליעס און קרויווים, נאָר האָט אויך פאַר־מינערט די מעגלעכקייטן צוריק צו געפינען זייערע פּלעצער אין לעבן: אַלץ פעסטער פּלעגן אַף יענע פּלעצער זיך איינאָרדענען נייע. פון דער היים, ווו מען האָט זיי אָן שום צווייפל געליבט און געציטערט פאַר זיי, פלעגן אָנקומען אָנפראַגעס איינע נאָך דער צווייטער: ווען זשע וועלן זיי, סאָלדאַטן פון דער בריטישער אַרמיי, עפענען דעם צווייטן פראָנט?

— און וואָס האָבן מיר געקענט טאָן? — האָט געפרעגט דער סאָל־דאַט. — אַזעלכע איניאַנים ווערן באַשטימט דורך מענטשן העכערע פון אונדז.

אין אָפיצירן עס־צימער פון מארש־הויף האָט מען נאָר גערעדט וועגן וו.־אוויאָן („וו.״ — איינס, אַ דייטשישער אוויאָן־קויל). עס לאָזט זיך אויס, אַז אייערנעכטן באַנאַכט האָבן אין לאָנדאָן אויפגעריסן עטלעכע אַזעלכע אוויאָן־קוילן. די מאַכט, קעדיי צו פאַרמיידן אַ פּאַניק, האָט פאַר־ווערט די צייטונגען און ראַדיאָ דערמאָנען וועגן זיי. נעכטן באַנאַכט האָבן די דייטשן ווידער באַשאָסן די שטאָט. איצט האָבן שוין אַ סאַך איינוואוי־נער פון לאָנדאָן ניט נאָר געהערט דעם געברום פון די קוילן, נאָר אָפילע געזען די פייערדיקע לאַנגע עקן, וועלכע האָבן דורכגעשניטן די פינצטער־ניש ווי פאַנטאַסטישע מעטעאָרן. די זעניט־קאַנאָנען האָבן געעפנט אַ פייער: די קוילן זיינען איינער נאָכן אַנדערן אַראָפּגעפאַלן אויף דער ערד, אַרויסרופנדיק אויגנבליקלעכע פייערן. קיינער האָט ניט געקענט זאָגן אויף געננוי צי זיי זיינען אַליין אַראָפּגעפאַלן, אָדער מען האָט זיי אַראָפּ־געשאָסן.

פאַרנאַכט האָבן מיר געזען אַזאַ מין פאַרשאָלטענע קויל. ס'איז ענלעך געווען אויף אַן איין־מאָטאָריקן אוויאָן אָן אַ פּראָפּעלער, נאָר אָפּן עק איז אָנשטאָט אַ רודער געווען אַ לאַנגע רער ענלעך צו אַ ציגאַר, אין דעם רער האָט געברענט דער ברענשטאָף וואָס האָט געשטופּט די קויל. ווען דער ברענשטאָף, אויסגערעכנט אויף אַ געוויסן שטעך, האָט זיך פאַרענ־דיקט, פלעגט די קויל אַראָפּפאַלן. די אוויאָן־קויל איז אַרויס פון די וואָלקנס און זיך געלאָזט גלייך צום צענטער שטאָט. מיר האָבן געהערט ווי זיין געברום איז שטיל געוואָרן און דערזען ווי ער האָט זיך קורץ אויסגע־דרייט אויף לינקס און זיך שיף אָנגעהויבן גליטשן אַראָפּ. איבערן שטאָט האָט זיך אויפגעהויבן אַ ריזיקער שוואַרצער פאָנטאַן, און אַ פּאָר סעקונדן שפּעטער האָט זיך צו אונדז דערטראָגן אַן אומגעהויער שטאַרקער אויפ־רייס.

אינגיכן האָט זיך באַוויזן נאָך איינער, אַ דריטער. וואָס נענטער עס איז אָנגעקומען דער אָוונט און וואָס געדיכטער די וואָלקנס, אַלץ אָפטער האָט מען געהערט דאָס זשומען פון די אוויאָן־קוילן, און אַלץ שווערער איז געווען דער ליאַרעם אין שטאָט. די זעניט־קאַנאָנען האָבן געריטשעט מיט אַ ווילדער בייזקייט, נאָר זיי האָבן ניט געקענט אָפּשטעלן די אויפ־רייסן, פון וועלכע ס'האָט געציטערט אַזש אונדזער וואַלד. (מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דאָס קעגנווירקן פון די לופט־קאַנאָנען האָט גיכער געבראַכט שאָדן ווי נוצן. די קויל מוז סיי ווי סיי אַראָפּפאַלן ערגעץ־וווּ. די לופט־קאַנאָנען, קאָנצענטרירטע לעבן וויכטיקע אָביעקטן, האָבן אונטערשלאָגנדיק אַזאַ קויל, געהאָלפן איר אַזוי צו זאָגן צו געפינען דעם ציל. אַזוי צום ביישפּיל, האָבן זיי אַראָפּגעלאָזט אַ בלאָנ־

דזשענדיקע קויל אפן וואטערלאָ־בריק, וועלכן זיי האָבן געשיצט. און די בריק פאַרייניקט די צוויי גרעסטע באַן־סטאַנציעס אין שטאָט — וואטער־לאָ און טשארינגקראָס, און איינע פון די וויכטיקסטע ליניעס פון אונ־טערערדישן באַן — באַקערלאָו. מען האָט אינגיכן פאַרווערט די זעניט־קאַנאָנען שיסן אין די אוואָן־קוילן).

נאָר אין יענעם לאַנגן אָוונט און אין יענער נאַכט, האָבן די אַנטי־לופט קאַנאָנען געווילדעוועט און זייער אומויפהערלעכן געבריל האָט צו־געדעקט נאָר דאָס וואָיען און אויפרייסן פון די אוויאָן־קוילן. מיר זיינען געלעגן אין אַ גרויסן געצעלט, און זיך צוגעהערט צו דעם שטאַרק־ווירקנ־דיקן אַפּ אונדז רויש.

— דאָס איז פּונקט ווי אַ באַשיסונג פון ארטילעריע — האָט גע־זאָגט לייטענאַט עדוואַרס — אין אַזאַ ציל ווי לאָנדאָן איז ניט שווער צו טרעפן.

— אָבער דאָס איז דאָך אומווירדיק און געמיין — האָט זיך געהיצט דער פּאָרטסמוטער זשורנאַליסט דוווייט.

ביל אואייט, אַן אַמעריקאַנער, איז געווען מער פילאָזאָפיש געשטימט. לויט זיין מיינונג איז „דאָס" עפּעס גאָר אַ נייע ערא ניט נאָר אין מיל־כאָמע, נאָר אויך אין טראַנספּאָרט. קאַפּיטאַן ראַוטס, אַ בלייכפּעניםדיקער און העלהאָריקער, אין ברילן איינגעפּאַסט אין אייזערנע רעמלעך, האָט מיט טרויער דערמאָנט די ערשטע טעג פון מילכאָמע, ווען די ענגלענדער פּלעגן איינריכטן פייערלעכע, גרויסע לעוואַיעס פאַר די דייטשישע לופט־פּליער, אַראָפּגעשלאָגענע איבער לאָנדאָן. ער האָט נאָך איצט אויך זיך אַנטציקט פאַר דעם „ריטערלעכן" גייסט פון די ענגלענדער.

— אַנטשולדיקט — האָב איך זיך אַריינגעמישט, — און מען האָט ניט פאַרגעסן אַרויפלייגן בלומען־קרענץ, געשיקטע פון די קאַרבאָנעס, דערהאַרגעטע דורך די דייטשישע באָמבעס?

דער קאַפּיטאַן האָט אויפגעהויבן זיין קאָפּ פון דעם קישן, פאַריכט זיינע ברילן, ווי ער וואָלט געוואָלט מיך געניויער באַטראַכטן, דערנאָך האָט ער מיט מיטגעפיל אַ שמייכל געטאָן און געגעבן צו פאַרשטיין. מיט אָט די לעוואַיעס האָבן מיר, קוידעמקאָל, אָפּגעגעבן אַ כּיוווּ אונדזערע אייגענע מענטשלעכע געפילן. איר ווייסט דאָך: די ענגלענדער זיינען ספּאָרט־לייט, און אַ גוטער ספּאָרטסמאַן איז שטענדיק גרויסמוטיק צו זיין שלי־מאַזלדיקן קעגנער. איר וועט דאָס געוויס ניט קענען פאַרשטיין, איר וואָלט זיי גלייך צעשאָסן.

— וועגן דעם לעצטן, האָט איר אַ טאָעס. מיר צעשיסן ניט קיין געפאַנגענע. נאָר מיר רעכענען, אַז אַ מילכאָמע קאָסט צו טייער די פעל־קער, מען זאָל זי קענען באַטראַכטן ווי אַ ספּאָרט. און מיר קענען בעשום אויפן ניט באַציען זיך צו אַ באַוואָפנטער מיט מאַשין־געווער דייטשישער מאַלפּע, ווי צו אַ ספּאָרטסמאַן.

דער קאַפּיטאַן האָט עפּעס אַ ברום געטאָן וועגן פאַרשיידנקייט פון שטאַנדפּונקטן, וועגן דעם קאָמפּליצירטן רוסישן כאַראַקטער, נאָך באַוווּסט פון דאָסטאָיעווסקין א. אַ. וו. אים האָט אויך געשטיצט דער קאָרעספּאָנ־דענט פון „דיילי העראַלד". די איבעריקע זיינען שטום צוגעשטאַנען צו זיי. די קאַדרען אָפיצירנטום האָט נאָך אַלץ געהאַט די אַלטע פאָרשטעלונג וועגן מילכאָמע און שאָלעם: אין דער פּאָליטיק פלעגן זיי אויסלערנען און איבערכאַזערן די מיינונגען פון דער רעאַקציאָנערער פּרעסע, און אָפּט־מאָל צונויפגעוואָרפן אין איין קופּע די גערעכטע מיט די שולדיקע. ניט געקוקט אַף דער באַציונג פון פאַרבינדעטע צווישן ענגלאַנד און סאָוועט־רוסלאַנד, האָבן אַ סאַך אָפיצירן אַלץ געדענקט וועגן דעם רוסישן פאָלק לויט דעם אַלטן שטייגער, אויסגעקעכלט פון דער ענגלישער פּרעסע נאָך מיט אַ פערטל יאָרהונדערט צוריק, וועלכע האָט זיך גאָר ווייניק געענ־דערט פאַר די לעצטע פינף און צוואַנציק יאָר.

אינגאַנצן דעמאָנסטראַטיוו, כאָטש אַביסל אומדערוואַרטעט האָט עס זיך אַנטפּלעקט פאַר מיר מיט עטלעכע וואָכן שפּעטער אין בייע, נאָר־מאַנדיע, ווען אין מיין צימער איז אַריינגעפאַלן אַ גרופּע אָפיצירן פון דער „קעניגנס דיוויזיע". נאָך עטלעכע גלעזלעך קאָניאַק, האָט זיך אָנגעהויבן אַ שטורמישער געשפּרעך, אַ האַלב־אָפנהאַרציקער און האַלב־באַרימערי־שער. אַ יונגער מאַיאָר, נאָר וואָס אַרויסגעריסן זיך פון די ווענט פון אימפּעריאַלן שטאַב, האָט אָנגעהויבן שעלטן די דייטשן. זיין טראַדיציאָ־נעלע ענגלישע קאַלטבלוטיקייט האָט אים אָנגעהויבן צו פאַראַטן באַם דערמאָנען נאָר דאָס וואָרט „דייטש". זיינע גרויע אויגן זיינען געוואָרן העלער און אומבאַוועגלעך, ווי פאַרשטיינערט, די דינע ליפּן פאַרפּרעסט. ער האָט מיר פאַרזיכערט, אַז די ענגלישע אַרמיי איז גרייט צו פאַרענ־דיקן איינמאָל פאַר אַלעמאָל מיט די דייטשן.

— מיר זיינען זאַט פון זיי ביז איבערן האַלדז — האָט ער גערעדט, דורכפירנדיק מיטן פינגער איבער זיין אָפּגעבערנטעטער גאָמבע. — איך גלויב ניט אין די נאַרישקייטן וועגן גוטע דייטשן און שלעכטע דייטשן. אַ דייטש בלייבט שטענדיק אַ דייטש. מיט זיבן יאָר צוריק אַף מיין רייזע פון אינדיע, האָב איך זיך אָפּן שיף באַקענט מיט איינעם, ווי מען רופט זיי „אַ גוטן דייטש", אַן אַנטיהיטלעריסט. און שוין אָפּן דריטן טאָג פון אונדזער קענטשאַפט האָט ער פאַרגעשלאָגן ענגלאַנד זיך פאַראייניקן מיט דייטשלאַנד אום צו רעגירן איבער דער וועלט.

דער באַטאַליאָן־גאַלעך, ניט געגנויגט לויט זיין בוריק־נאָז, צו פּורי־טאַניזם, האָט זייער העפטיק אָפּאָנירט דעם מאַיאָר, און פאַרזיכערט אַז ער קען פּיינט האָבן נאָר איינצלנע דייטשן, נאָר אין אַלגעמיין זיינען די דייטשן „זייער אַ סימפּאַטיש פאָלק" און אים, דעם גאַלעך, געפעלן זיי זייער. און אַלס באַווייז פון זיין ריין אינדיווידועלן צוגאַנג, האָט זיך דער גאַלעך מוידע געווען:

— מיר געפעלן ניט, צום ביישפיל, די רוסן. נאָר דאָס באַדייט ניט, אַז איך קען ניט באַציען זיך גוט צו באַזונדערע רוסן. (דער גאַלעך איז געווען אַ קאַטויליסער. ער פלעגט, ווי איך האָב עס זיך שפעטער דערוווּסט, ניט דורכלאָזן קיין געלעגנהייט אַ בריק צו טאָן דעם סאָוועטישן פאַרבינדעטן פון ענגלאַנד אַפילע אין זיינע רעליגיעזע דראָשעס).

— מיר האָבן שטענדיק שלעכט פאַרשטאַנען די רוסן — האָט זיך אָפגערופן דער מאַיאָר. — מיר שיינט, אַז ניט געקוקט אַף אונדזער זעלבסט־זיכערקייט, האָבן מיר שטענדיק אַ ביסל מוירע געהאַט פאַר זיי. און אַט די מוירע פלעגט מען אָפטמאָל קינסטלעך פאַרזייען און אַנטוויקלען.

— און די מוירע פלעגט זיך באַרעכטיקן, — האָט זיך אַריינגעמישט אַ שיקער־געוואָרענער פאָלקאָווניק. — די רוסן זיינען שטענדיק געווען אַנגרייפעריש־געשטימט קעגן ענגלאַנד.

— אַנגרייפעריש, פאָלקאָווניק? אַנטשולדיקט מיר, איך בין אַ רוס און קען די רוסישע געשיכטע בעסער ווי די ענגלישע. ווילט איר מיר עפשער דערמאָנען ווען און ווו און וועלכע רוסישע עסקאַדרע האָט באַשאָסן די ענגלישע טעריטאָריע. עפשער וועט איר מיר זאָגן ווען און ווו איז רוסיש מיליטער אַרויסגעזעצט געוואָרן אין ענגלאַנד? איר געדענקט ניט, פאָלקאָווניק? ניין? און איך קען אייך זאָגן, אַז פאַרן לעצטן יאָרהונדערט האָט ענגלאַנד זיך צוויי מאָל אַריינגעריסן אַף רוסישער ערד. איר קענט דאָך געוויס די „באַלאַדע וועגן דער לייכטער בריגאַדע". זי איז אומגעקומען אַף דער רוסישער ערד. איר ווייסט אויך, אַז דער פעלדמאַרשאַל אייראָנסייד, מיר שיינט אייער געוועזענער שעף, האָט זיך אויסגעקליבן אַ טיטל „אַרכאַנגעלער לאָרד" אום צו באַצייכענען זיינע מיליטערישע דערפאָלגן, וועלכע ער האָט קלוימערשט געהאַט לעבן יענער שטאָט אַרכאַנגעלסק געפינט זיך דאָך אויך אַף דער רוסישער ערד.

פאַרשטאַנען, אַז זיין אַרויסטריט האָט זיך ניט איינגעגעבן, האָט דער פאָלקאָווניק געפרוווט אָפטרעטן מיט קאָוועד. ער האָט נאָך צוגעלאָזט אַ געדאַנק, אַז ענגלאַנד האָט געקענט באַגיין אַ טאָעס אין דער פאַרגאַנגענהייט, נאָר קאַטעגאָריש אָפגעוואָרפן אַפילע די מעגלעכקייט פון אַ טאָעס אין דער קעגנוואַרט.

דער מאַיאָר האָט מיט אַ געוויסער אויפרעגונג נאָכגעפאָלגט דעם פאָלקאָווניקס רייד, און האָט לייכטער אָפגעאָטעמט, ווען יענער איז אָפגעטראָטן.

— מיר שיינט, — האָט ער פאַרגעזעצט, — אַז דער אינטערעס צו די רוסן איז שטענדיק געווען אַ גרויסער. איצט איז צו דעם אינטערעס נאָך צוגעקומען אַן עמעסע אַנטציקונג מיט דער פאָלקס־מוטיקייט. מיר פאַרשטייען אייך איצט בעסער ווי ווען ניט איז, און מיר ווילן ניט מער די אַלטע נאַרישקייטן בענעגייע רוסלאַנד.

— איר זאָגט „מיר".

— יאָ, מיר. איך האָב אינזינען די אָפיצירן, די אַרמיי.
— דאָס איז, פאַרשטייט זיך אַ סאַך, אָבער די ענגלישע פּאָליטיק ווערט דאָך ניט אָנגעפירט דורך דער אַרמיי...
— איך ווייס, איך ווייס, אַז אין דעם זין איז די ראָל פון דער אַרמיי אַ גאַנץ קנאַפּע. אַ פּאָר כעוורע מיט רויטע לאַמפּאַסן (רויטע לאַמפּאַסן טראָגן די העכסטע גראַדן פון דער ענגלישער אַרמיי) קענען דאָ אויפטאָן אַ סאַך מער ווי די גאַנצע אַרמיי. אָבער מיר קענען זאָגן אונדזער וואָרט דורכן פּאַרלאַמענט.
— זיי ניט קיין נאַר, העגרי, — האָט אים איבערגעריסן אַן אָפיציר. — מיר קענען ווירקן אויפן פּאַרלאַמענט פּונקט אַזוי ווי אויפן מאָרגנדיקן וועטער.
— אָבער מיר קענען דאָך אים פאַרכאַפּן אין אונדזערע הענט, — האָט מיט זיכערקייט באַמערקט דער מאַיאָר. ער האָט דערציילט אַז נאָך אין הארבסט פון 1943 האָט די אַרמיי-צייטונג פון דער אַכטער אַרמיי אין צאָפן־אַפריקע געמאַכט „עקספּערימענטאַלע וואַלן" צום פּאַרלאַמענט. די אָפיצירן און זעלנער פון אַלע פּאָליטישע פּאַרטייען האָבן אַנטוויקלט אַן עמעסדיקן וואַל־קאַמפּיין, איינגעאָרדנט מיטינגען, געהאַלטן רעדעס, פאַרשפּרייט פלוג־בלעטלעך. אויף די „עקספּערימענטאַלע וואַלן" האָבן די קאָנסערוואַטאָרן געליטן אַ ריזיקע מאַפּאָלע. פאַר די מילכאָמע־יאָרן איז די אַרמיי שטאַרק לינק געוואָרן. נעמענדיק אין אַכט די האַשפּאָע פון די זעלנער אויף זייערע מישפּאָכעס, האָט דער מאַיאָר דערוואָרט, אַז דער קומענדיקער ענגלישער פּאַרלאַמענט וועט זיין אַ „לינקער".
דערעך אַגעוו, מוזן מיר דאָ באַמערקן, אַז די קאָנסערוואַטיווע לייטונג פון לאַנד, באַמערקנדיק אָט די לינקע טענדענץ אין דער אַרמיי, האָט געפּרוּווט באַזייטיקן די סאָלדאַטן פון דער אַקטיווער באַטייליקונג אין וואַל־קאַמפּיין. זיי האָבן פאַרשנעלערט דעם טערמין פאַר וואַלן אין פּאַרלאַמענט.
די אידעענלאָזיקייט פון אַ טייל פּראָפעסיאָנעלע אָפיצירן, וועלכע האָבן די מילכאָמע באַטראַכט ווי ספּאָרט, האָט מיר געשיינט צו זיין ניט נאָר אַ זייער ערנסטע דראָונג פאַרן קאַמף פון די אַליאירטע קעגן געמיינזאַמען סוינע, נאָר אויך אַ גרויסער אומגליק פאַר די אָפיצירן גופע. פּייזש איז אומעגלעך אויסצושטיין די אַלע שווועריקייטן און נויטן פון אַ מילכאָמע, ווען עס פעלט יענע באַגייסטערונג, וועלכע קען באַצייכנט ווערן נאָר ווי אַן „אידעישע באַגייסטערונג", ווען עס איז ניטאָ יענער קלאָרער באַוווּסטזיין פון דער מאָראַלישער גערעכטיקייט פון זיין זאַך, ווען עס איז ניטאָ קיין פעסטער שטרעבן צו אַ דייטלעך זעעוודיקן ציל. באַ מיר האָט זיך געשאַפן אַן איינדרוק, וועלכער איז שפּעטער פאַרפעסטיקט געוואָרן דורך צאָלרייכע באַגעגענישן און געשפּרעכן ,אַז דאָס דורכשניטלעכע אָפיצירנטום פון דער ענגלישער אַרמיי האָט זייער נעפּלדיק

פארשטאנען דעם פאליטישן ציל פון דער אינוואזיע אפן אייראפעישן קאנטינענט. דאס איז, פארשטייט זיך, געווען זייער נוצלעך פאר דער רעאקציאנערער טייל פון די גענעראלישע און בריגאדיר־פאלקאווניקישע קרייזן, וועלכע האט פון איר זייט אויסגעפילט דעם ווילן פון מענטשן, וועלכע האבן אין דער באפרייונג פון אייראפע פון דער היטלעריסטישער פארכאפונג געזען ניט קיין וויכטיקע פראגרעסיווע אונטערנעמונג, נאר א מעגלעכקייט זי צו אונטערוואַרפן אונטער זייער האשפּאַ. אין די לעצטע יארן פון מילכאמע איז די קאסטע פון ענגלישע פראפעסיאנעלע אפיצירן, — וועלכע זיינען אין פאלק געווען באקאנט מיטן צונעמעניש „מעשענע קאשקעטן", — צוגעמישט געווארן מיט א יונגערן עלעמענט, מער אדער ווייניקער דעמאקראטיש געשטימטן, ארויסגעקומענעם פון דער ענגלישער טעכנישער אינטעליגענץ, אפיצירן פון די אינזשעניערן אפטיילונגען, טאנקען און לופט־מיליטער. וואס שייעך די ענגלישע דאקטוירים, אדוואקאטן, שרייבער, זשורנאליסטן און אפילו רעגירונגס־אנגעשטעלטע, האבן זיי אלע געהאט גרויסע לוינען און געפירט א גאנץ ראַכוועסדיקע עקזיסטענץ. דעריבער זיינען זיי געווען גענצלעך צוזאמענגעוואקסן מיטן הערשנדיקן קלאס און זיינען געווארן זיין אקטיווער טייל. די ענגלישע טעכניעש אינטעליגענץ, זייענדיק אזוי צו זאגן, א מיטל פונקט צווישן דעם ארבעטער און ארבעטס־געבער, פארמאגט א גאנץ אומוויכטיקע סאציאלע וואג און א ניט קיין געהויבענע עקאנאמישע לאגע. אייניקע פון זיי, די מער פיפיקערע פארשטייער, ווערן „א לייט", ווערן דירעקטארן און אויך אפילו מיט־אייגנטימער פון אונטערנעמונגען. אבער אזעלכעס טרעפט זייער זעלטן. די טעכנישע יוגנט איז פארמישפּעט צו גיין אין שפאן אף די פאבריקן באגלייך מיט די מייסטערס און ארבעטער.

די פראפעסיאנעלע אפיצירן האבן באגעגנט די טעכניקער אן א באזונדערע באגייסטערונג. די טעכניקער האבן באטיטלט די פראפעסיאנעלע אפיצירן מיטן נאמען „מעשענע קאסקעטן" און די האבן יענע גערופן „שווארץ־פעגימדיקע". די ניט לאנג ארויסגעגאנגענע פון די פאבריקן און קוילנגרובן זיינען געווען איבערצייגטע „לייבאריסטן", אין דער צייט ווען די מערהייט פון די פראפעסיאנעלע אפיצירן האט געשטיצט די קאנסערוואטארן. די צעטיילונג איז געגאנגען פון אונטן ארויף. די פראפעסיאנעלע אפיצירן האבן פארגעטערט און דערקלערט פאר זייער פירער דעם פעלדמארשאל אלעקסאנדער — א רעאקציאנערער קאטאליק, און באצייכנט מאנטגאמערין ווי א „יויצע מין האמוין". די טעכניקער האבן געזוידלט אלעקסאנדערן און געלויבט מאנטגאמערין.

נאר אט די צעטיילונג איז מיר קלאר געווארן ערשט שפעטער אין נארמאנדיע. בעשאס די ערשטע געשפרעכן מיט די אפיצירן אין עפיגער וואלד איז געווען אומעגלעך צו באמערקן אן אונטערשייד צווישן לאבאריסטישן אפיציר און א „מעשענעם קאשקעט". דער לאבאריסט האט גע־

האָט פונקט די זעלבע מעטושטעשע פאַרשטעלונג וועגן דער מילכאָמע, וועגן פאַשיזם, וועגן וועלט־פּאָליטיק, ווי דער געוויינלעכער פּראָפּעסיאָ־נעלער אָפיציר, לעמאָשל ווי דער קאַפּיטאַן ראַוטס. מען האָט נאָר גע־קענט באַמערקן, אַז צווישן די „טעכניקער" טרעפן זיך אַלץ אָפטער מענטשן, וועלכע פאַרשטייען אַז די אינטערעסן פון ענגלאַנד זיינען פיל זיכערער ניט אין קאַמף קעגן דעם סאָוועטישן פאָלק, נאָר אין צוזאַמענבונד מיט אים.

.6

מיר זיינען געזעסן אין עפּיגער וואַלד קימאַט צוויי מיט אַ האַלבן מעסלעס, צוהערנדיק זיך צו דעם רויש פון די אַוויאָן־קוילן און צום ברו־מען פון זעניט־קאַנאָנען. פון צייט צו צייט האָט זיך געהערט אַ געשריי „היט אייך", דאָס האָט באַדייט אַז די קויל פליט אַף אונדז. אַלע פלעגן זיך אַ וואָרף טאָן אין אַ שמאָלן שוץ־גרוב, אָנגעפילט מיט רעגן־וואַסער. די קוילן פלעגן פאַרבייגיין אין ריכטונג צו דער שטאָט. אויסגעשמירטע אין ליים פלעגן מיר זיך אומקערן אין געצעלט, שעלטן די דייטשן און באַגלייך אויך אונדזער אָנפירערשאַפט, וואָס האָט אונדז דאָ פאַרהאַלטן. אונדזער מאָרעשכוירעדיקע שטימונג איז אַף מאָרגן געוואָרן פאַרבעסערט מיט דער יעדיע געבראַכט דורכן ענגלישן ראַדיאָ, וועגן דעם צעשמעטערנ-דיקן קלאַפּ, וועלכן די רויטע אַרמיי האָט דערלאַנגט די דייטשן באַ ווי־טעבסק.

דעם זעלביקן אָוונט האָט מען אונדז אַריינגעזעצט אין גערוימע לאָנ־דאָנער אָמניבוסן, צוגעשטעלט צום פּאָרט אַף דער טעמזע און פונקט 10 אַזייגער האָט דער מיליטערישער טראַנספּאָרט סע־190, זיך גערירט מיטן טייך אַראָפּ. אונדזערע שכיינים באַם קאָנוואָי, קעניגלעכע הוזאַרן וועלכע האָבן איצט אָנגעזאָטלט די טאַנקען, האָבן אונדז באַגלייט מיט אַ באַטויבנ־דיקן געשריי, געוואָרפן זייערע מיצלעך אין דער הויך און געפּרוּווט עפּעס זינגען. מיר זיינען ניט ריכטיק צוגעשווּומען צום בריק, וועלכער איז געשטאַנען אַ צוויי הונדערט מעטער פאַר אונדז, מען האָט געמוזט גיין צוריק. די הוזאַרן האָבן אָנגעהויבן פייפן און שרייען: „איר ריירט זיך ניט אין דער ריכטיקער זייט, פאָרויס, גלייך". פונקט ווי געפּאָלגט דעם געוואַלד, האָט די שיף זיך אָפּגעשטעלט אַף אַ האַלבער מינוט און דערנאָך פּאַוואָליע אָנגעהויבן רירן זיך פאָרויס. די הוזאַרן האָבן באַגייס־טערט געליאַרעמט: „אַ גליקלעכן וועג! ביזן שנעלן צוזאַמענטרעפן זיך אין בערלין". אין אַ מינוט אַרום האָט אויך זייער טראַנספּאָרט זיך אָפּגע־ריסן פון ברעג און זיך געלאָזט נאָך אונדז. אין דעם געדיכטן נעפּל זיינען די דאַמף־מאַשינען שטיל געגאַנגען איבערן טייך. די שיפּע ברעגן זיינען

שנעל פאַרשוווּנדן אין דער פינצטערניש. צום שוואַרצן הימל האָבן זיך געהויבן קוים באַמערקבאַרע שטריכן פון איינצלנע הייזער, וווּ ניט וווּ האָט זיך דורך די פאַרהאַנגענע פענצטער דורכגעריסן געלבלעכע שטראַמען ליכט.

אַ טונקעלער, טרויעריקער פרימאָרגן האָט אונדז געטראָפן באַם אויסגוס פון דער טעמזאַ. ענלעך צו אַ גרויסן איינגוס, איז ער געווען אָפּגעטיילט פון יאַם מיט אַ גרויסער שטאָלענער שטאַכעטן וואַנט. דאָ האָבן זיך פאַרזאַמלט אַ דריי־פיר צענדליק שיפן. איבער זיי זיינען געשוועבן בליי־קאָליריקע באַלאָנען פון לופט-שוץ, פון יענער זייט האָבן זיך באַוועגט פויל, פונקט ווי פאַר זייער אייגענעם פאַרגעניגן, מינען־טרעגער און צעשטערער, וועלכע האָבן אונדז געשיצט.
ערשט מיטיק־צייט האָט זיך דער קאָנוואָי געריִרט ווייטער. איינע

נאָך דער אַנדערער האָבן זיך די שיפן אויסגעקערעוועט אין דעם איינגוס און אַרויס דורכן טויער. דער קאָנוואָי האָט זיך אויסגעצויגן אַף עטלעכע מייל. רעכטס פון אונדז האָט זיך קוים אַרויסגעזען דער ברעג, וועמענס קאָנטורן האָבן זיך באַהאַלטן הינטער דעם מוטנעם שלייער פון נעפּל. צווישן ברעג און אונדז האָבן זיך געהויבן איבערן וואַסער בעטאָן־נעסטן, וועלכע האָבן באַשיצט דעם ברעג פון די אומגעוווּנטשענע געסט. לינקס האָט זיך אויסגעצויגן אַ געדיכטע קייט פון מינען־טרעגערס און צעשטערער, שיצנדיק אונדז פון דער זייט פון יאַם. נאָך ווייטער זיינען געגאַנגען עטלעכע קרייצערס וועלכע האָבן באַקומען אַ באַפעל דורכצופירן אונדזער קאָסטבאַרן קאָנוואָי אומגעשעדיקט איבערן דאָווער דורכפלוס. כ'האָב נאָך ניט געזאָגט, אַז מיט אונדז צוזאַמען איז געגאַנגען אַ טאַנקען־דיוויזיע. ביז ביין־האַשמאָשעס האָבן די שיפן געפּרוּווט זייער געווער, געשאָסן פון די קאַנאָנען, פון יעדער שיף האָבן די זעניט־קאַנאָנען און ראַקעטן־איינריכטונגען פלייסיק געשפּיגן מיט פייער און אייזן אין די שטילע רואיקע וואָלקנס.

אין ביין־האַשמאָשעס, נאָכן נאַכט-עסן בין איך אַוועק אַף דער הינטערטייל פון שיף, ווו צווישן לייכטע טאַנקען און לאַסט־וואָגנס האָבן זיך איינגעאָרדנט סאָלדאַטן פון דעם אויסשפּיר־פּאַנצער־באַטאַליאָן. באַטראַכטנדיק אויפמערקזאַם מיינע עפּאָלעטן פון קאָרעספּאָנדענט, האָבן די סאָלדאַטן געמאַכט פאַר מיר אַ פּלאַץ און זיך ווידער אַוועקגעזעצט אַפן ברעזענט. זיי פלעגן שטענדיק זייער גערן באַגעגענען אַ קאָרעספּאָנדענט. ס'האָט זיך פאַרבונדן אַ שמועס וועגן דער מילכאָמע, וועגן דער סאָוועטישער אָפענסיווע אין ווייסרוסלאַנד, וועגן וועלכער מען האָט ניט לאַנג איבערגעגעבן דורכן ראַדיאָ, וועגן די פליענדיקע אַוויאָן־באָמבעס, וועגן דער מעגלעכקייט פון אַ דייטשישן איבערפאַל אַף אונדזער קאָנוואָי... וועגן דעם לעצטן האָט קיינער ניט געגלויבט, יעדנפאַלס האָט קיינער ניט

מוירע געהאַט פאַרן סוינע: קיין אַוויאַציע האָבן די דייטשן ניט געהאַט, און זייער יאַם־פלאָט האָט ניט געקענט זיך פאַרמעסטן מיטן ענגלישן.

— פאַר אַ ריינעם הימל איבער ענגלאַנד, מוז מען דאַנקבאַר זיין די רוסן, — האָט געזאָגט איינער, אַ ראַדיאָ־טעלעגראַפיסט, וואָס איז געזעסן לעבן מיר. — פון זינט עס האָט זיך אָנגעהויבן די דייטשיש־סאָוועטישע מילכאָמע זיינען די דייטשן געוואָרן באַ אונדז זייער זעלטענע געסט, ניט אַזעלכע אָפטע ווי ביז דאַן. געדענקט איר דעם מאָנאַט סעפטעמבער פון יאָר 1940? דער הימל איז געווען פול מיט פאַרשאָלטענע דזשערדים און די זון פלעגט גאַנצע טעג זיך אויסבאַהאַלטן הינטער אַ רויך־פאָרהאַנג: לאָנדאָן האָט געברענט און נאָך ווי געברענט.

קיינער האָט זיך ניט אָפּגערופן. די פּענימער פון די סאָלדאַטן זיינען מאָרעשכוירעדיק געוואָרן באַם דערמאָנען זיך נאָך וועגן יענע טעג. כ'האָב באַשלאָסן אַז דאָ איז דער פּאַסיקסטער מאָמענט זיי צו שטעלן אַ פראַגע, וועלכע האָט מיך שטאַרק אינטערעסירט. נאָכן אויפקלערן זיי, אַז יעדער איינער פון אונדז גייט אַריבער איצט אַזוי צו זאָגן דעם רוביקאָן (כ'האָב געמוזט מאַכן אַ היסטאָרישן אָפּנויג צוליב דעם), האָב איך געפרעגט.

— צוליב וואָס זעצט איר זיך איצט אַרויס אָפן אייראָפּעישן קאָנטינענט?

— ס'איז דאָך קלאָר — האָט שנעל געענטפערט דער ראַדיאָ־טעלעגראַפיסט, — קעדיי צו העלפן די רוסן צו צעקלאַפּן די דזשערדים.

— און צוליב וואָס פאַר אַ ציל?

אַ לאַנגער און שווערער שווייגן. הינטער דער שיף האָט געברומט די כוואַליע, איבער אונדזערע קעפּ, צווישן וואָלקנס האָט זיך באַוויזן אַ גרויסע לעוואָנע. זי האָט, דאָ אַרויסגעקוקט און דאָ פאַרשוווּנדן געוואָרן, און די לעוואָנע־סטעזשקע איבערן וואַסער האָט זיך אויסגעצויגן ווייט אין דער נאַכט פינצטערניש, אָדער מיט אַמאָל פאַרטונקלט געוואָרן.

— טפו זאָלסטו ווערן — האָט זיך עמיצער אויסגעשפּיגן צום סאָף הינטער מיין פּלייצע, — ס'איז אַזוי פּראָסט, און קענסט ניט ענטפערן.

אַ יונגער קאַפּראַל האָט זיך געלאָזט אין אַ לאַנגן דערקלערן וועגן דער אומאָרנטלעכער גייציקייט פון דייטשן, וועלכע קענען קיין רו זיך ניט געפינען אין אייראָפּע און שטערן דאָס לעבן פון די פרידלעכע מענטשן. אָבער דאָס האָט מיין פראַגע ניט פאַרענטפערט. אַ שאָפער פון אַ געפּאַנצערטן אויטאָמאָביל — פאַר דעם קריג אַ מילך־פאַרקויפער, האָט דעם ציל געזען אין דעם, אַז מען זאָל נעקאָמע נעמען פון די דייטשן פאַר די צעשטערטע ענגלישע שטעט.

אַ שרייבער אין שטאַב, — ביז דער מילכאָמע אַ געהילף אין אַ קליין פוטער־געשעפטל באַ זיין אייגענעם פאָטער, אַ לייענער פון „דיילי מאַיל", ווי ער אַליין האָט זיך מוידע געווען, האָט גערעכנט, אַז ס'איז צו ריזיקאַליש צו פאָלגן די אייצע פון ראַדיאָ־טעלעגראַפיסט און „צעקלאַפּן אינ־

גאַנצן די דזשערי". ער האָט געדענקט, אַז פאַר ענגלאַנד איז צו געפער־לעך פאַרבלייבן אויג אויף אויג מיט אַ מעכטיקער רוסלאַנד (פראַנקרייך, האָט ער באַגלייך מיט געגנעראַל סמעטס, אָן ראַכמאָנעס אַרויסגעוואָרפן פון כעזשבן).

דעם שרייבערס באַמערקונג האָט טיף אָנגערירט די לייט. דער ראַדיאָ טעלעגראַפיסט האָט אַנטשלאָסן זיך אַרויסגעזאָגט קעגן אַנטיסאָוועטישער מוירע. דער מילך־פאַרקויפער האָט זיך דערמאָנט, אַז רוסן האָבן קיינמאָל ניט געשעדיקט די ענגלענדער, בעיים פון דייטשישע צאָרעס האָט מען קיינמאָל ניט געקענט פאָטער ווערן. דער קאַפּראַל האָט גערעכנט אַז בע־סער פון אַלץ וואָלט מען געדאַרפט האַלטן אין געוויסע ראַמען אי די דייטשן אי די רוסן.

אויסברייטערנדיק אַביסל מיין פראַגע האָב איך זיי געפרעגט, וואָס דערוואַרט יעדער איינער פאַר זיך פון דער אינוואַזיע אין איירָאָפּע, פון דעם ניצאָכן פון די אַליאירטע. איך האָב דאָס געפרעגט באַ אַלע צען מאַן נאָך דער רייע. זיבן פון זיי האָבן געגעבן פעסימיסטישע ענטפערס. זיי האָבן גאַנץ גוט פאַרשטאַנען די גרויסע באַדייטונג פון דעם ניצאָכן פון די אַליאירטע איבער די דייטשן: דאָס האָט געטראָגן פאַר די פעלקער דעם געבענטשטן שאָלעם, וועלכן די דייטשן האָבן צוגענומען. נאָר זיי האָבן דורכויס ניט דערוואַרט, אַז זייער סאָציאַלע און מאַטעריעלע לאַגע זאָל זיך פאַרבעסערן נאָך דער מילכאָמע. פאַרקערט, זיי האָבן זיך גע־שראָקן, אַז אומקערנדיק זיך אַהיים נאָך דער מילכאָמע, וועלן זיי ניט געפינען אַפילע דאָס וואָס זיי האָבן געהאַט ביז אַהער. אַ געוועזענער צייַ־כענער האָט מיט אַ טאָן פון אַ פאַרמישפּעטן דערקלערט, אַז זיי אַלע זיינען שוין איצט טויגעניכצן, און קענען ניט מער ווי קריכן אַף די בייַ־כער ווי יאַשטשערקעס, שיסן לויפנדיק און בליץ־שנעל פאַלן אַף דער ערד. אין דער זעלבער צייט וועט אינדערהיים אונטערוואַקסן אַ נייער דאָר, וועלכער ווייסט ניט פון דעם אַלעמען, נאָר דערפאַר קענען גוט צייכענען, אויסאַרבעטן גוטע זאַכן און אַרבעטן. דער מילך־פאַרקויפער איז ניט גע־ווען מאַסקים מיט דעם: ער האָט גערעכנט אַז נאָך דער מילכאָמע וועט ער אַפילע געפינען אַ פאָסטן פון אַ שאָפער אין אַן אָמניבוס אָדער טאַקסי; ער האָט דאָך אין דער אַרמיי זיך אויסגעלערנט אַ פאַך.

פון די דריי „אָפּטימיסטן" האָט איינער ביז דער מילכאָמע געדינט אַלס אָנגעשטעלטער אין אַן עקספּאָרט־פירמע, ווו ער האָט געמוזט שטו־דירן די פראַנצויזישע שפּראַך, קעדיי ער זאָל קענען פּראָגרעסירן אַף זיין שטעלע. דער יונג האָט געהאָפט געפינען אין פראַנקרייך יענע שפּראַך־פּראַקטיק, וועלכע האָט אים געפעלט. אַ זון פון אַ קלייטניק, האָט ער דערוואַרט אַ צעבליאונג פון „ביזנעס". דער ראַדיאָ־טעלעגראַפיסט האָט געגלויבט, אַז אַרויסיאָגנדיק די דייטשישע פאַשיסטן, וועלן אַלע פעל־קער זיך אָפּרעכענען מיט זייערע אייגענע, היימישע רעאַקציאָנערן (ער

האָט איר באַצייכנט מיט דעם פאַרשפּרייטן אין ענגלאַנד נאָמען — טאָרי). דאָס פּאָשעטע פאָלק וועט קליגער ווערן און מער ניט דערלאָזן קיין מיל־כאָמעס, און וועט זיך פאַרנעמען מיט איינאָרדענען זיינע אייגענע שוין אַזוי אויך גענוג פאַרפּלאָנטערטע עניאָנים.

דער צייכענער האָט זיך אויסגעזידלט און קאַטעגאָריש דערקלערט, אַז קיין זאַך ענלעך צו דעם וועט אין אייראָפּע ניט געשען, ווייל די פעל־קער וועט מען סיי ווי ניט לאָזן לעבן אַזוי, ווי זיי ווילן. מיט דעם זעלבן טאָן האָט ער דערציילט, אַז אַ גרופּע כאַווירים זיינע אין איטאַליע האָט געוואָלט העלפן די איטאַליענער „זיך דעמאָקראַטיזירן". די סאָלדאַטן זיי־נען געגאַנגען אַף פאַרזאַמלונגען פון איטאַליענישע פּויערים און בירגער, ארויסגעטראָטן מיט רעדעס קעגן פאַשיזם און קעגן רעאַקציע ביכלאַל. זיי האָבן גערעדט ווייל אַלס סטאַראָסטעס אין דערפער און בירגערמייסטערס אין די שטעט בלויז די לינקע, אויך קאָמוניסטן, נאָר די מיליטערישע מאַכט, אַף דער ביטע פון דער מיליטערישער אָקופּאַצע־פאַרוואַלטונג האָט געמאַכט אַ סאָף צו דעם. מען האָט געדראָט די סאָלדאַטן זיי צו שטעלן אונטער אַ קריגס־געריכט אויב זיי וועלן ניט אויפהערן „אריינמישן זיך אין די אינערלעכער עניאָנים פון איטאַליע".

— אַ גענעם אַף זייערע קעפּ! — האָט זיך אויסגעזידלט דער יונג.

— מען צווינגט אונדז בלוט פאַרגיסן צו באַפרייען דאָס אָדער יענץ לאַנד, נאָר אריינמישן זיך אין פּאָליטיק פאַרווערט מען אונדז.

— אַ סימען, אַז עס איז פאַראַן צווייערליי פּאָליטיקן — איינע איז אַ פּאָליטיק פון יענע, וועלכע קעמפן, און די צווייטע פון די וועלכע באַ־פעלן, — האָט געמאַכט אַ סאַכאַקל דער ראַדיאָ־טעלעגראַפיסט.

— און מיר אַליין פירן אַ מילכאָמע, פאַר וועלכע פון דיביידע? — דער מילך־פאַרקויפער האָט אַ קראַץ געטאָן זיין גאָמבע און אָפּגעזיפּצט.

— וועגן דעם איז בעסער ניט צו טראַכטן, ווען דו דערנענטערסט זיך צו דער געפאַר. עס איז זייער אַ פּאַסקודנע געפיל, ווען דו ווייסט אַפילע ניט פאַר וואָס דו וועסט שטאַרבן...

דער געשפּרעך האָט זיך איבערגעריסן... ס'האָט אָנגעהויבן הערשן אַ טרויעריקע שטילקייט. אַלע האָבן זיך אריינגעקוקט אין דער נאַכט. אַנטקעגן, פון רעכטס האָבן זיך אָנטפּלעקט די באַרימטע „ווייסע פעלדזן פון דאָווער". זיי האָבן מוטנע געוויַיסט זיך אונטער דער לעוואָנע, דאָ פאַר־שווינדנדיק, ווי באַהאַלטן הינטער אַ פאַרהאַנג, ווען די שנעלע וואָלקנס פלעגן פאַרשטעלן די לעוואָנע.

אין דעם דורכגוס פון דאָוור האָבן דייטשישע באַטארייען געפּרוּווט באַשיסן אונדזער קאָנוואָי. די ברעג־באַטאַרייען פון דאָוור האָבן געענט־פערט און אויך קאַנאָנען פון אונדזערע קרייצערס. די שיסעריי, נישט ברענגענדיק קיין שאָדן, איז פאַרשטומט געוואָרן פּונקט אַזוי אומדער־וואַרטעט, ווי זי האָט זיך אָנגעהויבן.

אַף צו מאָרגן פרי זיינען מיר אַרויס אַף אַ געריימען יאַם „פּראָספּעקט" צווישן ענגלאַנד און נאָרמאַנדיע. דער „פּראָספּעקט", ווו די באַוועגונג איז געווען פּונקט אַזוי באַלעבאַט, ווי אין לאָנדאָן אַף פּיקאַדילי, איז פון ביידע זייטן פעסט באַשיצט געווען מיט אַ געדיכטן פּאַרקאַן פון מינען־טרעגער און צעשטערער, איבער זיי זיינען געפלויגן אַוויאָנען. אונדז אַנטקעגן זיינען געגאַנגען לאַסט־שיפן, דעסאַנט־שיפלעך און אַמאָל אַף היכע כוואַליעס זיינען געשוווּמען צעשטערער און אַנדערע קריגס־שיפן.

ניט ווייט פון דעם אינדזל אוֹאיט האָבן מיר דעריאָגט אַ שמוציקע שלעפּ־שיף, וועלכע האָט אומגעהויער געראַנקערט. זי האָט געשלעפּט אין דער ריכטונג פון פראַנקרייך... אַ שטיק אייזן־בעטאָנענעם פּירס. מען האָט זיך געוויצלט, אַז דער מעשוגענער דזשעררי האָט אין טומל געגאַנוועט באַ די ענגלענדער אונטערן נאָז אַ שטיק סוטהאַמפּטאָנער פּאָרט. ס'איז געווען אַזוי אומדערוואַרטעט, אַז קיינער האָט אַפילע קיין לאַך ניט געטאָן. מענטשן האָבן פּאַשעט ניט געקענט פאַרשטיין, וואָס אַזוינס דאָ קומט פּאָר. נאָר די גוט־באַהאַוונטע האָבן געוווּסט, אַז די שמוציקע שלעפּ־שיף האָט געשלעפּט צו די נאָרמאַנדישע ברעגן אַ טייל פון אַ גרויסן קינסטלעכן האַפן, וועלכן די אַליאירטע האָבן אין געהיים צוגעגרייט אין ענגלאַנד און וועלכער איז שפּעטער צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן באַ אַראָמאַנש, זומער פון יאָר 1944 איז דאָס געווען, לויט מיין מיינונג, דער באַלעבאַטסטער פּאָרט אין דער וועלט.

ס'איז שוין געוואָרן פינצטערלעך ווען מיר זיינען צוגעקומען צו נאָרמאַנדיע. איר ברעג איז פאַרטרונקען געווען אין נעפּל אויסגעמישטן מיט רויך. טויזנטער פאַרשיידענע שיפן, פראַכט־שיפן, פּאַסאַזשיר־שיפן, דעסאַנט, קריגסשיפן א. אַ. האָבן געשוואַרצט אַפן טונקעלן גלאַנץ פון יאַם. באַלאָנען פון לופט־פאַרצוימונג זיינען אומבאַוועגלעך געהאַנגען איבער זיי, ווי אַ סטאַיע זילבערנע פייגל. דורך אַ בינאָקל האָט מען געזען אַראָמאַנש מיט אַ צעשטערטן וואַלד הינטער איר. לינקס האָט זיך געזען די טונקעלע מאַסע פון דער קריגס־שיף „ראָדנעי", וועלכע האָט פון צייט צו צייט געשפּיגן מיט פייער און רויך, באַשיסנדיק דעם האַלב־אינדזל. די קרייצערס וועלכע זיינען געשטאַנען פאַר אים האָבן געשאָסן קעסיידער.

מיר האָבן זיך אַרויסגעזעצט ערשט אַפן אַנדערן טאָג. צום דאַמפּער איז צו אַ דעסאַנט־שיף ענלעך אַף אַ גרויסן לאַנגן קאַסטן. באַ דער הינטערשטער ווענטל פון קאַסטן האָט זיך געפונען אַ ביידל מיטן מאָטאָר און די רודערס. די פאָדערשטע ווענטל פלעגט זיך אַראָפּלאָזן בילדנדיק אַ טויער און פאַרוואַנדלענדיק זיך אין אַ ברייטן בריקל פון שיף צום ברעג. די הייב־מאַשינען פון דער שיף האָבן אָפּגעלאָדן אויטאָמאָבילן, לייכטע טאַנקען, קאַסטנס מיט אַמוניציע. פאַרן אַראָפּגיין האָבן מיר זיך געזעגנט מיטן קאַפּיטאַן. ער האָט רואיק און גלייכגילטיק אַפילע, געדריקט די הענט די אָפיצירן, מיין האַנט האָט ער אַ ביסל פאַרהאַלטן.

— דאָס וואָס עס טוען אייערע לייט, — האָט ער מיר געזאָגט, — איז פּאָשעט ווונדערבאַר. איך בין געווען אין מורמאַנסק און ווייס וואָס דאָס הייסט אין רוסלאַנד פירן מילכאָמע. דעם ערשטן בעסטן פון אייערע יאַטן וואָלט איך אָן שום וואַקלעניש געגומען צו זיך. אַף זיי קען מען זיך פאַרלאָזן, זיי וועלן ניט אונטערפירן אין דער שווערסטער און ריזי־קאַלישסטער אויפגאַבע. זיי פירן זיך אַזוי, ווי עס קען זיך נאָר פירן אַ קאָמאַנדע, וועלכע ראַטעוועט איר שיף פון אונטערגאַנג.

— זיי טוען עפּעס מער, קאַפּיטאַן...

— איך פאַרשטיי, איך פאַרשטיי, און איך צווייפל ניט, אַז די אור־אייניקלעך וועלן שטאָלץ זיין מיט זייערע אורזיידעס, פּונקט אַזוי ווי מיר שטאָלצירן מיט די אָנטיילנעמער פון טראַפּאַלגאַרער שלאַכט.

מיר זיינען אַרויס אין אַראַמאַנש און זיך געלאָזט לענגויס דעם ברעג. אַף די בערגלעך באַ דער שטאָט און אויך אַף מיַירעוו פון איר האָבן געשוואַרצט שוץ־גראָבנס, זעלטענער פלעגט מען אָנטרעפן אַף פרימיטי־ווע באַפעסטיקונגען מיט נעסטן פאַר קוילנוואַרפערס. אין שטאָט גופע, איבערהויפּט אין איר אומגעגנט זיינען די קעלערס פון פיל הייזער גע־וואָרן פאַרוואַנדלט אין פאַרפעסטיקונגען. אויך דאָ האָט זיך געמערקט אַ מאַנגל אין שווערער באַוואָפענונג, אָבער פון מאַנגל אין פראַנצויזישע עסנס און וויינען האָבן די דייטשן ניט געליטן. כ'וויל באַמערקן, אַגעוו, אַז איינער אַ פריץ האָט באַוויזן אויסזיצן אין אָט אַזאַ קעלער מער ווי אַ מאָנאַט נאָך דעם אַרויסזעצן זיך פון די אַליאירטע. ווען דער פריץ האָט אויפגעגעסן דעם גאַנצן פּראָוויאַנט, איז ער אַרויסגעקראָכן און זיך איבערגעגעבן אין געפאַנגענשאַפט. אין וואָסער, באַם סאַמע ברעג האָבן די דייטשן איינגעפעסטיקט פלעקענער און אָנגעצויגן אַף זיי שטעכיקן דראָט, קעדיי צו שטערן דער אַטאַקירנדיקער אינפאַנטעריע פון דעם קעג־נער. נאָר דאָס האָט ניט איינגעהאַלטן די אינוואַזיע. די אַמפיביע־שיפן: „בופלאָקסן” און „קאַטשקעס”, וועלכע האָבן אַריבערגעפירט די דעסאַנט־סאָלדאַטן פון די שיפן אַפן ברעג, האָבן געריסן די דראָטן ווי שפּינוועבס.

שוין נאָך הונדערט טריט פונעם ברעג האָבן מיר ניט געפונען אַפילע קיין סימען פון באַפעסטיקונגען פון דעם אומגעהויער רעקלאַמירטן היטלע־ריסטישן „מיַירעוו־קאָרדאָן”. פאַר אונדזערע אויגן האָבן זיך געשפּרייט פרידלעכע פעלדער, נאַסע פון דעם ערשט געגאַנגענעם רעגן, ווייטער האָבן געטונקלט די באַרימטע עפּל־גערטנער פון נאָרמאַנדיע (די נאָר־מאַנדישע עפּל עסט מען ניט, פון זיי ווערט אויסגעאַרבעט סידרע, אַן אָפּ־פרישנדיקער און פאַרשיקערנדיקער געטראַנק. מען מאַכט אויך פון די עפּל אַן אַלקאָהאָל־געטראַנק — קאַלוואַדאָס, פּונקט אַזוי שטאַרק ווי עקלהאַפט אין טאַם). פונדערווייטנס האָבן זיך געזען בערגלעך. דאָ זיינען ניט געווען ניט קיין דייטשישע באַפעסטיקונגען און ניט קיין שפּורן פון שלאַכט. נאָר די ביימער באַם וועג זיינען געווען באַדעקט מיט שטויב,

װעלכער האָט זיך אויפגעהויבן פון דער באַװעגונג פון אַרויסגעזעצטן מי־
ליטער.

דער דייטשישער פּאַרטיידיקונגס־קאָרדאָן האָט זיך אַרויסגעװיזן פאַר
אַ פולשטענדיקן בלאָף. די הויפּט־אָנפירונג פון די אַליאירטע האָט זיך
ניט געלאָזט אָפּנאַרן, האַגאַם די אַליאירטע פּראָפּאַגאַנדיסטן האָבן זיך
באַמיט אָפּנאַרן די געזעלשאַפטלעכע מיינונג פון דער װעלט, באַשרייבנדיק
אָט דעם קאָרדאָן מיט די זעלבע פאַרבן, װעלכע עס האָט באַנוצט געבעלס.
אַ פּאָלקאָװניק פון דעם שטאַב פון דרייסיקסטן בריטישן קאָרפּוס, בערינג,
האָט מיר דערציילט אַ ביישפּיל פון אָט אַזאַ מין שאַפונג פון דער דיי־
טשישער פּראָפּאַגאַנדע, אָבער ניט קעדיי אויפצודעקן דעם דייטשישן בלאָף,
נאָר קעדיי צו פאַרפּאַסן אַן אַרטיקל װעגן דעם, װי שװער עס איז געװען
דורכצוברעכן די דייטשישע פּאַרטיידיקונג. דעם פּאָלקאָװניקס אַרבעט איז
געװען אַרויסגעװאָרפן. זיינע רייד האָט מען נאָר געקענט אויסהערן מיט
אַ שמייכל, האַגאַם, ער אַליין האָט אויך געלאַכט, װייל מיר ביידע האָבן
צו גוט געװוסט, אַז די אַליאירטע האָבן דורכגעריסן די דייטשישע פאַר־
טיידיקונגען אין נאָרמאַנדיע פּונקט אַזוי לייכט װי אַ צעגליטע שװערד
שטעכט דורך אַ בויגן פּאַפּיר.

.7

ס'איז שוין גאַנץ פינצטער געװאָרן, װען אונדזער אויטאָ־קאָלאָנע,
װעלכע האָט זיך פאַרמירט אַפן מאַרש-הויף, האָט זיך געלאָזט אין װעג
אַריין. דער װעג אָבער, װעלכער איז געגאַנגען באַרג־אַרויף איז געװען
פאַרפּראָפּט מיט אויטאָמאָבילן. גאָר גיך האָבן מיר קוים זיך געקאָנט באַ־
װעגן. פאַר אונדז האָבן זיך לאַנגזאַם באַװעגט פאַרויס פּאַנצער־אויטאָמאָ־
בילן פון דעם אויסשפּיר־באַטאַליאָן: „אַף יעדנפאַלס" האָבן זיי געפירט
און געשלאָסן די קאָלאָנע. מיר פלעגן זיך אָפט אָפּשטעלן, די סאָלדאַטן
און אָפיצירן פלעגן זיך זאַמלען אין קופּקעס און נערװעז גערעדט צװישן
זיך. עס האָט געשיינט אַז די מענטשן װאָלטן געפּלאַצט פון אויפרעגונג,
װען מען זאָל זיי פאַרמאַכן די מיילער. איבער אונדז האָבן געשװעבט
צעריסענע װאָלקנס, און דורך זיי אַ העלע װייסע לעװאָנע. פאַר אונדז,
פּונקט דאָרט, װוהין עס האָט געפירט אונדזער װעג האָט געשעמערירט
אַ גרויסער פייער. באַ די זייטן פון אים האָבן זיך געצונדן ליכטער, פּונקט
װי אַ בוקעט שיינענדיקע בלומען אויפגעהויבן צום הימל.

אין פּאַנצער־אויטאָמאָביל, װאָס איז געגאַנגען פאַר אונדז, האָבן זיך
געפונען מיינע באַקאַנטע פון שיף: דער געװעזענער מילך־פאַרקויפער,
װעלכער האָט געכאַלעמט צו װערן אַ שאַפער פון אַן אָמניבוס, דער ראַ־
דיאָ־טעלעגראַפיסט און דער קאַפּראַל. אַף איינער פון די צייטװייליקע

סטאַנציעס האָט דער ראַדיאָ־טעלעגראַפיסט, דערקענענדיק מיך, אַ פּאָר־וואונדערטער און אויפגערעגטער אויסגעשריען:

— זיי באַגעגענען אונדז מיט פייערווערק! ביז איצט איז די אינ־וואזיע געווען ניט אַף אַזוי פיל שרעקלעך ווי שיין. די דייטשן זיינען אַנט־לאָפן אין דער טיף פון האַלב-אינדזל, די פראַנצויזן באַגריסן אונדז, מיידלעך וואַרפן זיך אַף אונדזערע העלדזער. אַפּאָנים, אַז אין דעם באַהאַלט זיך אויך עפּעס אַ זין פון אונדזער אַרויסזעצן זיך אין אייראָפּע.

— זיי האָבן פּונקט אַזוי אונדז באַגעגנט אין ניין און דרייסיקסטן יאָר. נאָר, איר וואָלט באַדאַרפט זען, ווי זיי האָבן אונדז באַגלייט אין פערציקסטן. — האָט אַ ברום געטאָן דער קאַפּראַל. — כ'האָב מוירע, אַז דאָס מאָל קען דאָס אַרויסבאַגלייטן זיין נאָך הייסער.

— אַלץ איז אָפּהענגיק פון דעם, ווי אַזוי מיר וועלן זיך אויפירן, — האָט זיך אַריינגעמישט אין געשפּרעך דער קאַפּיטאַן קאָרנפילד, קאָמענדאַנט פון אַוואַנגאַרד פון אונדזער שיף. — מען באַגעגנט אונדז מיט בלומען, און אַרויסבאַגלייטן קען מען אונדז מיט שטעקנס. אַלץ הענגט אָפּ פון אונדז אַליין.

דעם קאַפּיטאַן קאָרנפילד האָט מיך נאָך אַפן שיף פאָרגעשטעלט דער לייטענאַנט עדוואַרדס, און אין געלעכטער אים גערופן אָדער „דער שוואַר־צער פּרינץ" (יענער איז בעעמעס געווען טונקל, און די געדיכטע האָר און צעפלייטשטע ברעמען, צוזאַמענגעוואַקסענע איבערן נאָז, זיינען געווען אויסערסט שוואַרץ), אָדער „דער פאַרכאַלעמטער סאָציאַליסט".

אין געשפּרעך מיט מיר האָט קאָרנפילד אָנגעפאַנגען זיך באַקלאָגן אַף דער מענטשהייט, וועלכע איז ווי עס שיינט „אַריין אין אַ טעמפּן ווינקל".

— פּאָר מיין קורצן לעבן — האָט ער געזאָגט, — זע איך שוין די צווייטע וועלט־מילכאָמע. דאָס איז שלעכט, דאָס באַדייט, אַז די ראָד, אין וועלכער מיר דרייען זיך, דרייט זיך אין דעם זעלבן קרייז אַ סאַך שנעלער, ווי מיר האָבן גערעכנט. די קינפטיקע מילכאָמע וועט קומען נאָך שנעלער, און זי וועט זיכער זיין נאָך שרעקלעכער. און דאָס וועט זיין דער סאָף. איצט האָף איך אַף אייך, אַף רוסלאַנד. איר מוזט זאָגן אַ ניי וואָרט.

— כ'האָב מוירע, קאַפּיטאַן, אַז אייניקע פון אייערע פריינט וועלן זיך ניט וועלן צוהערן צו אונדזער וואָרט...

— ס'איז אומעגלעך. מ יי נ ע פריינט וועט עס געפעלן, איך פאַרזיכער אייך.

— ענגלאַנד אָבער, באַשטייט ניט נאָר פון אייערע פריינט, קאַ־פּיטאַן.

— ס'איז עמעס, — איז ער מאַסקים געווען מיט אַ זיפץ. נאָר אין אַ רעגע שפּעטער האָט ער קוקנדיק אַף מיר מיט זיינע שוואַרצע גלאַנ־ציקע אויגן אַנטשלאָסן אויסגערופן: — נאָך דער מילכאָמע, וועלן פעל־

קער קליגער ווערן, זיי מוזן קליגער ווערן. עפּעס האָבן זיי דאָך געלערנט ?
— זיי מוזן לערנען..

אַף מיין אָנפרעגע וועגן די צילן פון דער אינוואַזיע אַף דעם איי־ראָפּעישן קאָנטינענט האָט דער „טרוימערישער סאָציאַליסט" געענטפערט מיט אַ לאַנגער דערקלערונג. לויט זיינע ווערטער שטרעבט ענגלאַנד אומ־קערן איירפּע צו יענער לאַגע אין וועלכער זי האָט זיך געפונען ביז היטלערס קומען צו דער מאַכט (פראַנקרייך זעלבסטפאַרשטענדלעך גייט ניט אַריין אין כעזשבן). אַמעריקע ווידער, שטרעבט זיך צו באַפעסטיקן אַפן איירפּעישן קאָנטינענט. (ניט נאָר דערפאַר זי זאָל קענען אָפּמעקן די כוויוועס פון די איירפּעישע לענדער, וועלכע ווילן ניט אָדער קענען ניט צאָלן זייערע כוויוועס, נאָר צוליב דעם זי זאָל קענען באַקומען עטוואָס ווי אַ פאַרזיכערונגס־קוויציע). צוליב דער טאָפּלטקייט פון די ענדגילטיקע צילן פון די אַנגלאָ־זאַקסישע פאַרבינדעטע, האָט דער קאַפּיטאַן אויך ניט דערוואַרט קיין איינהייטלעכע סטראַטעגיע. ער האָט גערעכנט, אַז יעדער קאָמענדאַנט פון גרופּעס, אַרמייען, קאָרפּוסן און אָפּטיילונגען וועט אַף זיין שטייגער טאָן דאָס מעגלעכסטע צו העלפן זיין לאַנד צו דערגרייכן איר ציל און גלייכצייטיק באַשווערן דאָס פאַר זיין פאַרבינדעטן. קאָרנ־פילד האָט קאַטעגאָריש פאַרדאַמט די אַמעריקאַנער פּלענער, וועלכע זיי־נען שעדלעך פאַר איירפּע און האָט גאַנץ נאַיוו געגלויבט, אַז ענגלאַנד וועט נאָך דער מילכאָמע „העלפן" די איירפּעישע לענדער ניט אין איר פריינטשאַפט מיט קעניגן און מאַגנאַטן פון אינדוסטריע און פינאַנצן, נאָר דורך אַ צוזאַמענבונד מיט די פעלקער אַליין. דערפאַר האָט ער גע־האַלטן פאַר אַזוי וויכטיק די גוטע באַציונגען צווישן די סאָלדאַטן און דער באַפעלקערונג און האָט אינספּירירט די סאָלדאַטן וועגן דער נויט־ווענדיקייט פון אַ קאָרעקטער אויפפירונג.

אַ פראַנצויזישער פאַרבינדונגס־אָפיציר, מיט וועלכן איך האָב מיך באַקענט אַף דער שיף בעשאַס מיין געשפּרעך מיט קאָרנפילדן, האָט מיר פאַרגעשלאָגן זיך דורכשפּאַצירן ביז די פאַרשטאָפּונג וועט זיך אויפלייזן. מיר האָבן איבערגעלאָזט דעם „טרוימערישן סאָציאַליסט" געבן לעקציעס זיינע סאָלדאַטן און אַליין זיינען מיר אַוועק בּאַ דער זייט פון וועג. פון ביידע זייטן וועג זיינען געלעגן אויסגעשפּרייט שטילע שוואַרצע גערט־נער. די סאָלדאַטן האָבן זיך אויסגעלייגט אַפן גראָז אָנגעשפּאַרט זייערע קעפּ אַף די הענט.

פאַרזעצנדיק מיין „אַנקעטע", האָב איך געפרעגט דעם פראַנצויז וואָס ער דענקט וועגן דעם ענדגילטיקן ציל פון דער אינוואַזיע. ער האָט מיר שנעל געענטפערט, ניט געטראַכט, פונקט ווי ער וואָלט שוין פון פריער צוגעגרייט דעם ענטפער.

— דאָס וואָס עס האָט אייך נעכטן געזאָגט דער „שוואַרצער פרינץ" איז לויט מיין מיינונג דער עמעס. דער אונטערשייד אין די צילן באַ די

אַליאירטע איז אָן שום צווייפל ריכטיק. נאָר דאָס איז נאָר אַ טייל פון דעם עמעס. איך ווייס ניט, אויב איר האָט געהערט, אַז די לאָנדאָנער עמיגראַנטן האָבן געשיקט דער אַליאירטער אָנפירערשאַפט אַ מעמאָראַנדום מיט אַ פאָדערונג צו פאַרשנעלערן דאָס עפענען דעם צווייטן פראָנט?

— וואָס איז דאָ זיך צו וווּנדערן? דאָס איז דאָך גאַנץ נאַטירלעך.

— יאָ, אָבער זיי האָבן אָנגעגעבן די מאָטיוון, אַז וואָס נענטער עס רוקט זיך צו די רויטע אַרמיי צום האַרץ פון אייראָפּע, ווערט די באַוועגונג פון אינערלעכן ווידערשטאַנד אַלץ „לינקער", אַז דער אַנטיהיטלעריסטישער פאָלקס־אויפשטאַנד קען אָפּרוימען פון אייראָפּע ניט נאָר די דייטשישע פאַרכאַפּער, נאָר אויך די אָנפירנדיקע קעפּלעך פון אייניקע אייראָפּעישע לענדער, וועלכע האָבן מיט זייער טאָלעראַנץ פאַרן אייגענעם פאַשיזם צוגעגרייט אין זיינער צייט די דייטשישע פאַרכאַפּונג. דעריבער שיינט מיר אַז ניט געקוקט אַף דער פאַרשיידנקייט פון די אַנגלאָ־אַמעריקאַנישע צילן, פאַרבינדט זיי איין פאַרלאַנג ניט צו דערלאָזן רוסלאַנד צוצוקומען צום סאַף מילכאָמע צו מעכטיק. פון דער רוסישער מעכטיקייט וועט דאָך אָפּהענגיק זיין די עמעסע פּראָפּאָרץ פון די קויכעס צווישן דער עמעסדיקער דעמאָקראַטיע און פּלוטאָקראַטיע. אין זייער זאָרג פאַרן דערגרייכן זייער ציל וועלן די אַנגלאָ־זאַקסן אַף איין מינוט ניט אָפּלאָזן פון אויג אָט אָ די זייער וויכטיקע פאַר זיי אויסרעכענונג. יעדער גענעראַל וועט אַרבעטן, אַזוי צו זאָגן, אַף צוויי פראָנטן: ערשטנס, קאַלטן אָן אויג אַף זיין שאָכן און, צווייטנס, גלייכצייטיק געבן אַכטונג אַף דעם וואָס עס קומט פאָר אַף יענער זייט דייטשלאַנד, אָפן מיזרעך־פראָנט . . .

דער פראַנצויז האָט גערעדט הייס, מיט אַ זיכערקייט, ס'איז קלאָר געווען, אַז ער האָט ניט געוואָלט אַז די ענגלענדער און אַמעריקאַנער זאָלן אים הערן. ער האָט פאַר מיר אויסגעגאָסן זיין האַרץ. אונדזער קאָלאָנע האָט זיך לאַנגזאַם גערוקט אין דער טיף פון נאָרמאַנדיע. מיר האָבן אַריינגעקוקט פאָרויס, אין דער נאַכט, באַפאַרבט מיט מילכאָמע־פייערן, אָבער מיט די גייסטיקע אויגן האָט יעדער פון אונדז געוואָלט אַריינקוקן ניט נאָר איבער דער גרענעץ צו וועלכער מיר האָבן זיך דערנענטערט, נאָר אויך אַף יענער זייט נאַכט, אין דער נאָנטסטער צוקונפט אַריין, אין יענער צוקונפט וואָס האָט אונדז דערוואַרט, אונדזערע פעלקער און גאַנץ אייראָפּע.

# צייט און בלוט

.1

אויפֿן אַנדערן טאָג בין איך אַוועק צוזאַמען מיטן פּאָדפּאָלקאָווניק אַנאַטאָלי פּיליוגין באַקוקן דעם נאָרמאַנדישן פראָנט.

אַלע וועגן פֿון דעם לינקן פּליגל, וווּהין מיר האָבן זיך געריכט פֿון בייע, זיינען פֿולשטענדיק געווען פֿאַרשטאָפּט דורך אומענדלעכע אויטאָ־קאָלאָנעס. זיי האָבן זיך לאַנגזאַם און זאָרגלאָז צעגאָסן אין אַלע ריכטונ־גען, אינגאַנצן גלייכגילטיק צו דער געפֿאַר, וועלכע פֿאַרבאָרגט אין זיך דער מילכאָמע־הימל: פֿון דער דייטשישער אַוויאַציע איז קיין זייכער ניט געווען. אַלע פֿעלדער צווישן אַראָמאַנש און קרול זיינען געווען פֿאַר־שטעלט מיט אויטאָמאָבילן, בערג פֿון באָמבעס און קוילן, ברען־שטאָף, פּעק פֿון געפֿלאָכטענע דראָטן, צוגעגרייטע אַף צו דעקן די וועגן און אַעראָדראָמען. ווען די דייטשן וואָלטן דאַן געקענט באַשיסן דעם פּלאַץ מיט פֿלי־באָמבעס אָדער באָמבאַרדירן מיט דער הילף פֿון אַ באַדייטנדיקער אַוויאַציע־קראַפֿט, וואָלטן זיי אָנגעמאַכט די אַליאירטע אַ היבש ביסל צאָרעס. נאָר די דייטשישע אַוויאַציע איז געווען פֿעסט צוגעשמידט צו די קאָמפּס־פֿעלדער אין ווייסרוסלאַנד.

געפּוסטעוועט האָבן נאָר יענע וועגן, וועלכע האָבן געפֿירט דירעקט צום פֿראָנט. דאָרט האָט אונדזער אויטאָמאָביל אָנגעהויבן זיך יאָגן פֿאָרויס מיט אַ גרויסער שנעלקייט. מיר האָבן אָנגעפֿאַנגען געניי איינצוקוקן זיך אין די וועג־ווייזערס. ווען מיר פֿלעגן אָנטרעפֿן אַף אַן אויפֿשריפֿט „האַלט, פֿאָרויס — דער סוינע”, האָבן מיר געוווּסט אַז מיר האָבן שוין דערגרייכט די פֿאָדערשטע ליניע און אַז גלייך באַם ערשטן בעסטן אומבויג קענען מיר אָנטרעפֿן די פֿריצן. מיר האָבן געהאָרכזאַם אָפּגעטראָטן און פֿאַרקע־רעוועט אַף אַן אַנדער וועג, ביז עס פֿלעגט אונדז ווידער אָפּשטעלן די זעלבע אויפֿשריפֿט „האַלט! פֿאָרויס דער סוינע!” פֿאַרשטייט זיך, אַז מיר זיינען געווען זייער דאַנקבאַר דער מיליטערישער פּאָליציי פֿאַר אָט דער קלוגער וואָרענונג, ווייל די פֿראָנט־ליניע פֿלעגט זיך געניצלעך פֿאַר־לירן אין די נאָרמאַנדישע בערג און גערטנער.

אויפֿן רעכטן פּליגל, וווּהין מיר זיינען געפֿאָרן פֿרימאָרגן פֿון דעם אַנדערן טאָג האָט געהערשט די זעלבע געבענטשטע שטילקייט. איבער די שטילע גערטנער, וואָס האָבן געדרימלט אונטער דער הייסער זון, האָט געגלאַנצט די צעגליטע בלויקייט, ניט פֿאַרפֿלעקט דורך קיין איין אַוויאָן. אין די גערטנער האָבן זיך געפּאַשעט קעלבלעך, געשפּאַצירט גענדז. די

פויערישע הויפן, וועלכע זיינען געלעגן לענגויס דעם וועג זיינען געווען פול מיט לעבן. נאָר די שטעט, וועלכע האָבן געהאַט דאָס אומגליק צו ליגן אַפן הויפּט־וועג, אַף וועלכן עס האָבן זיך געריכט די אַמעריקאַנער טאַנקען, האָבן געטראָגן אַף זיך שווערע סימאָנים פון אַ מילכאָמע. ווייל די אַוויאַציע, דורכלייגנדיק אַ וועג פאַר די טאַנקען האָט ניט נאָר צע־שמעטערט די דייטשישע באַפעסטיקונגען, וועלכע פלעגן געבויט ווערן אַף די שטאָט־גרענעצן, נאָר אויך צעשמעטערט די שטעט. איבערייַסנדיק די פאַרבינדונג צווישן שערבורגער האַלב־אינדזל מיטן רעשט פון נאָר־מאַנדיע און וואַלאָן, האָבן די אַמעריקאַנער אַפן וועג פאַרנומען שערבורג און אַפּגערייניקט דעם גאַנצן האַלב־אינדזל. אָבער זייערע פּרוּוון דורכצו־שלאָגן זיך פון דעם וועג קאַרענטאַן—וואַלאָן, וועלכער איז געגאַנגען אַפן מיזורעך־ברעג פון האַלב־אינדזל, און אַרויסגיין צום מײַרעוו־ברעג אַפן וועג קוטאַנס—וואַלאָן, וועלכער האָט געפירט אין ברעטאַניע דורך אַוור־ראַנש, האָט צו גאָרניט געבראַכט. צום סאָף יוני זיינען די אַמעריקאַנער געבליבן שטעקן אַפן רעכטן פליגל, פונקט אַזוי פעסט, ווי די ענגלענדער אַפן לינקן. זיי האָבן, אָבער, ניט באַדאַרפט אויסמאָלן די פראָנט־ליניע מיט פלאַקאַטן און אויסשריי־צייכנס. דאָ האָט דעם קעגנער אָפּגעטיילט אַ זומפּ.

דער גאַנצער אַליאירטער פראָנט אין נאָרמאַנדיע, באַם אויסגוס פון טייך אָרן, האָט זיך געצויגן אַף מײַרעוו אין אַ גלייכער ליניע, וועלכע איז געגאַנגען עטוואָס דאָרעמדיקער פון בייע און קאַרענטאַן. אין די ערשטע טעג פון דער אינוואַזיע האָט די ליניע, אויסמיידנדיק קאַרענטאַן, זיך פאַרבויגן אַף צאָפן קימאַט הינטער אַ גלייכן ווינקל. די דריי־וואָכיקע אַקציע פון די אַמעריקאַנער אַפן האַלב־אינדזל האָט אויסגעגלייכט די לי־ניע: זי האָט זיך איצט אָנגעשפּאַרט אין יאַם צום צאָפן פון לעססע.

אין מעשעך פון די ערשטע פינף־זעקס וואָכן איז די ליניע פון נאָר־מאַנדישן פראָנט געווען אַ סטאַבילע. אויסנוצנדיק דאָס אַבסאָלוטע פעלן פון דייטשישן ווידערשטאַנד אין דעם אָנפאַנגס־פעריאָד פון דער אינוואַ־זיע, האָבן די אַליאירטע, פאַקטיש, זי פאַרכאַפּט בלויז מיט איין קלאַפּ. נאָר דאָס דערנענטערן זיך צו די וויכטיקע אָביעקטן ווי די שטעט קאַן און סענט־לאָ, ווו דער קנופּ פון די נאָרמאַנדישע וועגן האָט זיך צוזאַ־מענגעפלאָכטן, האָט זיך פאַרהאַלטן אַף אַ לאַנגער צייט. דער פּרוּוו צו פאַרנעמען קאַן האָט זיך פון אָנהויב אָן ניט איינגעגעבן. די בריטישע פאַראַשוטיסטן־דיוויזיע האָט ניט געקענט פאַרכאַפּן די בערג צו צאָפן פון קאַן, וועלכע האָבן דאָמינירט די שטאָט. די דייטשן האָבן אויסגענוצט דעם דורכפאַל פון די פאַראַשוטיסטן און אַף שנעל פאַרפעסטיקט די הויכ־קייטן. דער קאַמף פאַר זיי האָט זיך געצויגן ביז דער צווייטער העלפט יולי און האָט געקאָסט דער שטאָט איר עקזיסטענץ. די אַמעריקאַנער, אָנגעצילט אַף סענט־לאָ האָבן ניט געוואַגט אַטאַקירן די דייטשישע פאַ־

זיציעס, וועלכע האָבן געשיצט די שטאָט, אָן דער הילף פון אַוויאַציע, נאָר דער קאָמענדאַנט פון די יאַבאָשע־קויכעס גענעראַל מאָנטגאָמערי, האָט געהאַלטן אַלע זיינע קויכעס אָפן באַצירק הינטער קאַן.

קאַן איז געווען דער ווינקלשטיין פון מאָנטגאָמערים סטראַטעגיע. פון אָט דער גרויסער אינדוסטריעלער שטאָט, פאַרבונדן מיטן יאַם דורך אַ גרויסן קאַנאַל, זיינען די וועגן זיך צעגאַנגען ווי אַ פעכער. זיי האָבן געעפנט פאַר די אַליאירטע ניט נאָר גלייכע וועגן צו פאַריז, נאָר אויך זייטיקע וועגן צו פראַנקרייכס האַרץ. לויט מאָנטגאָמערים פּלאַן, וועלכן עס האָט אונדז עטוואָס שפּעטער דערקלערט דער שעף פון זיין אויסשפּירדינסט, דער בריגאַדיר גענעראַל וויליאַמס, האָט קאַן געדאַרפט שפּילן אַ ספּעציעלע ראָל. אַרויסזעצנדיק זיך אין נאָרמאַנדיע האָבן זיך די אַליאירטע אַרמייען געפונען אַף דער ליניע וואָס פירט פון מײַרעוו אַף מיזרעך, ס'איז געווען קימאַט אַ גלייכע ליניע. פונקט ווי אַ ראַדיוס אָנגעשפּאַרט אין צענטער — די שטאָט קאַן, האָט די ליניע זיך געדאַרפט אויסדרייען אין דער פאַרקערטער ריכטונג פון זייגער־ווייזער קימאַט אַף 270 גראַד. די דריטע אַמעריקאַנער אַרמיי וועלכע איז געשטאַנען אַף דעם רעכטן פליגל פון ראַדיוס, האָט זיך געדאַרפט אַראָפּלאָזן לענגויס דעם דאָרעם־מײַרעוודיקן ברעג פון נאָרמאַנדיע, אָנקומען אין ברעטאַן, דורכקרייצן זי און זיך אויסקערעווען דערנאָך גלייך אַף מיזרעך מיט דער ריכטונג צו פאַריז, אָבער דאָך אויסמיידנדיק פאַריז עטוואָס דאָרעמדיקער. די ערשטע אַמעריקאַנער אַרמיי, שטיצנדיק דעם רעכטן פליגל, האָט געהאַט די אויפגאַבע האַלטן די ריכטונג אַף רעכטס, ניט פאַרלאָזנדיק אין דער זעלבער צייט איר לינקן אַקסל, ווו אַף אַ קליינעם שעטעך האָט אָפּערירט די 2־טע בריטישע אַרמיי. באַם סאַמע צענטער האָבן זיך געדרייט אַרום דער אַקס די קאַנאַדער.

שפּעטער האָט דער גאַנצער פראָנט געזאָלט זיך ריכטן אַף צאָפן־מיזרעך געשיצט זיין רעכטן פליגל דורכן טייך לואַרע און דעם לינקן דורכן ענגלישן קאַנאַל, רוקנדיק שטענדיק פאָרויס דעם רעכטן פליגל. לויט מאָנטגאָמערים מיינונג, האָט דער פראָנט געזאָלט אַרומכאַפּן אַלע דייטשישע באַוואָפנטע קויכעס אין צאָפן־פראַנקרייך, אָפּשניידן זייער פאַרבינדונג מיט דייטשלאַנד דורך בעלגיע, און זיי אַריינוואַרפן אין יאַם אַריין (די אָפיצירן האָבן אין וויץ דאָס אָנגערופן „שליפענס פּלאַן אַף קאַפּויער”).

אינדערעמעסן האָט זיך באַקומען גאָר עפּעס אַנדערש. מאָנטגאָמערי האָט געפּרוווט פאַרבינדן אים מיטן סאַמע „צענטער פון אָפענסיווע”—קאַן. אין די ערשטע שלאַכטן האָבן די דייטשן גאָר לייכט צוריקגעשטויסן די אַטאַקעס פון די אַליאירטע אין דער ריכטונג פון קאַן און סענט־לאָ. די איבערוואָג אין צאָל פון מענטשן און קריגס־מאַטעריאַל האָט די אַליאירטע גאָר ווייניק געהאָלפן. זיי האָבן געהאַט אַן איבערוואָג אין מענטשן שוין

פון דעם ערשטן טאָג פון אַרויסזעצן זיך, קעגנשטעלנדיק די צעוואָרפענע דייטשישע גאַרניזאָנען פון די קליינע נאָרמאַנדישע שטעטלעך 9 ערשט־קלאַסיקע דיוויזיעס. די דייטשן אָבער האָבן באַקומען די ערשטע דיוויזיע פון זייער פאַרשטאַרקונג ערשט אין זיבן טעג אַרום נאָך דער אינוואַזיע פון די אַליאירטע; שפּעטער האָבן זיי געהאַט די מעגלעכקייט צו באַקומען יעדע אָנדערהאַלבן מעסלעס איין דיוויזיע. די אַליאירטע אָבער פלעגן אַרויסזעצן צו צוויי דיוויזיעס יעדן טאָג. צו דעם מוז צוגעגעבן ווערן, אַז אין די דייטשישע אָפּטיילונגען איז ניט געווען קיין איינציקע מיליטערישע טייל, וועלכע זאָל פאַרמאָגן איר פולן באַשטאַנד. די אינפאַנטעריע דיוויזיעס פלעגט פעלן צו עטלעכע טויזנט מאַן, די טאַנקען און עס־עס דיוויזיעס זיינען באַשטאַנען פון איינצלנע רעגימענטן און גאָר אָפט פּאַשעט פון באַטאַליאָנען.

די אַליאירטע זיינען געווען געשיצט דורך צוויי לופט־פלאָטן טאַקטישער אַוויאַציע מיט באַזעס אין נאָרמאַנדיע און דאָרעם־ענגלאַנד, און אויך דורך אַ מעכטיקן באָמבאַרדיר־פלאָט, וואָס האָט אָפּעריִרט פון ענגלישע באַזעס. בײַ זיי איז געווען אַ גרויסע איבערוואָג אין טאַנקען, אַרטילעריע, וועלכע האָט פאַרמאָגט אַן אומגעהויער גרויסע צאָל אַמוניציע. אויסער דעם האָבן די אַליאירטע אַרמייען פאַרמאָגט אַ טראַנספּאָרטפּאַרק אין באַשטאַנד פון 300 טויזנט אויטאָמאָבילן.

דאָך האָט די אויבערקאָמאַנדע פון די אַליאירטע ניט אויסגענוצט איר איבערוואָג. די דייטשן האָבן זיך געפילט זיכער און געהאַלטן זיך גאַנץ כוצפּעדיק. נאָך 3 וואָכן שלאַכטן האָט דער קאָמענדאַנט פון דער 130־סטער דייטשישער טאַנקען־דיוויזיע לער, צוגעשטעלט זיין קאָרפּוס־קאָמענדאַנט אַ באַריכט אין וועלכן זיינע מיינונגען וועגן די אַליאירטע טאַנקען־אָפּטיילונגען זיינען געווען אַן אויסמיש פון אַנטציקונג און ביטל. ער האָט געהאַלטן אַז דער אָנגרייפערישער גייסט בײַ זיי איז גרויס, נאָר די מאַטעריעלע טייל — גאַנץ אָרעם.

די צאָלרייכע און פאַרשיידנאַרטיקע אַוויאַציע פון די פאַרבינדעטע האָט געצוווּנגען לערן אייצענען דעם דייטשישן מיליטער זיך פאַרשאַנצן אין דער ערד און גלויבן, אַז היטלער וועט איינגיכן אויספירן זיין צוזאָג און וועט שיקן קיין נאָרמאַנדיע די נויטיקע צאָל אַוויאָנען. דער גענעראַל פונקט ווי דאָס רעשט פון דער נאָרמאַנדישער אַרמיי האָט אומזיסט געוואַרט אַף דער צוגעזאָגטער דורך היטלערן אַוויאַציע. ווייסרוסלאַנד, וווּ עס האָט זיך אין דעם מאָמענט אַנטשיידן דער גורל ניט נאָר פון מיזרעך־פּרייסן, נאָר פון דער גאַנצער דייטשישער קריגס־מאַשין, האָט איינגעהאַלטן די דייטשישע לופט־קויכעס (און ניט נאָר לופט־קויכעס אַליין). דעם דייטשישן מיַירעוו־פראָנט איז שוין באַשערט געווען צו בלייבן אַן אַ לופט־דאַך, פון דעם ערשטן טאָג פון זיין אַנטשטיין ביז צום סאָף.

די דייטשן האָבן זיך אויפגעפירט אין נאָרמאַנדיע כוצפּעדיק און

שרייעריש ניט דערפאַר ווייל זיי האָבן געפילט זייער קויעך, ווייל זייערע קויכעס אין פאַרגלייך מיט די פון די אַליאירטע זיינען געווען זייער שוואַך, נאָר צוליב געוויסע טאַקטישע און סטראַטעגישע אויסרעכענונגען האָט גענעראַל מאָנטגאָמערי זיך ניט געיאָגט צו פאָרסירן די קריגס־געשעענישן אין נאָרמאַנדיע. מאָנטגאָמערי האָט גאַנץ אָפנהאַרציק דערקלערט, אַז די צייט אַליין אַרבעט צו הילף די מײַרעוו־אַליאירטע. דייטשלאַנד איינגעבראָכן און אַלץ מער און מער אָפגעשוואַכט פון די שטענדיקע און שווערע שלאַכטן אפן מיזרעך־פראָנט, האָט געבלוטיקט. דער קלאַפ פון דער רויטער אַרמיי איבערן צענטער פון דייטשישן פראָנט (ווייסרוסישער אָוואַנס) האָט געשאַפן אין דייטשלאַנד ניט נאָר אַ מיליטערישן קריזיס, נאָר אויך אַ פאָליטישן. דער פרווו פון אַ גרופע קאַדר־אָפיצירן פון דעם דייטשישן רייכסווער צו דערמאָרדן היטלערן, האָט געוויזן אַז אייניקע שיכטן אין דייטשלאַנד גופע זוכן אַ פאָליטישן אויסוועג פון דער מיליטערישער שווערער לאַגע. ס'איז באַוווּסט געווען אַז די אַנטיהיטלעריסטישע פאַרשווערער האָבן גערעכנט אויסמיידן אַ מילכאָמע אף צוויי פראָנטן, פאַרשטענדיקנדיק זיך מיט אַנגלאָ־אַמעריקאַנישע פאַרבינדעטע.

די ענגלישע אָנפירערשאַפט האָט גערעכנט אַז מיטן אָוואַנס פון דער רויטער אַרמיי אף מײַרעוו, וועט דייטשלאַנד ווערן אַלץ מער אָפגעשוואַכט אין מיליטערישן זין און וועט זיך פאָליטיש צעפאַלן. לויט איר מיינונג וואָלט געווען קליגער צו וואַרטן אַז דער אינערלעכער קאַמף אין דייטשלאַנד גופע פאַר איר אַרויסטריט פון קריג דורך קאַפיטולירן אפן מײַרעוו וועט אַלץ מער און מער פאַרשאַרפט ווערן. דעריבער האָבן די אַליאירטע, לויט די ווערטער פון ענגלישע שטאַב־אָפיצירן, געהאָפט אַז היטלער־דייטשלאַנד וועט זיי אַריינפאַלן אין די הענט, ווי אַ צייטיקע פרוכט אָן גרויסע קאָרבאָנעס און פאַרלוסטן פון זייער זייט. דאָס האָט אינגאַנצן פאַרענטפערט טשוירטשילס טעאָריע פון אַ „ביליקער מילכאָמע”. דער צענטער פון דער געוויכט פונעם אָנגריף האָט זיך אַריבערגעטראָגן אין דער לופט, וווּ די אַליאירטע האָבן זיך געפילט ווי פולשטענדיקע באַלעבאַטים. די דייטשן פלעגן זיך אָנהאַלטן אָן די פראַנצויזישע שטעטלעך און דערפער מיט זייערע פעסטע שטיינערנע געביידעס. אין פאַרלויף פון אָנדערהאַלבן אָדער צוויי שאָ, באַנוצנדיק אָנשטאָט אַלע פאָרטיפיקאַציע־מאַכשירים בלויז אַ פאָשעטן ברעך־אייזן, פלעגן די דייטשן קונציק שאַפן שויץ־פונקטן אין יעדן באַוואוינטן פלאַץ. פאָשעט גערעדט, זיי פלעגן עפענען שפאַלטן פאַר קוילנוואַרפערס און אַנטיטאַנק־האַרמאַטן. אָנטרעפנדיק אף אַ ווידערשטאַנד אין וועלכן ס'ניט איז דערפל פלעגט דאָס אַליאירטע מיליטער אָפטרעטן אף צוריק און גלייך אַרויספאָדערן פון ענגלאַנד באָמבאַרדיר־אַוויאַציע. די דייטשן ווידער האָבן זיך זייער שנעל צוגעוואוינט צו אָט אַזאַ מין טאַקטיק און פלעגן גלייך אָפטרעטן צו אַ צווייטן דערפל, איבערלאָזנדיק אין דעם פאַרוּרטיילטן פלאַץ אַ גאָר

קליינע שוץ. נאָך דער צעשטערונג פון אָט דעם שוץ־פּלאַץ, פּלעגט די איבערגעלאָזטע אָפּטיילונג זיך אַנשליסן ווידער צו איר טייל, וועלכער האָט דערוויל שוין צוגעגרייט צו אַ ווידערשטאַנד אַ צווייטן באַוואוינטן פּלאַץ. די אַליאירטע, פאַרכאַפּנדיק די כוואליעס פון דעם דאָרף פּלעגן זיך אין זיי באַפעסטיקן, און אַזאַ שפּיל פּלעגט זיך איבערכאַזערן אַלעמאָל.

מיר האָבן געזען דעם אַנגריף פון דעם 8־טן בריטישן קאָרפּוס אַף קאַן. צווישן דעם שטעטל ביוליויל פון וואַנען עס זיינען אַרויסגעגאַנגען די אַנגרייפנדיקע דיוויזיעס ביז קאַן זיינען געלעגן 8 דערפלעך. נאָך אַ 3־טאָגיקער שלאַכט זיינען די דערפלעך אינגאַנצן צעשטערט געוואָרן: אַרטילעריע, טאַנקען, אונטערשטיצט פון 250 שווערע און לייכטע באָמ־באַרדיר־עראָפּלאַנען, האָבן געיאָגט דעם דייטש פון דאָרף צו דאָרף, ביז זיי האָבן אים ניט פאַרטריבן אין שטאָט אַריין. די דייטשן האָבן גאָר־ניט געליטן קיין פאַרלוסטן. אַזוי צום ביישפּיל, איז אין דעם נאָענטסטן צו ביוליויל דאָרף, מיטן נאָמען לעביוסי, אַף וועלכן עס איז געריכטעט געוועזן דער שטאַרקסטער אַרטילעריע־פייער און באָמבאַרדירונג, זיינען די פאַרלוסטן פון די דייטשן געוועזן... 1 פאַרווונדעטער.

די ענגלישע אָנפירונג האָט ניט געשטרעבט אויסצונוצן די רעזול־טאַטן פון דער אַרטילעריע און באָמבע־באַשיסונג. אין שלאַכט אַף דער יאַבאָשע פּלעגט מען מערסטנס וואַרפן גאָר נישטיקע קויכעס. אָפטמאָל פּלעגט זיך שאַפן זייער אַ מאָדנע לאַגע: מען פּלעגט אָנפאַרטרויען אַ קאָרפּוס פאַרנעמען דעם אָדער יענעם אָביעקט. דער קאָרפּוס פּלעגט די אויפגאַבע איבערגעבן אַ דיוויזיע, די דיוויזיע פּלעגט דאָס איבערגעבן אַ בריגאַדע און די בריגאַדע פּלעגט פאַר דעם צוועק אויסטיילן אַ באַטאַ־ליאָן. אַזוי אַרום פּלעגט אַן אָנגריף־אַקציע פון אַ קאָרפּוס אינדערעמעסן זיך אויסלאָזן צו אַן אַקציע פון אַ באַטאַליאָן.

דאָך איז די שטימונג פון די דייטשן געוואָרן אַלץ אומרואיקער און אַלאַרמירנדיקער. די כוצפּע האָט שוין ניט געקענט גוויוער זיין די גע־פאַלנקייט, וואָס האָט אַלץ מער און מער געוואַקסן. די קאַמפּאַניע פון דער רויטער אַרמיי אין ווייסרוסלאַנד האָט צוגענומען באַ די נאָרמאַנ־דישע פריצן ניט נאָר די לופט־דעקונג, ווי עס האָט מיר דערציילט דער געהילף־קאָמענדאַנט פון דער אויסשפּיר־אָפּטיילונג פון 30־טן בריטישן קאָרפּוס, הער ליואיס, האָט דער „ווייסרוסישער שפּרונג פון די רוסן" געמאַכט אַ זייער פיינלעכן איינדרוק אין דייטשלאַנד גופא און אין דער נאָרמאַנדישער דייטשישער אַרמיי. ער האָט מיר געוויזן אַ בריוו פון אַ מו־טער פון איינעם אַ פריץ פון נויבאַך, וואָס איז איבערגעכאַפּט געוואָרן. זי שרייבט: „די אָפיציעלע באַריכטן פון מיזרעך־פראָנט רופן אַרויס אַ שרעקלעכן געפיל און אַ באַוווּסטזיין, אַז די מילכאָמע איז פאַרשפּילט. איז דען נאָך דאָ עפּעס, וואָס זאָל אונדז קענען ראַטעווען?" נאָכן בריוו

איז געקומען דער פּראָטאָקאָל פון נעכטיקן אויספרעגן די געפאַנגענע. אויסגלעטנדיק מיט ביידע הענט די בויגנס פּאַפּיר, האָט ליוואיס געזאָגט:

— איצט זיינען זיי זייער באַומרואיקט מיט דעם וואָס עס פאַרקלענערט זיך דער שטעטעך צווישן די פאָדערטיילן פון דער רויטער אַרמיי און מיזרעך־פּרייסן. אָפיציעל ווערט זיי גאָרניט געמאָלדן וועגן די שלאַכטן אין ווייסרוסלאַנד; נאָר די גאַנצע היטלעריסטישע אַרמיי אין נאָרמאַנדיע האַלט נאָר אין איין ריידן וועגן דעם. אין אַלע אָפטיילונגען איז שטאַרק געפאַלן דער מאָראַלישער ניוואָ. די זעלנער שעלטן די אָנפירערשאַפט און ווערן נערוועז. איינער אַ געזונטער פּריים האָט באַם אויספרעגן אים זיך צערעוועט, ווען מען האָט אים אַף דער מאַפּע באַוויזן דעם וועג, וועלכן די רויטע אַרמיי האָט דורכגעמאַכט אין צוויי וואָכן. ער האָט געכליפּעט, צעשמירנדיק די טרערן איבערן שמוציק פאַרוואַקסענעם פאַרצעף און געברומט עפּעס וועגן זיין היים, וווּ עס איז ניט געבליבן קיין איין מאַנצביל, וועגן זיין מוטער, ווייב און שוועסטער, וועגן זיין באַלעבאַטישקייט, וואָס וועט איצט צונישט ווערן.

דער קאַמפּס־גייסט פון די דייטשן איז נאָך מער געפאַלן, ווען די אַליאירטע, אָנזאַמלענדיק נייע קויכעס אַפן פּלאַצדאַרם, האָבן פאַרשטאַרקט זייער דרוק אַף קאַן און סענט־לאָ.

.2

פון אָנהויב האָט די ענגליש־אַמעריקאַנישע אָנפירונג געפּרוּווט פאַרכאַפּן קאַן מיט קלעפּ פון די פלאַנקן. די קאַנאַדער, אין זייער פאָרויסגאַנג לענגויס דעם וועג בייע—קאַן, האָבן זיך דורכגעשלאָגן דורך ברעטעוויל און דערגרייכט אַפילע ביז צום אַעראָדראָם „קאַפּריקע”, וועלכער געפינט זיך אַף דער מיירעוודיקער פאָרשטאָט פון קאַן. אָבער עס האָט זיך ניט איינגעגעבן דאָס אַרומרינגלען פון דער שטאָט פון דאָרעם, ווייל אַפן וועג איז געלעגן אַ טייך מיט הויכע בערגיקע ברעגן. ענגלישע אָפטיילונגען, געשיצט דורך טאַנקען האָבן גערעכנט פאַרבייגיין די שטאָט קאַן פון מיזרעך. אָבער די דייטשן האָבן פאַרמאַכט פאַר זיי דעם וועג, באַפעסטיקנדיק זיך אין אַ שטעטל און אַף דעם שטעטעך פון דער מעטאַלפאַבריק קאָלאָמבעל.

ערשט דאַן האָט מען באַפוילן דעם 8־טן בריטישן קאָרפּוס, געשיצט דורך די קאַנאַדער, פאַרנעמען קאַן מיט אַ פראָנטאַלן קלאַפּ. פאַרן אָנגריף האָט די אַליאירטע אַוויאַציע „מאַכנדיק ווייך” די דייטשישע שוץ, פאַרניכטעט אַלע באַוואוינטע פונקטן אַפן וועג פון דעם קאָרפּוס. שפּעטער האָט אָנגעהויבן עפענען פאַר זיי דעם וועג די אַרטילעריע. אַפן צווייטן טאָג אין אָוונט זיינען די ענגלענדער אַריין אין שטאָט פון צאָפן און די קאַ־

נאָדער פון מײַרעוו. עטוואָס שפּעטער, האָבן די אַרמייען זיך צוזאַמענ־
געשלאָסן און אַרוים צום טייך אָרן, וואָס צעטיילט די שטאָט קימאַט אַף
צוויי גלייכע טיילן. די דייטשן זיינען אָפּגעטראָטן הינטערן טייך: נאָר
דאָס „העלדזל פון פלאַש", ווי מען האָט דאַן גערופן די שטאָט קאַן, איז
אַלץ געבליבן פאַרשטאָפּט. די אַליאירטע האָבן ניט געקענט אויסנוצן אָט
דעם וויכטיקן וועג־קנופּ. אין אַכט טעג אַרום האָט מאָנטגאָמערי דער־
לאַנגט דעם צווייטן קלאַפּ איבער קאַן. אַלץ וואָס מיר האָבן געוווּסט וועגן
דער צוגרייטונג צו דעם איז געווען אַזוי פיל צוזאָגנדיק, אַז מיר האָבן
באַשלאָסן בייצוזיין באַם דורכפירן די אָפּעראַציע פון אָנהויב ביזן סאָף.

מיר האָבן פאַרלאָזט דעם הויף פון האָטעל „ליאָן ד'אָר" אין בייע
נאָך באַנאַכט. דורך די ליידיקע גאַסן זיינען מיר שנעל אַרוים הינטער
דער שטאָט און זיך אַ לאָז געטאָן צו קאַן. דאָס מאָל איז דער באַשטאַנד
פון אונדזער גרופּע געווען צאָלרייכער, ווי שטענדיק. אַ חוץ צוויי סאָוועט־
טישע קאָרעספּאָנדענטן, זיינען געווען דער אויסטראַליער סטענדיש, דער
אַמעריקאַנער מאַקדאָנאַלד, און צוויי ענגלענדער: ראָבערט קופּער —
פון „טײַמס" און ראָנאַלד מאַטיוס פון „דיילי העראָלד". אונדז האָט באַ־
גלייט, ווי שטענדיק, דער קאַפּיטאַן קערק, אַ גאַנץ יונגער אָפיציר פון
דינסט פאַר געזעלשאַפטלעכער פאַרבינדונג, ביז דער מילכאָמע אַ פּראָ־
פּאַגאַנדע־טוער.

אין אָפּענעם דזשיפּ איז געווען קאַלט. טוליענדיק זיך פון דער פרי־
מאָרגן פרישקייט, האָבן מיר גערעדט וועגן דער פאָרשטייענדיקער אָפּע־
ראַציע, וועלכע האָט אינגאַנצן פאַרכאַפּט אונדזערע ראַיוינעס. יענעם
פרימאָרגן האָט די צווייטע בריטישע אַרמיי געזאָלט אָנהויבן די אַזוי־
לאַנג דערוואַרטע אָפּענסיווע. די קאַנאַדישע און שאָטלענדישע שלאָג־די־
וויזיעס, געשיצט דורך טאַנקען איז געווען אָנפאַרטרויט דורכצורייסן די
דייטשישע באַשיצונג אָפן דאָרעמדיקן ברעג פון טייך אָרן, אין ראַיאָן פון
קאַן און זיך אַ ריס טאָן אַף דאָרעם, קעדיי אָפּצושניידן דאָס גאַנצע דיי־
טשישע מיליטער אין נאָרמאַנדיע. דעם דורכרייס־טויער דאַרף דורכברעכן
די אַוויאַציע. מיר האָבן זיך געאיילט אין קאַן צו זען איר קלאַפּ, וועלכער
האָט צוגעזאָגט צו זיין אויסערגעוויינלעך: צום ערשטן מאָל אין דער
מילכאָמע־געשיכטע איז געוואָרפן געוואָרן אַף איין אָביעקט פיר טויזנט
שווערע באָמבאַרדירער.

דער אָנפאַנג פון אַרטילעריע־צוגרייטונג האָט אונדז געטראָפן אין
פאָרשטאָט פון קאַן. איבער די פוסטע גאַסן, פאַרשטעלט פון אַלע זייטן
דורך קעסטלעך פון צעשטערטע הייזער אָדער פאָשעט בערג מיט מיסט,
האָט הילכיק אָפּגעקלונגען די קאַנאָנאַדע. די דייטשן האָבן אָנגעפאַנגען
אָפּענטפערן, באַמיענדיק זיך אָנצוטאַפּן די ענגלישע באַטערייען, וועלכע
זיינען געווען אין פאָרשטאָט. עטלעכע גראַנאַטן זיינען געפאַלן פאַרן
עראָדראָם קאַפּריקע, אין די כורוועס האָבן אָנגעהויבן אַריינפליען מי־

נעס. מיר האָבן באַשלאָסן אַז עס וועט פאַר אונדז זיין געזונטער אַרויס־
גיין פון שטאָט. באַם סאַמע עק פון שטאָט, אין די כורוועס פון אַ קלויס־
טער האָבן מיר באַהאַלטן אונדזערע דזשיפּן. די זון איז נאָך ניט אויפ־
געגאַנגען. איבער דער פאַרמישפּעטער שטאָט איז געהאַנגען אַ בלייך־
בלויער הימל, באַדעקט מיט פּוכיקע וואָלקנס, וועלכע האָבן אָנגעהויבן
ברענען מיט אַ שטילן פלאַם. אַף צאָפן־מיזרעך איבערן נאָנטן יאַם
האָט געפלאַקערט דער האָריזאָנט, ער איז געווען ריין און קלאָר, און
אָפן אָראַנזש־פאָן האָבן זיך באַוויזן אָפּטיילונגען פון 4־מאָטאָרדיקע „לאַנ־
קאַסטערס". פון אָנהויב זיינען דאָס בלויז געווען שטרייכעלעך אָנגעצייכנט
מיט פּינטעלעך ווי מיט קויל, נאָר זיי זיינען אַלץ געוואַקסן דערנענטערנ־
דיק זיך. גאָר אינגיכן האָבן מיר דערהערט דעם דראָענדיקן רויש פון
הונדערטער אַוויאָנען. זיי זיינען געפלויגן אין אַ צעשאָטענער פאָרמאַציע.
זיי אַנטקעגן זיינען אָנגעקומען הונדערטער שוואַרצע אויפרייסן: דאָס
זיינען געווען די דייטשישע אַנטי־אַוויאַציע האַרמאַטן, וועלכע האָבן גע־
פּרוּווט שטערן די באָמבאַרדיר־אַוויאָנען דערנענטערן זיך צום שטעטל
קאָלאָמבעל. זייערע אָנשטרענגונגען זיינען געווען אומזיסטע. ס'האָט זיך
דערהערט אַ דונער, אונטער אונדזערע פיס האָט די ערד אַ ציטער געטאָן,
פון דעם דאַך פון קלויסטער, וועלכער האָט זיך געפונען אַן ערעך צוויי
קילאָמעטער פון שטעטל, האָבן אָנגעהויבן זיך שיטן די שערבלעך. אי־
בערן שטעטל און איבער דער גרויסער מעטאַלורגישער פאַבריק קאָלאָמ־
בעל, וואָס האָט געדינט אַלס נעסט פאַר דער דייטשישער באַשיצונג, האָט
זיך אויפגעהויבן צום הימל אַ שוואַרצער שטראָם, ענלעך צו אַן אויסברוך
פון אַ ווולקאַן, וועלכער האָט אָנגעהויבן וואַקסן און זיך פאַרשפּרייטן,
פאַרדעקנדיק אַ האַלבן הימל. אַ גרויסער שוואַרצער וואָלקן האָט זיך
לאַנגזאַם געריקט אָפן שטאָט. פון אָנהויב איז פאַרשוווּנדן די שטאָט,
דערנאָך אַ וועלדל, וואָס איז געשטאַנען נענטער צו אונדז, שפּעטער
אַ ווייצן־פעלד, וואָס האָט געגעלבט קימאַט באַם קלויסטער. פּונקט ווי
אַ שטאַרקער לאָנדאָנער נעפּל, האָט דער וואָלקן פאַרשלונגען אַלץ, כוץ
די דונערן פון די אויפרייסן, און הילכיקע שאָסן פון דער באַטעריע פון
25־פונטיקע האַרמאַטן, וועלכע האָבן זיך פאַרגראָבן הינטער דעם טוויע־
פעלד.

ס'איז אַרויס די זון. זי איז געווען רויט, רונדיק און קאַלט. אין אָט
דער מאָדנער, שרעקלעכער באַלויכטונג האָט אַלץ זיך אויסגעוויזן שוואַרץ:
דאָס פעלד, דיביימער אין גאָרטן, דער כאָרעווער קלויסטער, פּונקט ווי
מיר וואָלטן געקוקט אַף דער וועלט דורך שטאַרק פאַרויכערטע ברילן.
איבער דער שוואַרצער פּאַנאָראַמע האָט געגלאַנצט אַ בלויער הימל און
אין דעם פרידלעכן הימל, גלאַנצנדיק ווי זילבער, זיינען געפלויגן אין
ענגן סטראָי „די פליענדיקע פעסטונגען". זיי זיינען געפלויגן סקוואַדרי־
ליע־ווייז, אַף נאָנטע דיסטאַנצן איינע פון דער אַנדערער.

אַנטציקטע און דערשלאָגענע האָבן מיר זיך אומגעקערט אין שטאַב פון דער צווייטער אַרמיי, ווו אַ טרוקענער, ווי פּאַרמעט, פּאָלקאָווניק האָט אונדז דערציילט, אַז דער אָנגריף גייט גוט, אַז מיר וועלן קענען זיין איידעס פון „היסטאָרישע געשעענישן", א. אַ. וו. א. אַ. וו. נאָר ער האָט אונדז פאַרווערט צו שרייבן וועגן דעם פאַרנעם פון דער באַמבאַר־דירונג און אויך פאַרווערט דערמאָנען דאָס אָנטיילנעמען פון די קאַנאַ־דער. די קאַנאַדער האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט אַ פאַנאַטישער איינגע־שפּאַרטקייט. די דייטשן האָבן מוירע געהאַט פאַר זיי און פלעגן זיך באַמיען קעגנצושטעלן זיי פאַסנדיקע אָפּטיילונגען. הויפּטזאַכלעך פלעגט מען שיקן די קאַנאַדער אין דער ריכטונג פון דעם הויפּט־קלאַפּ, דעריבער האָבן די דייטשן, אויב זיי פלעגן דאָס אַנטדעקן, שוין מיטן באַווייזן זיך פון די קאַנאַדער געוווּסט אַ העלפט פון די צילן פון דער אַליאירטער אָנפירער־שאַפט.

ווען נאָך אַ קאָנפערענץ אין שטאַב פון דער אַרמיי, האָבן מיר זיך אַ לאָז געטאָן צו קאָלאָמבעל (באַ אונדז איז ניט געווען קיין שום צווייפל, אַז דאָס שטעטל איז שוין פאַרנומען דורך דעם אַליאירטן מיליטער), האָט מען אונדז אָפּגעשטעלט באַם עק פון דערפל לעביוסי. ס'איז געווען אַ הייי־סער טאָג אָן שום ווינטל. אַ געדיכטער פריקרע־זיסלעכער מייסים־ריחעך איז אומבאַוועגלעך געשטאַנען איבער די גאַסן פון דעם כאָרעוון דערפל. אין נאַקעטן וואַלד זיינען געלעגן געהאַרגעטע פערד און קי.

מיר האָבן זיך אַ ריר געטאָן אין דער ריכטונג צו קאָלאָמבעל, לענג־אויס אַ שטיינערנער וואַנט פון אַ גרויסן פאַרק, וואָס האָט זיך געצויגן פון לעביוסי ביזן טייך אָרן. די ענגלישע קאַנאָנען, באַהאַלטענע אין פאַרק, האָבן מיט אַ גלייכן ציל געשלאָגן איבערן שטעטל און פאַבריק. די אַר־טילעריסטן האָבן „מיט די הענט" צוגעהאָלפן די קאַנאַדער אָפּרייניקן דעם פאַבריק־באַצירק. מיר האָבן געזען גאַנץ דייטלעך די וואָלקנדלעך פון די אויפרייסן און געהערט די קורצע און ווילדע קוילנוואָרפערישע סעריעס. אַ סערזשאַנט, וואָס האָט אָנגעפירט מיטן ערשטן קאַנאָן האָט האַלב ערנסט און האַלב שפּאַסנדיק געזאָגט:

— אָט האָט איר אייך די מעכטיקע אַוויאַציע, געשלאָגן, געשלאָגן, ווער ווייסט וויפל באָמבעס קאַליע געמאַכט, און דאָך קומט אויס אונדז אַרויסשטויסן די פריצן. פון דעם האָט מען באַדאַרפט אָנהויבן, מיר וואָלטן זיי שוין פון לאַנג אַרויסגערויכערט.

דער מוירעדיקער קלאַפּ פון דער אַוויאַציע (אַף דער פאַבריק קאָלאָמ־בעל איז אַראָפּגעוואָרפן געוואָרן צען טויזנט טאָן באָמבעס) האָט ניט אַ רוק געטאָן די אַליאירטע אַפילע אַף איין שפּאַן פאָרויס. די ווילד־גע־וואָרענע קאַנאַדער האָבן זיך אַ וואָרף געטאָן איבערן טייך קעדיי צו פאַר־פירן מיט די דייטשן אַ שלאַכט מיט באַגנעטן, נאָכדעם ערשט איז געלונ־גען אַרויסטרייבן די פריצן פון קאָלאָמבעל. די אינפאַנטעריע האָט נאָך

אַמאָל איבערצייגט, אַז אַפילו די מעכטיקסטע אַוויאַציע איז ניט בעקויעך צו דעצידירן דעם אויסגאַנג פון אַ שלאַכט, אויב איר שטיצע ווערט ניט אויסגענוצט צו דער נויטיקער צייט דורך ענערגישע און דרייסטע יאַבאַשע־קויכעס. די געשעענישן האָבן אַלץ מער און מער אויפגעוויזן, ווי לעכערלעך עס זיינען געווען די אויסרעכענונגען פון דער אָנפירונג פון אַליאירטן לופט־פלאָט, אינספּירירט פון טשווירטשילן, וועלכע האָבן געהאָפט צו געווינען די מילכאָמע בלויז מיט דער הילף פון אַוויאַציע.

די לופט־אַטאַקעס האָבן פאַרוואַנדלט אין כורוועס דאָס שטעטל און די פאַבריק קאָלאָמבעל און צעשטערט די גרעסטע טייל פון דער שטאָט קאָן. אונטער אירע כורוועס זיינען אומגעקומען אַריבער צוואַנציק טויזנט פראַנצויזן, ווי עס האָט דערציילט דער הויפט פון דער אַליאירטער אָנפירונג אין קאָן מאַיאָר העלמוט. דער מאַיאָר איז געווען שטאַרק נישטוימעם אויפגערעגט פון דעם, וואָס די הויפט־קאָמאַנדע האָט צעשטערט די שטאָט פון דער לופט. די אויסשפּירונג האָט געוווּסט גאַנץ גענוי, אַז די דייטשן האָבן פאַקטיש פאַרלאָזט די שטאָט. (דער צאָפן־טייל פון שטאָט איז געווען צעשטערט שוין מיט אַכט־צען טעג פריער. די אַליאירטע האָבן דאָן געוואָרפן אַף דער שטאָט 250 שווערע און 500 מיטעלע באָמבאַרדירעוויאָנען, ניט געקוקט אַף דעם, וואָס לויט די ידיעות פון אויסשפּירדינסט האָבן זיך געפונען אין שטאָט בלויז 500 דייטשן).

אין קאָן האָבן די דייטשן דורכגעפירט אַ נייעם וואַריאַנט פון דעם אַלטן שוין אויסגעפּרוּווטן טריק, וועלכן זיי האָבן באַנוצט אין די דערפלעך פאַר דער שטאָט: ווען די אַליאירטע האָבן זיך אַ וואָרף געטאָן אַף איר מיט זייער גאַנצער לופט־קראַפט, האָבן די דייטשן זיך באַמיט אָפּטרעטן און איינשטעלן אַ שוץ אין דער דאָרעמדיקער פאָרשטאָט.

דער דורכבראָך איז אינדערעמעסן געווען ניט מער, ווי אַן איבערגאַנג פון די כורוועס, וואָס געפינען זיך צום צאָפן פון טייך צו די כורוועס אַף דאָרעם. אָבער די טאַנקען פון די אַליאירטע האָבן פונקט ווי פריער ניט געוואַגט זיך וויזן אַף די וועגן וועלכע פירן אַף דאָרעם אָדער מיזרעך פון קאָן. די אינפאַנטעריע האָט זיך פאַרגראָבן אין דער ערד, ווייל די אַוויאַציע, איינמאָל אָפּגעטאָן איר שרעקלעך שטיקל אַרבעט, האָט זיך שוין מער ניט באַוויזן איבער די פּוסטע פעלדער ווי זי וואָלט זיך געשעמט פאַרן אָפּגעטוענעם.

אין צוויי־דריי טעג אַרום איז פולשטענדיק קלאָר געוואָרן, אַז די אָפענסיווע, אָנגעהויבענע מיטן „היסטאָרישן קלאַפּ" פון דער לופט איז דורכגעפאַלן. די אַנטוישונג פון די קאָרעספּאָנדענטן, וועמען מען האָט צוגעזאָגט אַ „שיינע פאָרשטעלונג" האָט זיך אויסגעגאָסן אין אויפגערעגטע געשפּרעכן און בייזע אַרטיקלען. זיי אַליין זיינען געבליבן אין אַ נאַרישער לאַגע. אין זייער גייעג נאָך סענסאַציע, האָבן די קאָרעספּאָנדענטן צעבלאָזן איבער דער גאַנצער וועלט, אַז, אָט, לעסאָף, האָט

זיך שוין אָנגעהויבן די אַזוי לאַנג דערוואַרטע אָפּענסיווע. זיי האָבן אונ־טערגעכאַפּט די באַמערקונג פון פּאָלקאָווניק בערינג, פון שטאַב פון דעם 30־טן קאָרפּוס, וועגן דער אָפּעראַציע „אויפן רוסישן סטיל". אויפן דער „סטיל", לויט זייערע דערקלערונגען פאַר די לייענער, האָט פאָרויסגעזען אַ צעשמעטערנדיקן קלאַפּ מיט גרויסע קרעפטן קעדיי דורכצורייסן דעם פראָנט און דאַן אַ ריזיקער שפּרונג פאָרויס אַף 150—200 קילאָמעטער. אַזאַ שפּרונג, האָבן זיי אָנגעדייט, קען ברענגען די אַליאירטע ביז צו די טויערן פון פּאַריז. אָבער יענער „רוסישער סטיל" איז געבליבן בלויז אַ כאָלעם. שוין אויפן צווייטן טאָג האָט מען געמוזט פאַרבייטן פּאַריז מיט פאַלעז, אַ קליין שטעטל, וועלכעס האָט זיך געפונען באַ די וועג־קרייצן וואָס פירן פון נאָרמאַנדיע אַף דאָרעם. צום אָוונט פון צווייטן טאָג איז פאַלעז פאַרביטן געוואָרן דורך דעם דערפל בורגעבוס, וועלכעס האָט זיך אויסגעצייכנט בלויז מיט דעם וואָס עס איז געשטאַנען אויפן וועג צו פאַ־לעז. צוויי טעג שפּעטער, ווען דער פּאָלקאָווניק בערינג האָט אַף אַ פּרעסע־קאָנפערענץ געמאָלדן, אַז די אָפּענסיווע האָט מען אָפּגעשטעלט, האָבן די קאָרעספּאָנדענטן אויפגעהויבן אַ טומל. רויט פון אויפרעגונג, האָט דזשי־מי מאַקדאָנאַלד אָנגעהויבן עפּעס שרייען וועגן אַ בלאַף.

— די באָמבאַרדירונג איז ווירקלעך געווען גראַנדיעז, — האָט ער געשריען, — און דער סאַף? דער אויסגאַנג איז אַ נישטיקער, פּאַשעט אַ שענדלעכער אויסגאַנג. ווען אַזאַ מין אונטערשטיצונג פון דער לופט וואָלט מען געגעבן די רוסן, וואָלטן זיי שוין לאַנג געווען באַ פאַלעז פון דער אַנדערער זייט.

בערינג האָט, ווי מיטפילנדיק, געשאָקלט מיטן קאָפּ. ער האָט זיך ניט געוואָלט קריגן מיט דער פּרעסע. ער איז אויך געווען מיט דער מיי־נונג, אַז די אָנפירונג פון די אַליאירטע האָט דורכגעלאָזט זייער אַ גינס־טיקן מאָמענט פאַר אַ קלאַפּ איבער די דייטשן צו דאָרעם פון קאַן. „די באָשן", דער פּאָלקאָווניק האָט אַנדערש ניט גערופן די דייטשן, — האָט מען געגעבן די מעגלעכקייט אָפּצוטרעטן אומגעשטערט און אויפבויען אַ נייע באַפעסטיקונג אין דער דירעקטער נאָנטקייט פון שטאָט. אין דער געגנט פון בורגעבוס און טראָאַרן (דאָס זיינען די ערשטע דערפלעך אַף דאָרעם און דאָרעם־מיזרעך פון קאַן), האָבן זיך באַוויזן „טיגערס" און „פאַנטעראַס", אַזוי אַז די ענגלישע טאַנקען האָבן ניט געהאַט קיין אַנדער ברייררע, ווי אָפּטראָגן זיך צוריק צו די שטאָטישע כורוועס.

קופּער האָט דערמאָנט וועגן די שלאַכט־באַדינגונגען באַ על־אַלאַמעין אין צאָפן־אַפריקע. דער פּאָלקאָווניק האָט בלויז אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט.

— דאַן האָבן מיר געהאַט „שערמאַן" — האָט ער געזאָגט, — וועל־כער איז געווען שטאַרקער פון דייטשישן „מאַרק־4" (אַלץ נעמען פון טאַנ־קען). איצט אָבער האָבן מיר ניט קיין זאַך וואָס זאָל זיך לויט דער קוואַ־

ליטעט קענען פאַרגלייכן צו די „טיגערס" און „פּאַנטעראַס", דערפאַר זיינען מיר געצווונגען צו זיין פאָרזיכטיק.

— געפינט איר ניט איין, אַז אונדזער סטראַטעגיע איז אַ צו פאָר־זיכטיקע סטראַטעגיע? — האָט געפרעגט מאַנסאָן.

דער פּאָלקאָווניק האָט אַ ווײַלע געשוויגן, און שפּעטער מוידע געווען מיט אַ זיפץ:

— דער גענעראַל (מאָנטגאָמערי) האָט באַקומען אַ שטרענגן באַפעל פון אויבן — ניט צו דערלאָזן קיין דורכפאַלן.

— הייסט עס — האָט רעזומירט מאַקדאָנאַלד — אָפּזאָגן זיך פון דרייסטע שריט, קעדיי ניט שטעלן אין קאָן אַ דורכפאַל?

— יאָ, — האָט שטיל מאַסקים געווען בערינג.

אַף דעם האָט מאַקדאָנאַלד אָפּגעענטפערט אַפן הויכן קאָל:

— איך בין אַנטוישט. פילט עפשער די הויפּט־קאָמאַנדע אויך דאָס זעלבע?

אַ שטילשווייגן. דער פּאָלקאָווניק האָט אַ הויב געטאָן מיט די אַקס־לען און זיך פאַרטיפט אין זיינע פּאַפּירן.

אַפן אַנדערן טאָג איז צו אונדז געקומען דער בריגאַדיר נעוויל, אויך אַזוי טרויעריק און מאָרעשכוירעדיק; ווייזט אויס, אַז מאָנטגאָמערי האָט אים געשיקט, קעדיי צו באַרואיקן די צעבושעוועטע קאָרעספּאָנדענטן. ער האָט אָנגעהויבן באַשטעטיקן, אַז די אָקופּאַציע פון דער דאָרעמדיקער טייל פון קאַן איז געווען אַן אומגעהויער גרויסע מיליטערישע דערגריי־כונג. דער קנופּ פון די וויכטיקסטע וועגן, וועלכע עס האָבן ביז איצט אויסגענוצט די דייטשן, איז סאַף־קאָל־סאַף אַריינגעפאַלן אין די הענט פון די אַליאירטע. לויט זיין מיינונג איז די שפּיל ווערט געווען אירע קאָסטן. ער האָט אַפילע זיך אַריינגעלאָזט אין אויפקלערונגען אַז די אויפ־גאַבע פון דער אָפענסיווע פונעם 18־טן און 19־טן יולי איז ניט באַשטאַנען אין דעם, אַז מען זאָל זיך „אַדורכרייסן" דורך די דייטשישע פּאָזיציעס, נאָר אין דעם, אַז מען זאָל זיך אין זיי „אַריינרייסן".

די זשורנאַליסטן האָבן אָן שום צערעמאָניעס אויפגעדעקט אָט די דריידלעך דערווייזנדיק אַז די הויפּט־קאָמאַנדע האָט אין אירע פריער־דיקע מעלדונגען גערעדט וועגן אַ סאַך ערנסטערע אויפגאַבן.

דאַן האָט דער פּאָלקאָווניק בערינג געפּרוווט אָפּווענדן די אויפמערק־זאַמקייט פון די קאָרעספּאָנדענטן פון דער טרויעריקער לאַגע אַפן נאָר־מאַנדישן פראָנט, אַריבערגייענדיק אין אַן אימפּראָוויזאַציע וועגן דעם גאַנג פון דער מילכאָמע אַפן דייטש־סאָוועטישן פראָנט. פאַרופנדיק זיך אַף עפּעס אומבאַקאַנטע קוועלן, האָט בערינג דערקלערט, אַז די דייטשן טרעטן אָפּ פרייוויילק אַפן צענטראַלן שעטעך פון זייער מיזרעכדיקן פראָנט.

— פאַרוואָס־זשע לאָזן זיי איבער אין די הענט פון די רוסן צענד־

ליקער טויזנטער פון זייערע סאָלדאַטן? — האָט געפרעגט ראָסעל, קאָ־רעספּאָנדענט פון „ניו־יאָרק העראַלד טריביון".

— אָבער יעדיעס וועגן דער צאָל פון די געפאַנגענע גיבן אָן נאָר די רוסן אַליין, — האָט שנעל געענטפערט דער פאָלקאָווניק.

— און די דייטשן האָבן דען ווען עס איז באַשטעטיקט די צאָל פון דורך זיי פאַרלוירענע געפאַנגענע?

קופּער, דער קאָרעספּאָנדענט פון „טײַמס", וועלכער האָט נאָרוואָס מיט אַן אוויאָן באַקומען זיין ציימונג, האָט באוויזן אָן אויספּירלעכן באַ־ריכט פון דעם מאָסקווער קאָרעספּאָנדענט פון „טײַמס" וועגן דעם דורכ־גאַנג פון 58 טויזנט דייטשישע קריגס־געפאַנגענע איבער די מאָסקווער גאַסן. דער פאָלקאָווניק איז דורכגעלאָפן מיט די אויגן דעם באַריכט און איז אַנטשוויגן געוואָרן אַ קנייטש טוענדיק ווידער לויט זיין שטייגער מיט די פּלייצעס.

אף מאָרגן אינדערפרי האָט מען אונדז אַרויסגעפאָדערט אין שטאַב פון דער 2־טער בריטישער אַרמיי, ווו דער שעף פון שטאַב אַליין האָט באַשלאָסן זיך דורכשמועסן מיט די קאָרעספּאָנדענטן.

אַ טרוקענער, אַ גרויער, דעם גאַנצן באַוווּסטזיניקן טייל פון זיין לעבן אין מיליטער, האָט דער פּראָפעסיאָנעלער מיליטערמאַן גערעדט אין אַזאַ ריין־מיליטערישן זשאַרגאָן אַז די אַמעריקאַנער, באַ אַ פּריילעכן גע־לעכטער פון אַלע פאַרזאַמלטע אָפיצירן און קאָרעספּאָנדענטן, האָבן גע־פאָדערט פאַר זיך אַ דאָלמעטשער. דער גענעראַל האָט גלייך דערקלערט: ס'איז אַ גרויסער טאָעס צו מיינען, אַז דער קלאַפּ פון דעם 18־טן און 19־טן יולי האָט געזאָלט צוברעכן די אַליאירטע ביז די טויערן פון פּאַריז. אַזעלכע גרויסע צילן זיינען ניט געווען פאַרויסגעזען, די צילן זיי־נען געווען פיל באַשיידענער. זיי געפינען זיך 15—20 קילאָמעטער פון קאָן. אָבער אויך זיי האָט דאָס מיליטער ניט דערגרייכט.

איינער פון די אַמעריקאַנער האָט אַ פרעג געטאָן:

— איז עפשער די אָפענסיווע געוואָרן אָפּגעשטעלט צוליב פּאָליטי־שע צוועקן?

דער שעף פון שטאַב האָט דאָס קאַטעגאָריש אָפּגעלייקנט:

— מיר זיינען אָפּגעשטעלט געוואָרן דורך די דייטשישע האַרמאַטן „88" און זייערע טאַנקען, ווייטער צוליב גאָרניט.

.3

גלייכצייטיק מיט קאָן איז אויך אומגעקומען אַן אַנדערע גרויסע און אויסגעצייכנטע פראַנצויזישע שטאָט — דער צענטער פון דעפּאַרטאַמענט מאַנש — סענט־לאָ. די שלאַכטן פאַר איר זיינען געווען פאַרביסענע און

בלוטיקע. די דייטשן האָבן ניט געוואָלט אָפּגעבן סענט־לאָ, ווייל אַף אירע שמאָלע בערגיקע גאַסן האָבן זיך געקרייצט קימאַט אַלע וועגן פון צענטראַל־נאָרמאַנדיע. עס איז אומעגלעך געווען דורכצוגיין פון צאָפן אַף דאָרעם, אָדער פון מייַרעוו אַף מיזרעך, אויסמיידנדיק אירע מאָלערישע בערג. סענט־לאָ האָט פעסט פאַרשטאָפּט דעם וועג אַף דאָרעם דער 1־טער אַמעריקאַנער אַרמיי. די בערג, באַדעקטע מיט גערטנער און וועלדער האָבן דערמעגלעכט די דייטשן זיך גוט צו באַפעסטיקן. די אָפענסיווע האָט געקענט געפירט ווערן נאָר אַף די וועגן, און די וועגן זיינען געדעקט געווען דורך דייטשישע אַנטיטאַנק־קאַנאָנען „88" און דורך „טיגערס".

נאָך אַ ניט קיין געלונגענעם פרווו אַראָפּצושלאָגן דעם סוינע מיט קלעפּ אין פראָנט און פון די פלאַנקן, האָבן די אַמעריקאַנער אָנגעהויבן זיי מאָלן פון אויבן. שווערע באָמבאַרדיר־אַוויאָנען האָבן צעשטערט די דייטשישע פאַרפעסטיקונגען און מיט זיי צוזאַמען פאַרניכטעט אויך די שטאָט.

מיר האָבן געפרווט אַריינכאַפּן זיך אין סענט־לאָ אַפן צווייטן טאָג נאָך דעם, ווי די דייטשן האָבן פאַרלאָזט אירע שרעקלעכע כורוועס. צו דער שטאָט האָט געפירט בלויז איין וועג — פון קאַרענטאַן, האַגאַם זי איז נאָך אַלץ באַשאָסן געוואָרן פון מינען־וואַרפערס. די מיליטערישע פּאָליציי האָט אונדז פאָרגעשלאָגן איבערצולאָזן אונדזער „דזשיפּ" הינטערן באַרג און גיין אין שטאָט אַריין צופוס. דער וועג האָט זיך געצויגן איבערן אָפּנויג פון אַ גרויסן טיפן גראָבן, באַוואַקסן מיט גערטנער, וועלדער און קוסטעס. אונטן איז געלעגן אַ רויט־דאַכיק דערפל, וואָס איז פאַרלאָזט געוואָרן פון דער באַפעלקערונג.

אַ הילכיקער און פיל מאָל איבערכאַזערנדיקער וואָיען פון מינען האָט זיך געטראָגן, ווי עס האָט געשיינט, פון סאַמע דעק פונעם גראָבן. אין דער טיפעניש פון טאָל, לעבן אַ גרויסער מיל, האָבן מיר זיך אָפּגעשטעלט און פאַרויכערט. אונדז אַנטקעגן, פון שטאָט, האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אַ קליינע גרופּע מענטשן: דריי מענער און איין פרוי. די מענער זיינען געווען ניט ראַזירט, צעשויבערט, געל, און זייערע שטאַרע אויגן האָבן גאָרניט אויסגעדריקט, אַ כוץ שרעקלעכע מידקייט. די שרעקלעכע באַשיסונג וואָס האָט פאַרניכטעט סענט־לאָ האָט אויך פאַרניכטעט זייער מענטשלעכע נעשאָמע. זיי האָבן גלייכגילטיק פאַרויכערט די פּאַפּיראָסן, וואָס מיר האָבן זיי פאָרגעלייגט, גערויכערט, פאַרציענדיק זיך גייציק, נאָר אָט די גייציקייט איז אויך געווען עפּעס אַן אויטאָמאַטישע. די פרוי האָט עפּעס שטיל אונטערגעזונגען — זי איז אַראָפּ פון זינען. דער קאַפּראַל האָט אויפגעקלערט, אַז אָט די פיר זיינען אַלץ, וואָס עס איז געבליבן פון דער צען־טויזנטדיקער באַפעלקערונג פון סענט־לאָ. מיר זיינען צוגעקומען ביז צו די געסלעך פון דער פאָרשטאָט, נאָר אַריין אין שטאָט האָבן מיר ניט געקענט: די גאַסן זיינען געווען פאַרוואָרפן מיט רעשטלעך

פון די ווענט, אראפגעריסענע דעכער, צעשפּאָלטענעביימער. אַלץ איז געווען באדעקט מיט אַ גראָבן שיכט דינעם שטויב.

מיטן זעלבן וועג זיינען מיר צוריקגעגאנגען. פון בארג האָבן מיר אַ קוק געטאָן אויף דער צעפּייניקטער שטאָט: זי איז געווען שווארץ, ווי אַ האלאָוועשקע.

מיט אַ טאָג שפּעטער זיינען מיר אוועק צום צענטער פון דעם אמעריקאנער סעקטאָר, ווו מען האט צוגעזאָגט די קאָרעספּאָנדענטן צו ווייזן אַ „שאָו". ביזן שטאב פון דער ערשטער אמעריקאנער ארמיי איז געווען גאָרניט ווייט, ער האט זיך באזעצט אויף די ראנדן פון אַ קליין דערפל, וועלכעס איז געשטאנען אין אַ זייט פון גרויסן וועג און דעריבער קימאט ניט געווען אָנגערירט פון דעם קריג. פונקט קאפּויער ווי די ענגלישע שטאבן, וועלכע האבן מערסטנס אויסגעמיטן באוואוינטע פּלעצער, און פלעגן בעסער באזעצן זיך אין גערטנער און וועלדער, האָבן די אמעריקאנער שטאבן אויסגענוצט געביידעס און אָפטער פון אַלץ ניט קיין באוואוינטע.

פון ארמיי־שטאב האט מען אונדז אָפּגעשיקט אין שטאב פון אַ קאָרפּוס, וועלכער האט באקומען אַ באפעל ארויסצוטרעטן און זיך פּארפּעסטיקן אויפן וועג סענט־לאָ—פּעריע; די אמעריקאנער האבן אָנגעפאנגען דורכברעכן זעלבסטשטענדיק אַ טויער צום מײַרעוודיקן ברעג נאָרמאנדיע אין דער ריכטונג אויף קוטאנס און אווראנש, קעדיי שפּעטער ארויסרייסן זיך אין ברעטאָן און, לויטן פּלאַן, אויסגעארבעט פון די גענעראלן פּאטטאָן און ברעדלי, ארומרינגלען די דייטשן אין נאָרמאנדיע און ניט אין צאָפן־פראנקרייך, ווי דאָס האָט געפּלאנעוועט מאָנטגאָמערי. אין שטאב פונעם קאָרפּוס האָבן מיר געטראָפן דעם ארמיי־קאָמענדאנט אליין — ברעדלי. ניט ארונטערנעמענדיק זיינע ברילן אין אייזערנע רעמלעך האָט דער גענעראל דורך אַ בינאָקל געקוקט אין הימל אריין. אין יענעם פרימאָרגן האָט מען דערווארטעט, אַז טויזנט דריי הונדערט שווערע באָמבארדיר־אוויאָנען זאלן אַ קלאפּ טאָן איבער די דייטשישע פּאָזיציעס. נאָך דעם האָבן געזאָלט די טאנקען אטאקירן דעם סוינע, און נאָך זיי האָט באדארפט אָנגרייפן די אינפאנטעריע. דער וועטער אָבער האָט קיין גוטס ניט צוגעזאָגט. עס האָט געטריפט אַ רעגן.

די קאָרעספּאָנדענטן האָבן זיך געטוליעט צו די ווענט. דאָס שיינדל פון דער אמער. זשורנאליסטיק האָט דערוואַרט דערפאָלגן אויפן אמעריקאנער סעקטאָר. דער שרייבער ערנעסט העמינגוועי האָט געשויבערט זיין גרויסע באָרד און פארכאַלעמט געקוקט ערגעץ ווייט איבער די גערטנער. דער פייערדיק־רויטער ניקערבאָקער האָט דערציילט עפּעס אַ וויץ, וועלכער איז געווען פונקט אזוי לאנגווייליק, ווי זיינע אויבערפלעכלעכע פילצאָליקע שרייבעכצן. דער קאָמענטאַריסט באלדווין האָט זיך פארפרוירן געטוליעט אין אַ שאַרף.

ענדלעך האָט אויפגעהערט צו שפּריצן, אין די מוטנע וואָלקנס האָבן זיך באַוויזן בלוילעכע פענצטער. די ערשטע כוואַליע פון באָמבאַרדיר־אַוויאָנען, לויט די יעדיעס פון שטאַב, האָט שוין געקרייצט דעם קאַנאַל. קעדיי ניט דורכלאָזן די באָמבאַרדירונג האָבן מיר זיך אַרויסגערוקט אַף אַן ערעך צוואַנציק קילאָמעטער פאָרויס און זיך אָפּגעשטעלט אַפן ראַנד פון איינעם פון די דערפלעך, וואָס עס איז געלעגן אַף אַ הויכן באַרג. פון דאַנען האָט זיך גאַנץ דייטלעך געזען די רייע בערגלעך פון יענער זייט טאָל. זיי האָבן זיך געצויגן פּאַראַלעל צו אונדזער וועג. דאָרט איז געלעגן דער גוירלדיקער וועג, אַף וועלכן עס האָבן זיך באַפעסטיקט די דייטשן. אָט אַהין איז געווען גערעכטעט דער קלאַפּ פון די באָמבאַרדירער.

אַ פופצן טריט פון אונדז האָט זיך אָפּגעשטעלט אַ שטאַב אויטאָמאָביל. אַ הויכער אָפיציר מיט וואָנצעס, איז פון אים אַרויסגעקראָכן און צוגערופן אונדז צו זיך. דאָס איז געווען אַ נאָנטער באַקאַנטער פונעם קאָרעספּאָנדענט מאַטיוז, פון „דיילי העראַלד". דער אָפיציר, וועמענס אָפּטיילונג האָט זיך געפונען עטלעכע קילאָמעטער ווייט פון דעם דערפל, האָט אונדז איינגעלאַדן טרינקען קאַווע. ס'איז געווען זייער צוגעפּאַסט, ווייל מיר זיינען געווען גאַנץ הונגעריק.

מיר האָבן נאָך ניט באַוויזן צוצוקומען צום „הויז" פון דעם גאַסטפריינטלעכן אָפיציר, ווי הינטער אונדזערע פּלייצעס האָבן זיך באַוויזן די באָמבאַרדיר־אַוויאָנען. מיר האָבן זיך שוין געקליבן אומצוקערן צוריק, נאָר די אַוויאָנען האָבן אונדז פאַרלאָפן דעם וועג און צוקומענדיק צום וועג ווו מיר זיינען נאָרוואָס געשטאַנען האָבן זיי אָנגעפאַנגען אַראָפּוואַרפן זייער טויט־לאַסט. שוואַרצע פאָנטאַנען פון רויך און בלאָטע האָבן זיך אויפגעהויבן איבער די גערטנער. די אָפיצירן און סאָלדאַטן האָבן געקוקט אַף די אַוויאָנען מיט אויגן פאַרגליווערטע פון פאַרוווּנדערונג און פאַכעד. און די אַוויאָנען זיינען צוגעקומען אַלץ מער און מער, און אַלץ אַראָפּגעשליידערט די באָמבעס. דער געבריל האָט זיך געטראָגן צו אונדז אין אַ וואָלקן פון שטויב און רויך.

ווען אין אַנדערהאַלבן שעה אַרום זיינען מיר ווידער צוגעקומען צו אונדזער דערפל, איז ער שוין מער ניט געווען. דער מאַגיסטראַט האָט נאָך גערויכערט, אַפן אָרט פון קלויסטער האָט זיך געהויבן אַ באַרג מיסט. אין די גערטנער האָבן זיך געוואַלגערט אויסגעהאַרגעטע בהיימעס. לענג־אויס דעם וועג האָבן געברענט אַמעריקאַנער לאַסט־אויטאָמאָבילן. שמאַציקע, צעטומלטע סאָלדאַטן האָבן אָנגעפאַנגען אַרויסקריכן פון גריבער. זיי האָבן נאָך אַלץ געקוקט מיט דערשטוינונג און שרעק אין הימל אַריין. אין דעם שטאַב פון קאָרפּוס, וועמענס אָנגריף איז אַראָפּגעריסן געוואָרן מיט אָט דער טאָעסדיקער באָמבאַרדירונג, איז מען געזעסן אין מאָרע־שכוירע און געציילט די פאַרלוסטן. די צאָל פון דערהאַרגעטע האָט אַר־

בערגעשטיגן די הונדערט, צווישן זיי דער גענעראַל־לייטענאַנט מאַק־
נעיר. נאָך אָט דעם אומגליקס־פאַל, האָבן די אַמעריקאַנער טאַנקען און
לאַסט־מאַשינען אָנגעהויבן פאַרשפּרייטן אױף אַ באַמערקבאַרן פּלאַץ העלע
לייוונטן פון אָראַנזש־קאָליר, וועלכע זיינען גוט אָנזעעוודיק געווען אַפילע
פון אַ גרויסער הויך.

אַפן אַנדערן טאָג האָבן די אַמעריקאַנער זיך אומגעקערט אױף זייערע
אויסגאַנג־פּאָזיציעס. דאָס מאָל האָט די אַוויאַציע אַראָפּגעוואָרפן אירע
באָמבעס פּינקטלעך אַפן „דייטישן וועג". די טאַנקען האָבן זיך אַ ריס
געטאָן פאָרויס, אונטערן צודעק פון רויך און שטויב וואָס עס האָבן אויפ־
געהויבן די אַוויאָנען. צום סאָף פון טאָג האָבן די אַמעריקאַנער פעסט
באַזעצט דעם שאָסיי סענט־לאָ—פּעריע. אױף צו מאָרגנס האָבן די טאַנקען
דערגרייכט דעם וועג סענטאָ־לאָ—קוטאַנס. אַריבערשפּאַנענדיק אים האָבן
זיי גענומען אַ ריכטונג אױף ברעאַל, וואָס איז געלעגן באַם סאַמע יאַם,
און אָפּגעשניטן אַזוי אַרום די באַזע פון דעם גרויסן דרייעק: סענט־לאָ ־
לעסעע ־ ברעאַל. אין אָט דעם טויער האָבן אַ פלייץ געטאָן די שטורעם־
קאָרפּוסן פון דער 1־טער און 3־טער אַמעריקאַנער אַרמיי, וועלכע האָבן
פאַרמאָגט 13 אינפאַנטעריע און 5 טאַנקען־דיוויזיעס. אויסגעשעפּטע פון
לאַנגע שלאַכטן, זיינען די דייטשן ניט אימשטאַנד געווען צו שטעלן אַן
ערנסטן ווידערשטאַנד אָט דעם שטאַרקן שטורם. די אַמעריקאַנער האָבן
פאַרמאָגט אומגעפער אַן איבערפלוס אין מענטשן פיר מאָל אַזוי פיל, ניט
גערעדט שוין אין רייכקייט פון טעכניק.

די טאַנקען־קאָלאָנעס האָבן זיך אַ שליידער געטאָן צום יאַם. איינע
פון זיי, וועלכע האָט פאַרנומען סען־זשיל און קאַניסי, (דאָרעם־מיזרעכדיק
פון סענט־לאָ), איז שנעל אַוועק אױף דאָרעם און אין גאַנג פאַרנומען דאָס
שטעטל טעססי־סיור־וויר, ניט ווייט פון אַ באַדייטנדיקן וועג־קנופּ, לעבן
דער שטאָט וויר. אָבער אין שטאָט גופא זיינען די אַמעריקאַנער, כ'ווייס
ניט פאַרוואָס, ניט אַריין. די טאַנקען פון דער 2־טער בריטישער אַרמיי,
וועלכע האָבן אַוואַנסירט אױף דאָרעם פון שטעטל קאַמאַן, האָבן זיך די
ערשטע אַריינגעריסן אין וויר און זי פאַרנומען אָן אַ שלאַכט. אָבער, דער
קאָמאַנדיר פון באַטאַליאָן האָט אויסגעפונען, אַז ער האָט פאַרנומען אַ
פרעמדן אָביעקט, ווייל לויטן פּלאַן פון דער אַליאירטער קאָמאַנדע, איז
די שטאָט וויר געווען אָנגעצייכנט פאַר די אַמעריקאַנער. נאָך אַ קורצן
זיך מעיאָעשוו זיין האָט דער קאָמענדאַנט באַפוילן זיינע טאַנקען אָפּריי־
ניקן די „אַמעריקאַנער" שטאָט. דאָס האָבן אויסגענוצט די דייטשן און
אױף שנעל אַ וואָרף געטאָן אױף וויר באַדייטנדיקע קויכעס. פאַר אָט דעם
וויכטיקן פּונקט זיינען שפּעטער פאָרגעקומען לאַנגע און בלוטיקע שלאַכטן
און דערפירט צו גרויסע פאַרלוסטן פאַר ביידע צדאָדים. אַ צווייטע טאַנ־
קען־קאָלאָנע, נאָכן פאַרנעמען מאַריני, איז אַרויס אַפן וועג סענט־לאָ—
קוטאַנס און האָט זיך אויסגעקערעוועט דירעקט אױף מײַרעוו, צום יאַם.

שפּעט אין אָוונט פון דעם אַנדערן טאָג זיינען די טאַנקען אַריין אין קוטאַנס: אַזוי אַרום איז צעשניטן געוואָרן אַף צוויי גלייכע טיילן דער דרייעק: פּעריע - ברעאַל - סענט־לאָ. אין דער באַזע פון אָט דעם דרייעק, וועלכער איז געבליבן איצט אָפן בלויז פון דער זייט פון יאַם, איז געלעגן דער וועג לעססע - קוטאַנס - ברעאַל, וועלכע האָט זיך געצויגן פּאַראַלעל צום ברעג. איבער אָט דעם וועג האָט זיך א ריר געטאָן דער טאַנקען־קאָרפּוס פון דער דריטער אַמעריקאַנער אַרמיי. ער איז אין צוויי טעג דורכגעגאַנגען דעם שעטעך פון לעססע ביז קוטאַנס, וועלכן עס האָט אין מעשעך פון קימאַט 2 מאָנאַט ניט געקאָנט גיוועלדער זיין א גאַנצע אַרמיי. אָפן דריטן טאָג האָט זיך נאָך מער פאַרשנעלערט דער גאַנג פון די טאַנקען, וועלכע האָבן זיך אַרויסגעריסן אַפן ברייטן און אָפענעם וועג ברעאַל־אווראַנש. א טאָג שפּעטער האָבן די טאַנקען, געשיצטע פון אַוויאַציע, זיך דורכגעטראָגן איבער די גאַסן פון אווראַנש, אַראָפּגעלאָזט זיך פון איר הויכן באַרג, דורכגעקרייצט אַן אָרעם טייכעלע, וועלכעם האָט אָפּגעטיילט נאָרמאַנדיע פון ברעטאָן. פאַר זייערע אויגן האָט זיך געעפנט דער ברעסטער האַלב־אינדזל, באַשיצט דורך אָפּטיילונגען פון צוויי אָדער דריי דייטשישע דיוויזיעס.

די טאַנקען זיינען אַזוי שנעל געלאָפן פאָרויס, אַז מיר האָבן פאַרלוירן מער ווי אַ האַלבן זומערדיקן טאָג, זוכנדיק זייערע שפּורן. עמעס, אַז דורך דעם „דורכבריים־טויער”, וועלכער איז געווען געעפנט דורך דער אַוויאַציע און אַרטילעריע אַף מיַירעוו פון דער שטאָט סענט־לאָ, האָבן מיר זיך גערוקט פאָרויס קימאַט ווי צופוס. די וועגן זיינען געווען פול מיט גריבער און לעכער פון באָמבעס און האַרמאַטן־קוילן. פון ביידע זייטן שאָסיי זיינען געשטאַנען אָפּגעברענטע און אַנטבלויזטע גערטנער, פּונקט ווי אַ גיגאַנטישער פייער־אוראַגאַן האָט אָפּגעבראָכן די צווייגן און צעשפּאָלטן די ביימער. גרינע לאָנקעס זיינען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין געלע אומבאַוווּסט צוליב וואָס אַזוי טיף און מיעס צעאַקערטע פעלדער. אָנשטאָט דערפער פלעגן מיר געפינען נאָר רעשטלעך פון שטיינערנע ווענט, בערג שטיינער, אָפּפאַלן, זאַמד, צעבראָכענע ברעטער אין שטיקער צעדרייטן אייזן.

וואָס ווייטער פון אָט־דעם „טויער”, אַלץ ווייניקער כורוועס האָבן מיר אָנגעטראָפן. אין קוטאַנס איז דער מילכאָמע־אוראַגאַן דורכגעפלויגן בלויז איבער דער הויפּט־גאַס. ברעאַיל, גראַנוויל, און אַלע קליינע שטעטלעך וואָס ליגן אַפן וועג קוטאַנס — אווראַנש, זיינען געבליבן אַפילע ניט אָנגערירט. אין גראַנוויל האָבן די דייטשן אויפגעריסן די פּאָרט־איינריכטונגען, וועלכע זיינען דורך זיי מינירט געוואָרן נאָך דעם 17־טן יוני, דאָס הייסט אַפן צענטן טאָג נאָך דעם אַרויסזעצן זיך פון די אַליאירטע.

דער וועג פון גראַנוויל ביז אווראַנש האָט געטראָגן אַף זיך סימאָנים פון אַן איַיליקן אַנטלויפן פון די דייטשן. באַם אַנטלויפן פון די אַמערי־

קאַנער, פלעגן די פריצן צונעמען בא די פויערים פערד, וועגענער קאַ־רעטעס א. אנד. די אַמעריקאַנער טאַנקען האָבן אָנגעיאָגט און צעשליידערט אַףביידע זייטן דעם קאַראַוואַן פון אַט־די וועגענער. פעק מיט אַמוניציע, ביקסן, פאַרטפעלן מיט געהיימע דאָקומענטן — דאָס אַלץ האָט זיך גע־וואַלגערט לענגויס דעם וועג. אַף זייטיקע וועגן האָבן זיך געוואַלגערט שינעלן, מאַנטלען, אויבערשטע קורטקעס, גאַז־מאַסקעס, ביקסן, שטיוול און אַפילע פלעשלעך מיט וואַסער — אַן איבערצייגנדיקער בילד פון אַ „באַלייכטערן זיך" פון די אַנטלויפנדיקע פריצן.

די דייטשן האָבן געפרוווט פאַרהאַלטן די טאַנקען פאַר אוואַנש, וועלכע איז געלעגן אַף אַ הויכן באַרג און פון וואַנען עס האָט זיך געזען דער גאַנצער טאָל. די אַוויאַציע פון די אַליאירטע האָט אַראָפּגעשליידערט אַף יענעם באַרג עטלעכע הונדערט טאָן באָמבעס. דורך דער צעשטערטער שטאָט זיינען מיר צוגעקומען צו איר דאָרעמדיקער פאַרשטאָט. פון דאַנען האָט זיך געעפנט אַ ווונדערלעכע פּאַנאָראַמע אַפן יאַם, אַפן איינגוס סען־מאַלא. דאָרט האָט אין אַ גלאַנציקן רויכל זיך געהויבן אַ קוים באַמערק־באַרער קלויסטער סען־מישעל, איינע פון די ווונדערבאַרסטע געביידעס פון דער אייראָפּעישער אַרכיטעקטור.

די פון דער אויגוסט־זון דערוואַרעמטע ברעטאַן, האָט אַזוי ווי גע־דרימלט, ניט באַמערקנדיק די מילכאָמע וואָס האָט געראַשט אַף אירע וועגן. אַף דער קרייצונג פון די וועגן אין פּאָנטאָרסאָן זיינען מיר לאַנג געשטאַנען, פרוונדיק טרעפן אַף וועלכער זייט זאָלן מיר פאָרן ווייטער. דער אַמעריקאַנער פּאַטרול, פאַרשטאַרקט מיט אַ פּאָר קעמפער פון די פראַנצויזישע אינערלעכע קויכעס, האָט אונדז ניט געקאָנט זאָגן, ווו אייגנטלעך אין ברעטאַן גייען אָן די קאַמפן. דער טאָג איז געווען אַ זו־ניקער, אַ קלאָרער און שטילער. אַ פראַנצויזישער וועלאָסיפּעדיסט, וועלכן מיר האָבן אָפּגעשטעלט האָט געהערט אַ רויש פון אַרטילעריע־קאַנאָנאַדע אין דער ריכטונג פון שטאָט און פאָרט סען־מאַלא. אין אַ דרייסיק מינוט אַרום, נאָכן דורכפאָרן איבער אַ ברייטן ליידיקן וועג אַן ערעך פופציק קילאָמעטער, האָבן מיר דערזען פאַר זיך אַ גרויען וואָלקן רויך און נאָך אין אַ דרייסיק מינוט אַרום זיינען מיר געזעסן אין באַקוועמער אַכסאַניע קימאַט בא סאַמע סען־מאַלא און געפירט אַ שמועס מיטן קאָמענדאַנט פון אַן אַמעריקאַנער טאַנקען־בטאַליאָן. עס האָט זיך אויסגעלאָזט, אַז נאָך אייערנעכטן איז דאָס אַמעריקאַנער מיליטער אַריין אין שטאָט און זי פאַרנומען. די דייטשן האָבן באַזעצט די יאַם־פעסטונג. דער קאָמענ־דאַנט פון דעם דייטשישן גאַרניזאָן, מיט וועמען מען האָט זיך פאַרבונדן טעלעפאָניש האָט זיך אָפּגעזאָגט אָפּצוגעבן די פעסטונג. אָט די פאַרביג־דונג האָט אָנגעהאַלטן אַ לענגערע צייט שפּעטער, און די אַרטילעריסטן, נאָך יעדן געלונגענעם שאָס, האָבן געקלונגען אין פעסטונג אַריין און אָנגעפרעגט די דייטשן אויב זיי האָבן באַקומען די מאַטאָנע, אָדער ניט.

אַ דייטשישער פֿאַלקאָווניק האָט געקעמפּט בײַ סטאַלינגראַד, — דער קאָמענדאַנט פֿון באַטאַליאָן האָט גערעכנט, אַז דער „אַלטער גאַנעוו" האָט ווײַזט אויס אָפּגעטאָן „שיינע זאַכן" אין רוסלאַנד און האָט איצט מוירע זיך אונטערצוגעבן, אין שרעק אַז די אַמעריקאַנער וועלן אים אַרויסגעבן צו די רוסן. — דער קאָמענדאַנט פֿון באַטאַליאָן האָט צוגעזאָגט אָנקלינגען און צו וויסן געבן דעם דייטש, אַז אין דער אומגעגנט פֿון סען־מאַלאַווארטן אַף אים צוויי רוסן. מיר זײַנען אָבער ניט געבליבן וואַרטן ביז דער אָקשאָנעסדיקער דייטש וועט זיך אונטערגעבן. אויסגעמיטן פּאַנטאַסאָן, זײַנען מיר אַוועק אין רען, וועלכע איז, ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן נעכטן פֿאַרנומען געוואָרן דורך אַמעריקאַנער טאַנקען. מאַכנעס פֿויערים, אויסגעפּוצט יאָנטעוודיק האָבן זיך געצויגן איבערן וועג — דאָס זײַנען זיי צוריקגעגאַנגען פֿון די קלויסטערס. אַף די גאַסן פֿון די שטעטלעך און דערפֿער זײַנען געשטאַנען מאַכנעס יונגוואַרג, וועלכע פֿלעגן מיט קריגערישע און באַגײַסטערטע אויסגעשרייען באַגעגענען און באַגלייטן יעדן אויטאָמאָביל פֿון די אַליאירטע. ווי ניט ווי פֿלעגט מען אָנציען איבער דער ברייט פֿון די גאַסן גרויסע לײַוונטן מיט אַן אײַנלאַדונג צו די אַליאירטע „באָרוך האַבאַ".

פֿאַר רען אין די גערטנער זײַנען געשטאַנען עטלעכע „שערמאַנס", אונטערגעשאָסענע פֿון דייטשישע אַנטיטאַנק האַרמאַטן. נאָך ווײַטער האָבן זיך געפֿונען בערגלעך אויסגעשאָסענע גילדזן, קיין האַרמאַטן זײַנען ניט געווען. ווײַזט אויס, אַז די דייטשן האָבן באַוויזן זיי אַוועקצופֿירן, ניט געקוקט אַף אַזאַ אײַליקן אָפּטרעטן.

אין רען גופֿע, אין „האָטעל דע פּראַנס" האָבן מיר אָנגעטראָפֿן דעם אַמעריקאַנער שטאָט־קאָמענדאַנט, וועלכער האָט אַרומגעשפּאַנט איבערן ראַכוועסדיקן פֿאַרטונקלטן זאַל און זיך געזידלט אַף וואָס די וועלט שטייט. נאָך פֿון נעכטן אָן, אָנקומענדיק אין שטאָט, האָט ער קיין לעבעדיקן נעפּעש ניט געקענט געפֿינען: די אײַנוואוינער האָבן זיך אויסבאַהאַלטן, מוירע האָבנדיק פֿאַר אַ גאַסן־קאַמף. די דייטשן האָבן געדראָט זיך צו שלאָגן אין רען פֿאַר יעדער גאַס, פֿאַר יעדן הויז, ווײַל די שטאָט פֿאַרשליסט דעם אַרויסגאַנג פֿון דעם ברעסטער האַלב־אינדזל. אָבער זייער דראָונג האָבן זיי ניט אויסגעפֿירט. עפּעס אַ דייטשישער קאַנצעלאַריע־שרײַבערל, וועלנדיק זיך פֿאַרבינדן דורכן טעלעפֿאָן מיט אַ שכײנעסדיק שטעטל, האָט אַ לאַנגע צײַט ניט געקענט אָנטרעפֿן אָפֿן דייטשישן קאָמענדאַנט — דער טעלעפֿאָן האָט ניט אָפּגעענטפֿערט. מיטאַמאָל האָט עפּעס אַ דיקע שטימע אָפּגעענטפֿערט „אַללאָ". דער שרײַבערל האָט געפּאָדערט אַרויסרופֿן דעם קאָמענדאַנט און דערבײַ געזידלט דעם וואָס האָט געענטפֿערט. דער באַלעבאָס פֿון דער דיקער שטימע האָט זיך אויפֿגערעגט און אין אַ שלעכטן דייטש געדראָט דעם שרײַבערל, אַז ער וועט אים שוין פּאַקן אויב יענער וועט פֿאַרבלײַבן אין רען נאָך צוויי שאָ. דער

שרײַבער האָט פֿאַרשטאַנען, אַז ער רעדט מיט עמיצן פֿון אַוואַנגאַרד פֿון דער דריטער אַמעריקאַנער אַרמײ. מיט אַ ווילדן גוואַלד „אַמעריקאַנער״, האָט זיך דער דײַטש געלאָזט לויפֿן איבער די גאַסן, נאָך אים האָבן זיך אַ לאָז געטאָן די איבעריקע. גאָר אינגיכן זײַנען די גאַסן פֿון רען פֿאַרפֿולט געוואָרן דורך אַנטלויפֿנדיקע דזשעררים. באַם אַנטלויפֿן פֿלעגן זײ צונעמען אויטאָס, אַראָפּוואַרפֿן אינגלעך פֿון וועלאָסיפּעדן. נאָר די אײנציקע אַנטיטאַנק־דיוויזיע וועלכע איז געשטאַנען אָפּגעזונדערט אין פֿאַרשטאָט און דעריבער ניט געהאַט קײן פֿאַרבינדונג מיטן פּאַניק־געשטימטן גאַרניזאָן, האָט געשטעלט באַם צוטריט צו דער שטאָט אַ שוואַכן ווידערשטאַנד די אַמעריקאַנער. אין שטאָט גופֿא איז ניט אויסגעשאָסן געוואָרן קײן אײנציקער שאָס. דאָס איז געווען אַזוי אומדערוואַרט ניט נאָר פֿאַר די פֿראַנצויזן, נאָר אויך פֿאַר די אַמעריקאַנער, אַז יענע האָבן לעכאַטחילע ניט געוואַגט אַרײַן אין שטאָט, מײנענדיק, אַז פֿאַר זײ איז צוגעגרײט אַ פּאַסטקע. צו אָוונט־צו זײַנען די טאַנקען דאָך אַרײַן אין שטאָט, דורכמאַרשירט איבער די גאַסן און, ניט פֿאַרהאַלטנדיק זיך, אַ וואָרף געטאָן זיך נאָך די דײַטשן, וועלכע זײַנען געלאָפֿן אין דער ריכטונג פֿון סען־נאַזאַר, לע־מאַן, אַנזשע. די אײַנוואוינער פֿון רען זײַנען אומדערוואַרטעט געבליבן אין טיפֿן הינטערלאַנד.

דאָס אַלץ איז פֿאָרגעקומען נעכטן, נאָר די בירגער האָבן אַלץ נאָך ניט געקענט קומען צו זיך. און דאָס האָט געבײזערט דעם קאָמענדאַנט. אַרום האַלבן טאָג האָט זיך פֿאַרשפּרײט אַ קלאַנג, אַז די אַמעריקאַנער טאַנקען האָבן פֿאַרנומען סען־נאַזער. דער קאָמענדאַנט, אַן אויפֿגערעגטער, האָט אונדז געראָטן צו פֿאָרן אַהין. לויט זײַנע דערקלערונגען איז דאָס פֿאַרנעמען פֿון אַזאַ גרויסער שטאָט און פּאָרט, געווען ניט נאָר וויכטיק דורך דעם אָפּהאַקן פֿון פֿראַנקרײַך גאַנץ ברעטאָן, נאָר אויך מיט דעם וואָס די אַרמײ האָט באַקומען אַ פּאָרט, אין וועלכן זי האָט זיך זײער שטאַרק גענויטיקט.

אָבער דעם קאָמענדאַנטס האָפֿענונגען האָבן זיך ניט פֿאַרווירקלעכט. די שטאָט איז טאַקע פֿאַרנומען געוואָרן און, אַגעוו מיט דער הילף פֿון רוסישע פּאַרטיזאַנען פֿון די קריגס־געפֿאַנגענע — נאָר די יאַם־פֿעסטונג איז פֿאַרבליבן אין די הענט פֿון די דײַטשן קימאַט ביזן לעצטן טאָג פֿון דער מילכאָמע.

הינטער רעדאָן האָט מען אונדז אָפּגעשטעלט: דער פּאַטרול אַלײן האָט אַף זיכער ניט געוווּסט מיט וועלכן וועג עס זײַנען אַדורכגעגאַנגען די טאַנקען. אַ טאַנקען־אָפֿיציר, וועלכער איז געקומען פֿון די אומגעגנטן פֿון סען־נאַזער, האָט געזוכט די אינפֿאַנטעריע וועלכע האָט געזאָלט באַגלײטן זײַן אָפּטײלונג. ער האָט אונדז געפֿרעגט אויב מיר האָבן זי ניט געזען אָפֿן וועג פֿון רען. נײן, ניט געזען. צוזאַמען מיטן טאַנקען־אָפֿיציר האָבן מיר זיך אומגעקערט צוריק צו דער שטאָט.

נאָר דאָרט, וווּ דער וועג פון סען־נאַזער באַגעגנט זיך מיטן וועג פון אַנזש, האָבן מיר זיך פאַרקערעוועט אַף אַנזש, און אין דער אומגעגנט פון שאַטאָבריאַן אָנגעיאָגט די אַמעריקאַנער אינפאַנטעריע. אַ קאָמענדאַנט פון אַ קאָמפּאַניע, אַ געזונטער, בלאָנדער, לאַנגווייליקער קאַפּיטאַן האָט זיך באַקלאָגט, אַז ער האָט פאַרלוירן זיינע טאַנקען. די מעשוגענע פראַנצויזן אין רען, מיט זייער האַלדזן און קושן זיך, האָבן אים פאַרהאַלטן, דערפאַר איז ער אָפּגעשטאַנען פון די טאַנקען און איצט, ווייזט אויס, אַוועק אַף אַן אַנדער וועג. ער האָט געשיקט אַן אויסשפּיר אין שאַטאָבריאַן, נאָר דאָרט האָבן זיך נאָך ניט באַוויזן די אַמעריקאַנער געפּאַנצערטע מאַשינען.

ער איז געזעסן רואיק און הילפלאָז אין שאָטן פון אַ גרויסן עפּל־בוים און געוואַרט ביז דער שטאַב וועט אים אָנווייזן די פּאָזיציעס פון די „שערמאַנס”. פון צייט צו צייט פלעגט דער קאַפּיטאַן אויסשטרעקן זיין האַנט צו די געדיכטע צווייגן, אַראָפּרייסן אַן עפּל און פריִער פאַר־געלייגט עמיצן פון אונדז. די געסט פלעגן שטענדיק זיך אָפּזאָגן. דאַן האָט דער קאַפּיטאַן מיט אַ פוילן אַפּעטיט אָנהויבן אים עסן אַליין. ער האָט פלעגמאַטיש געקוקט אַפן כוואַליעדיקן האָריזאָנט איבער וועלכן עס האָט וויברירט די צעגליטע לופט.

.4

אַף צוריקוועגס האָבן מיר אַנטדעקט זייער אַ פּיקאַנטן פאַל: דאָס העלדזל, וועלכעס פירט דורך אווראַנש פון נאָרמאַנדיע קיין ברעטאַן איז אויסערגעוויינלעך שמאָל און ניט פאַרטיידיקט. דייטשישע פּאַטרולן האָבן זיך יענעם טאָג באַוויזן, צו דער גרויסער פאַרוווּנדערונג פון זיי אַליין און אויך פון די אַמעריקאַנער, אַפן איינציקן וועג פון דער 3־טער אַרמיי, דורך וועלכן מיר זיינען דורכגעפאָרן אינדערפרי. דאָס האָט אַזוי פאַר־וווּנדערט די אַמעריקאַנער, אַז זיי האָבן אַפילע ניט געפּרוּווט זיי נאָכיאָגן. מען האָט אונדז געוואָרנט אין סאָנטאָרסאָן, אַז באַם אויסבויג פון דעם איינגוס סען־מישעל, קענען מיר אָנטרעפן אַפן סוינע. דער אַמעריקאַנער לייטענאַנט האָט אונדז געראַטן איבערצוּוואַרטן אין פּאָנטאָרסאָן. זיין גאַרניזאָן האָט געציילט דרייסיק מאַן און עטלעכע קוילנוואַרפער. נאָך אַ קורצן אישעוו האַדאַאַם האָבן מיר דאָך באַשלאָסן צו פאָרן אין אוו־ראַנש, וווּ ס'האָט געזאָלט איבערנעכטיקן אַ פראַנצויזישע טאַנקען־דיוויזיע. אונדזער מאַשין האָט זיך אַ יאָג געטאָן איבער אַ גוטן, ריינעם און גלייכן וועג און אין מעשעך פון לאַנגע פופציק מינוט האָט דער שנעלקייט־זייגער געוויזן ניט ווייניקער ווי 100 קילאָמעטער די שאָ. נאָר איינמאָל אויפהויבנדיק זיך אַף אַ מעשופּעדיקן ברעג פון אַ טייכל לעבן אווראַנש,

האָט די מאַשין עטוואָס איינגעהאַלטן איר ווילדן געיעג. מיר האָבן זיך אומגעקוקט, אױף די שטילע בערגלעך באַוואַקסן מיט גערטנער, באַלויכטע־נע פון דער ביין־האַשמאַשעסדיקער זון, צווישן די גערטנער האָבן זיך געמערקט אייניקע רויט־דאַכיקע דערפלעך, און געהויבן זייערע שפּיצן די קלויסטערס.

אױפן צווייטן טאָג אין שטאַב האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז דאָס באַ־וויזן זיך פון דייטשן אױפן וועג אווראַנש—פּאָנטאָרסאָן, איז ניט געווען קיין צופעליקייט. ווי מען האָט זיך דערוווּסט פון איבערגעכאַפּטע ראַדיאָ־טעלעגראַמעס, האָט די דייטשישע הויפּט־קאָמאַנדע געוואָלט מיט איין קלאַפּ פאַרנעמען אווראַנש, קעדיי אַזוי אַרום אָפּשניידן די דריטע אַמע־ריקאַנער אַרמיי. דייטשישע טאַנקען־אָפּטיילונגען קאָנצענטרירטע אין געגנט פון פלער, האָבן זיך אַ רוק געטאָן דירעקט אױף מײַרעוו און שוין געהאַט פאַרנומען עטלעכע קליינע, נאָר גאַנץ וויכטיקע קנופּן. „טיגערס" און „פּאַנטעראַס" זיינען געגאַנגען דרייסט פאָרויס, געשיצט ניט אַזוי דורך זייערע פּאַנצערס, ווי דורך די נידעריקע וואָלקנס.

גלייכצייטיק האָט די דייטשישע אָנפירונג געשיקט עטלעכע גרופּעס פון אירע טאַנקען צו צאָפן פון פאַלעז, ווו די קאַנאַדער האָבן געפּרוּווט זיך דורכרייסן לענגוים דעם וועג פון קאַן. ביז דעם אָנקומען פון די רעגן־טעג זיינען די קאַנאַדער באַגלייט געווען דורך דער אַוויאַציע, וועלכע האָט „ווייך געמאַכט" בוכשטעבלעך יעדעס בערגעלע, וואָס פלעגט זיך זיי אָנ־טרעפן אין וועג. די דייטשן האָבן זיך אַקשאָנעסדיק געווערט. ראַטעווענ־דיק זיך פון דער אַוויאַציע, פלעגן די דייטשן זיך אַזוי טיף פאַרגראָבן אין דער ערד, אַז „אויסקאַלופּען" זיי פון דאָרט פלעגט צונעמען זייער פיל צייט בײַ די קאַנאַדער. מאָנטגאָמערי פלעגט וואַרפן טאַנקען אין נאַכט־אַטאַקעס, קאָנצענטרירט אַרטילעריע אױף אַ שמאָלן פראָנט־שטעטך, און דאָך איז דער וואוּקס געווען ניט מער ווי אַ פּאָר צענדליק מעטער אַ טאָג.

די דייטשן האָבן פּאַשעט ניט געוואָלט צולאָזן די אַליאירטע צו פאַלעז. מאָנטגאָמערי, אַ פאַרפאָלגטער דורך דעם געשפּענסט פון מעגלעכע ענג־לישע פאַרלוסטן, האָט זיך ניט געקענט באַשליסן אַ וואַרף צו טאָן אין אַן אָנגריף גרעסערע קויכעס פון דער 2־טער בריטישער אַרמיי. פאַלעז איז געווען דער לעצטער טויער פון נאָרמאַנדיע צו דער טיפעניש פון פראַנקרייך. אָפּטיילונגען פון אַ פּאָר ס.־ס.־דיוויזיעס, אונטער דער אָנפי־רונג פון זעפּ דיטריך, האָבן געהיט דעם טויער ביז די רעשטלעך פון די דייטשישע אָפּטיילונגען פלעגן באַווייזן אַוועקצוקריכן פון צענטראַל־נאָר־מאַנדיע אױף מיזרעך.

אין דער זעלבער צייט האָט פּאַטאָן, — איבערלאָזנדיק קליינע באַ־שיצונגען אַרום די יאַם־פּעסטונגען פון ברעטאַן, ווו עס זיינען געזעסן דעם סוינעס גאַרניזאָנען, — אַ קער געטאָן זיין אַרמיי אױף מיזרעך. זיינע טאַנק־קאָלאָנעס האָבן זיך אַ ריר־געטאָן אױף פּאַריז. אין אַ פּאָר טעג

אַרום זיינען זיי שוין געווען אויפֿן העלפֿט וועג צו דער פֿראַנצויזישער הויפּטשטאָט. אָבער, נאָכן פֿאַרנעמען אַלאַנסאָן, האָבן די טאַנקען פֿון דריטער אַרמיי געמאַכט אָן אָפּנויג אַף צאָפֿן, אַף אַרזשאַנטאַן, און זי פֿאַרנומען קימאַט אָן אַ קאַמף און אַזוי אַרום זיך געפֿונען אין רוקן פֿון דער זעלביקער דייטשישער גרופּירונג, וועלכע האָט נאָך אַלץ גערעכנט אָפּצושניידן די דריטע אַרמיי אין ברעטאַן פֿון דער ערשטער אַרמיי אין נאָרמאַנדיע. די אַמעריקאַנער טאַנקען־קאָלאָנעס, וועלכע האָבן אין זייער באַשטאַנד אויך געהאַט אַ פֿראַנצויזישע דיוויזיע, האָבן זיך אָנגעצילט פֿון דאָרעם אַף פֿאַלעז, וועלכע ס'האָבן אַזוי אַקשאָנעסדיק אָבער אָן דערפֿאָלג געוואָלט פֿאַרכאַפּן די קאַנאַדער פֿון צאָפֿן. ס'האָט געשיינט אַז דער גורל פֿון אָט דער שטאָט, און מיט איר צוזאַמען אויך דער גורל פֿון דער גאַנצער דייטשישער אַרמיי אין נאָרמאַנדיע, וועלכע האָט זיך דאָן קאָנצענטרירט אין מיירעוו־זייט פֿון פֿאַלעז, איז שוין אַ געבאַסמעטער. אין רינג פֿון די אַליאירטע זיינען אַריינגעפֿאַלן טיילן פֿון 9 אינפֿאַנטעריע־דיוויזיעס, פֿינף ס.־ס. און פֿיר טאַנקען־דיוויזיעס.

נאָר די אַמעריקאַנער זיינען אָפּגעשטעלט געוואָרן פֿאַר פֿאַלעז... דורך אַ באַפֿעל פֿון מאָנטגאָמערין. דער קאָמענדאַנט פֿון דער 21־סטער גרופּירונג האָט איינגעשטעלט אָן „אינטערנאַציאָנאַלע ליניע", ווי מען האָט עס דאָן אָנגערופֿן, וועלכע די אַמעריקאַנער האָבן ניט געטאָרט אַריבערטרעטן. צווישן די אַמעריקאַנער און ענגלישן מיליטער איז געשאַפֿן געוואָרן אַ קאָרידאָר. די דייטשן האָבן אים אויסגענוצט און אַף שנעל אָנגעהויבן אַרויסציען פֿון דעם „פֿאַלעזער זאַק" זייערע אָפּטיילונגען און זיי אָפּציען אַף מיזרעך, צו דעם טייך סענאַ. די אַליאירטע האָבן דאָן אָנגעפֿאַנגען אַ פֿאַראַלעלע פֿאַרפֿאָלגונג פֿון די אַוועקגייענדיקע דייטשן, נאָר דאָס האָט שוין ניט געקענט ברענגען קיין עפֿעקטיווע רעזולטאַטן. די שלאַכטן פֿאַר נאָרמאַנדיע האָבן זיך געענדיקט אָן דער צעשמעטערונג פֿון דער דייטשער אַרמיי. די דייטשישע הויפּט־קאָמאַנדע האָט אַוועקגעפֿירט אַף מיזרעך די מער קאַמפּס־פֿעיקע אָפּטיילונגען, דעקנדיק זייער אָפּטרעטן מיט צווייטראַנגיקן מיליטער.

ס'איז אינטערעסאַנט צו דערמאָנען אַ פֿאַקט אין שייַכעס מיט דעם. פֿון דעם אָנהויב אָן פֿון די שלאַכטן אויפֿן אייראָפּעישן קאָנטינענט האָט אויפֿן לינקן פֿליגל פֿון די אַליאירטע זיך געפֿונען און געשטעלט אַ ווידערשטאַנד די דיוויזיע „גערינג". ניט איין מאָל איז זי געוואָרן צעשמעטערט און פֿאַרניכטעט, נאָר שטענדיק פֿלעגט זי נאָכאַמאָל פּונקט ווי אַ לעגענדאַרע הידרע, אויסוואַקסן קעגניבער דעם לינקן פֿליגל. די רעטעניש האָט זיך אַרויסגעוויזן פֿאַר זייער פּאָשעט. אָפּטרעטנדיק אַף מיזרעך פֿלעגט די דיוויזיע קאָמפּלעטירט ווערן מיטן אינפֿאַנטעריע־פּערסאָנאַל פֿון די דייטשישע לופֿט־קויכעס: די אַעראָדראָם־וועכטער, בענזין־צושטעלער, אַרבעטער, קוכערס און קאַנצעלאַריע־שרייבער. דאָס אַנדערע מיליטער וועלכעס פֿלעגט

דעקן דעם ריקצוג, איז אויך ווערבירט געוואָרן אַפֿן זעלבן אופֿן. די אָנ־פֿירערשאַפֿט פֿלעגט מאַקריוו זיין מיט אַט די אומנוצלעכע צו אַקטיוועך מיליטער־דינסט מענטשן, קעדיי צו פֿאַרשפּאָרן אירע קאַמפּס־פֿעיקע דיוויזיעס פֿאַרלוסטן, אומפֿאַרמיידלעכע באַם אָפּטרעטן.

.5

דער וועג פֿון קאָן ביז פֿאַלעז אַף וועלכן מיר זיינען געפֿאָרן, פּרווונ־דיק דעריאָגן די אוואַנגאַרדן וואָס האָבן פֿאַרפֿאָלגט די דייטשן, האָט גע־טראָגן אַף זיך סימאָנים פֿון פֿאַרביטערטע קאַמפֿן. דערפֿלעך און קליינע שטעטלעך זיינען פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין שטויב און מיסט, די בריקן איבער די שמאָלע שלענגיקע טייכלעך זיינען געווען ניט מער ווי בערג שפּענער. די באַם וועג שטייענדיקע וועלדלעך און גערטנער זיינען געווען נאַקעטע און אָפּגעברענטע. פֿון צייט צו צייט פֿלעגט מען אָנטרעפֿן אומ־טערגעשאָסענע ענגלישע און דייטשישע טאַנקען. זייער אָפֿט פֿלעגט מען זען קוואָרים פֿון געפֿאַלענע, אָבער ס'איז אומעגלעך געווען פֿסטצושטעלן ווער עס ליגט דאָרט באַגראָבן: דייטשן אָדער קאַנאַדער. באַם סאַמע אריינפֿאָר אין פֿאַלעז זיינען געלעגן צעוואָרפֿן אונטער אַ מעכטיקן דעמב אַן ערעך אַ צענדליק דייטשן. ס'האָט געמאַכט דעם איינדרוק ווי זיי וואָלטן זיך באַהאַלטן קעדיי אָפּרוען זיך אין שאָטן פֿונעם בוים, אָבער איבערן דעמב איז געהאַנגען אַ נידעריקער פֿאַרוויינטער הימל, אויך די פּענימער פֿון די דייטשן זיינען געווען מאָדנע געל און פֿאַרוואַקסן מיט האָר. דאָס האָבן די קאַנאַדער זיך אָפּגערעכנט מיט ס. ס. לייט, פֿאַרן מערדערלעכן טויט פֿון זייערע אַכצן כאַווײרים

פֿאַלעז איז געווען צעשטערט. דורך אירע פֿינצטערע כורוועס האָבן די סאַפּיאָרן דורכגעלייגט שטעגן, אַף וועלכע עס האָבן זיך נאָך אַלץ געיאָגט טאַנקען אין דער ריכטונג פֿון דער סענאַ, נאָך די שפּורן פֿון דעם סוינע. נאָך די טאַנקען האָבן זיך געררוקט אומענדלעכע אויטאָ־קאָלאָנעס מיט אַמוניציע און פּראָוויאַנט.

די שטאָט אַרזשאַנטאַן איז געווען צעשאָסן פֿון דער לופֿטן און צע־פֿאַלמעסט דורך דער אַרטילעריע. לעבן באַנהויף איז ניט פֿאַרבליבן קיין איינציקע וואַנט. ווי שוואַרצע מאָנסטערס זיינען געשטאַנען אַף די וועגן צעשעדיקטע לאָקאָמאָטיוון. צווישן רואינירטע ווענט זיינען געשטאַנען גערטנער און זייערע שיטערע בלעטער האָבן עפּעס מאָדנע געגלאַנצט נאָך דעם ניט לאַנג געגאַנגענעם רעגן.

מיר זיינען שטיין געבליבן אין אַ קליינעם גרינעם דערפֿל הינטער אַרזשאַנטאַן. אין אַן ענגן צימערל פֿון אַ שענק האָבן מיר באַגעגנט אַ פּאָד־פּאָלקאָווניק פֿון דעם שטאַב פֿון דער 21־טער גרופּע. ער האָט זיך אומגע־

קערט פון דער דריטער אַרמיי און געווען אויפגערעגט ניט אַזוי פיל פון דעם ווײַן (אַ לײדיקע פלאַש איז געשטאַנען פאַר אים אויפן טיש) ווי פון דעם געלונגענעם גאַנג פון דער מילכאָמע אין פראַנקרייך. ער האָט גע־רעדט שנעל מיט אַ קלינגענדיקער שטימע, זייער אָפט געוויצלט זיך און אַליין געלאַכט פון זיינע וויצן, איבעראַשנדיק אונדז מיט זיין אָפּטימיזם.

ווען די קאָרעספּאָנדענטן, דערשיטערט פון דער פּאַנאָראַמע אויפן וועג אין דער לענג פון וועלכן עס איז געווען פאַרניכטעט בוכשטעבלעך אַלץ, האָבן אים דערמאָנט וועגן די כאַרעווע פראַנצויזישע שטעט און דערפער, האָט דער פּאָדפּאָלקאָווניק זיך אָפּגעטרייסלט מיט אַ פּאַרדרוס.

— וואָס ווילט איר? די פראַנצויזן אַליין זאָגן דאָך אַז מען קען ניט מאַכן קיין פיינקוכן אויב מען צעקלאַפּט ניט די אייער.

— יאָ, אָבער קעדיי צו מאַכן אַ פיינקוכן, קוילען מיר דען די הון?

דער פּאָדפּאָלקאָווניק האָט זיך צעלאַכט.

— אויב אַזוי, איז דאָס דעם שאָכנס הון...

דאָ בין איך געווען מיט אַ וועלכע אַנדערהאַלבן וואָכן פריער. אין אַ שכיינעסדיקן גאָרטן, וווּ ס'איז דאַן געשטאַנען דער שטאַב פון דעם 12־טן בריטישן קאָרפּוס, האָב איך אָנגעטראָפן אַ פראַנצויזישן פאַרבינ־דונגס־אָפיציר. מיר האָבן זיך באַקאַנט נאָך אַף דער טראַנספּאָרט־שיף אויפן וועג קיין נאָרמאַנדיע. דער קאַפּיטאַן איז געוואָרן אָפּגעברענט, כאָטש זיינע אויגן זיינען געווען טיף איינגעפאַלן און אונטער זיי בלויע רונדן.

מיר זיינען צוגעקומען ביזן לעצטן פויערישן הויף, וואָס איז געשטאַ־נען באַם וועג. דער קאַפּיטאַן האָט מיר פאַרגעשלאָגן אַרייַנבליקן אַהין. מיר זיינען אַריין אין הויף דורך אַ דעמבענעם טויער מיט אַ מעכטיקן שלאָס. רעכטס איז געשטאַנען אַ מאַסיוו צווייישטאָקיק הויז — קליינע פענצטערלעך און אַ ניט באַזיגבאַרע טיר. דאָס הויז איז געווען פאַרריי־ניקט דורך אַ גראָבער פעסטער שטיינערנער וואַנט מיט נאָך אַזאַ מין מעכטיקער געביידע צוגעבויט צו אַ שפּייכלער, און דער שפּייכלער צוזאַ־מענגעגאָסן מיטן שטאַל. פון שטאַל ביז צום הויז האָט זיך געצויגן נאָך אַ וואַנט מיט אַ טויער.

אין דער מיט אַ פירעקיקער פּלאַץ, און אין צענטער פון פּלאַץ אַ נע־בעכדיקער באַסיין פאַר גענדז און קאַטשקעס. איבערן הויף האָבן אַרומ־שפּאַצירט הינער, אַ געל קעלבל און אַ פּאָר כאַזיירים. די גאַנצע לעבע־דיקע וועלט, איינשליסנדיק אין איר אויך דעם באַלעבאָס מיט זיין מיש־פּאָכע זיינען געווען פעסט פאַרשפּאַרט אין אָט דעם שטיינערנעם קאַסטן.

— איר דאַרפט איצט קלאָר פאַרשטיין — האָט מיר געזאָגט דער קאַפּיטאַן אויפן וועג אין שטאַב אַריין — פאַרוואָס זיינען די פראַנצויזישע פויערים אַזוי פעסט צוגעבונדן צו זייער הויף און זייער מישפּאָכע. דער הויף, פאַרשטייט זיך, איז ניט קיין פעסטונג, כאָטש ער האָט אַמאָל גע־דינט קלוימערשט ווי אַ ציטאַדעל. דער הויף איז זייער וועלטל, אַן אָפּגע־

זונדערטע און, קען זיין, אַ ווילדע. איצט קענט איר זיך פֿאָרשטעלן די טראַגעדיע פון די נאָרמאַנדישע פויערים, באַ וועמען די הויפן זיינען פֿאַרברענט, די בעהיימעס אויסגעהאַרגעט, די גערטנער פֿאַרניכטעט. דאָ זיינען אין אַ פּאָר מינוט פֿאַרניכטעט געוואָרן רייכטימער וועלכע זיינען געשאַפן געוואָרן דורך גאַנצע יאָרהונדערטער. באַ זיי איז ניטאָ קיין שום האָפענונג צוריקצושטעלן דאָס צעשטערטע. די מעלוכע וועט ניט אימשטאַנד זיין זיך אונטערצונעמען פֿאַרן צוריקאויפבוי פון מיליאָנען הויפן. באַ דער רעגירונג וועט זיין אָן דעם אויך גענוג זאָרגן. פֿאַר די פויערים אַליין זיינען אַזעלכע אויסגאַבן איבער די קויכעס. דאָס איז דאָך שווער אַפילע באַ אייך אין ראַטנפֿאַרבאַנד. באַ אייך, אָבער, באַ אייער רעגירונגסיסטעם, באַ אייער לאָזונג: איינער פֿאַר אַלע, און אַלע פֿאַר איינעם — איז עס דאָך מעגלעך. און דאָ... וועמען גייט אָן, אַ שטייגער, אָט דער הויף? ניט די שכיינים, ניט די מעלוכע וועלן אים צוריק ניט אויפשטעלן אויב אַ פֿאַרפלויגענע באָמבע וועט אין אים טרעפן. עס וועלן מוזן האָרעווען עטלעכע דוירעס קעדיי אומצוקערן דאָס פֿאַרלוירענע אין אָט דער „ביליקער” מילכאָמע.

דעם קאַפּיטאַנס נעוויעס זיינען מעקויעם געוואָרן אַף אַ גאָר אומגלויבלעכן אויפן. אין דריי טעג אַרום איז אַף יענעם הויף אַראָפּגעפאַלן אַן אַליאירטער אַוויאָן אַראָפּגעשאָסן פון אַ דייטשישן זעניט־האַרמאַט. אַלע געביידעס זיינען פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין בערג כורוועס און אונטער זיי איז אומגעקומען דעם פויערס ווייב. ער אַליין צוזאַמען מיט דער עלטערער טאָכטער און צוויי מינדעריעריקע זין האָבן געאַרבעט אין פעלד. אומקערנדיק זיך אַהיים, האָט ער אָפּגעגראָבן די פרוי, שווייגנדיק, אָן אַ טרער זי באַגראָבן אין גאָרטן. ווייטע קרויווים האָבן צו זיך גענומען די קינדער, דער פויער איז געבליבן דאָ. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט אַף די כורוועס, אַרומגעכאַפּט זיין קאָפּ מיטביידע הענט און געזעסן אַזוי אומבאַוועגלעך קוקנדיק אין דער ערד אַריין. ווען שכיינים פלעגן זיך צו אים ווענדן, האָט ער געברומט נאָר איין וואָרט:

דער סאָף, דער סאָף, דער סאָף...

# אַפן שוועל פון דער פערטער רעפובליק

.1

וואָס ווייטער עס זיינען אַריינגעדרונגען אין דער טיפעניש פון פראַנקרייך די קלינעס פון דער אַליאירטער אַרמיי, אַלץ בוילעטער האָט זיך אַנטפלעקט פאַר אונדז דער פילפאַכיקער רייץ פון דעם לאַנד. די לאָקנדיקע פילפאַרביקייט פון זיינע שטעט, מוטיקייט און לעבנסלוסט פון פאָלק. מיט אַ סטאָישער אַנטשלאָסנקייט האָבן די פראַנצויזן אָנגענומען אַלע צאָרעס און אומגליקן פון אַ מילכאָמע, וועלכע האָט פאַר די לעצטע דרייסיק יאָר, דריי מאָל פאַרפלייצט זייער ערד, געמאַכט אַש פון זייערע שטעט, צעטראָטן די פעלדער, פאַרניכטעט די גערטנער, צעפיצלט די וועגן. שווער צו געפינען אין גאַנץ מײַרעוו אייראָפע עפעס טרויעריקער ווי קאַמברע, אַמיען, וויטרי, לאַאָן און נאָך אַנדערע פראַנצויזישע שטעט. ווען די אַליאירטע זיינען, לעסאָף, געקומען אין פראַנקרייך, האָבן שוין אירע פאַטריאָטן געהאַט מעכטיקע אינערלעכע ווידערשטאַנד־קוויכעס, וועלכע האָבן פאַרמאָגט פאַרטיזאַנען אָפטיילונגען, אויסגעשמידטע אין קאַמף אַף לעבן און טויט מיט די אָקופאַנטן. און דאָס גאַנצע פראַנצויזישע פאָלק, וועלכעס האָט אויסגעשעפט דעם פולן בעכער פון ביטערע ליידן און דערנידעריקונג, אַלס סאַכאַקל פון פאַראַט פון דער „מינכענער קליקע”, איז געוועזן איבערפולט מיט אַן איינגעשפאַרטן גייסט פון ווידערשטאַנד און אַנטשלאָסנקייט צו קעמפן ביזן סאָף פאַר זיין פרייהייט.

מיר איז אויסגעקומען זיך באַקענען מיט דעם פאָלק, וואָס האָט געגאַרט צו קעמפן פאַר זיין פרייהייט — אין קאַן.

צום ענגלישן אָפיציר, דעם קאָמענדאַנט פון צאָפן־טייל שטאָט איז געקומען אַ הויכע דאַרע גרויע פרוי, באַגלייט פון אַ יונגער, עלעגאַנטער און זייער בונט־אָנגעטוענער מיידל. זיי האָבן קאָנקרעט דעם קאָמענדאַנט געשטעלט די פראַגע: איז דאָס עמעס, אַז די קאָמאַנדע פון די אַליאירטע האַלט זיך אָפ פון באַשיסן דעם דאָרעם־טייל שטאָט, ווּ עס געפינען זיך די דייטשן, נאָר דערפאַר ווייל זיי האָבן מוירע צו ברענגען שאָדן דער פרידלעכער באַפעלקערונג? אין נאָמען פון די איינוואוינער פון יענער טייל שטאָט און פריער פון אַלעמען אין נאָמען פון די פרויען האָבן די

דעלעגאַטקעס געפּאָדערט באַמבאַרדירן די דייטשן. זיי האָבן ניט געוואָלט וואוינען אין איינגעאָרדנטע הייזער אונטער איין דאַך מיטן סוינע. זיי ווילן בעסער וואוינען אין כורועס, אָבער פריי. דאָס איז געווען אַ העל־דישקייט, וואָס האָט דערמאָנט די פּאַריזער קאָמונאַרן.

מיט עטלעכע טעג פריער האָב איך געזען די איינוואוינער פון קאַן ווען זיי האָבן געפייערט דאָס באַפרייען פון דער שטאָט. זיי האָבן זיך פאַרזאַמלט אַף אַן ענגן פּלאַץ קעגן קלויסטער, וווּ עס זיינען געווען אויס־באַהאַלטן דריי טויזנט פרויען און קינדער. אין צענטער פון פּלאַץ אַרום דעם מאַסטבוים האָבן זיך אויסגעשטעלט אין אַ קאַרע אַ האַלבע אָפּטיי־לונג פראַנצויזישע פּאַרטיזאַנער, וועלכע האָבן זיך אַריינגעריסן פון דאָ־רעם, אַ האַלבע אָפּטיילונג קאַנאַדער, וועלכע האָבן דורכגעלייגט אַ וועג פון מײַרעוו און אַ האַלבע אָפּטיילונג ענגלענדער, געקומענע פון צאָפן. דער קאָמענדאַנט פון די פּאַרטיזאַנער, קאַפּיטאַן זשול האָט אָפּגעגעבן די קאָמאַנדע „אכטונג". די אָפּטיילונג האָבן אויפגעהויבן זייערע ביקסן און אויסציענדיק זיי פאַר זיך ווי ליכט, געבליבן שטיין אומבאַוועגלעך. אָפּי־צירן פון דער אַליאירטער אַרמיי האָבן צוגעלייגט זייערע רעכטע הענט צום דאַשעק. אַ גרויסער דריי־פאַרביקער לייוונט מיט לאָטרינגער קרייץ אין דער מיט האָט אָנגעהויבן לאַנגזאַם אַרויפציען זיך. דער ווינט, פּונקט ווי ער וואָלט שוין פון לאַנג אָן געוואַרט אַף דער רעגע האָט אַ ריס גע־טאָן דעם לייוונט, אים צעשפּרייט און אָנגעהויבן מיט אים הילכיק און לייכט צו שנעלן. זשיל האָט אָנגעהויבן זינגען די „מאַרסעליעזע", דער האַמוין האָט גלייך אונטערגעכאַפּט. אין געזאַנג האָט זיך אַריינגעפלאָכטן דאָס וואָיען און קנאַקן פון מינעס, אַ טרוקענער רויש פון האַרמאַט־באָמ־בעס און אַ לאַנגער טרעשטשען פון קוילנוואַרפערס. אַ קאַלטער ווינט האָט געטראָגן איבער די קעפּ פון די זינגער דעם רויך פון די סרייפעס, וואָס האָבן זיך נאָרוואָס אָנגעהויבן. דורך די פייכטע וואָלקנס האָט זיך דורכ־געטראָגן אַ טוץ דייטשישע אַוויאָנען. די זינגענדיקע האָבן בלויז אַף איין רעגע זיך אַ לאָז געטאָן אַף צוריק, פּונקט ווי זיי וואָלטן געוואָלט זוכן שוץ הינטער די ווענט פון קלויסטער, נאָר אין אַ ווײַלע אַרום זיינען זיי ווידער שוין געווען לעבן די וואָס זיינען פאַרבליבן באַם מאַסטבוים. די אַוויאָנען האָבן זיך ווידער באַוויזן. דאָס מאָל זיינען זיי געפלויגן אונטער די וואָלקנס, דאָס הייסט קימאַט איבער די דעכער. זיי אַנטקעגן האָט זיך געטראָגן אַ בייזער ברומען פון זעניט־האַרמאַטן און אויפגערעגטע גע־שרייען פון די פאַרזאַמלטע אַפן פּלאַץ.

אין דעם ריזיקן קלויסטער, אָנגערופן לעקאָוועד דעם באַערדיקטן דאָרט ווילהעלם דעם דעראָבערער, האָבן זיך געהערט שטימען פון עטלעכע טויזנט מאַן, געקלונגען אַ קינדער געלעכטער, געטראָגן זיך קוילעס. נאָך דער צערעמאָניע פון איבערגעבן די שטאָט דער נייער מאַכט, זיינען מיר אַריין אַהין. פון צייט צו צייט האָט זיך געהערט אין קלויסטער אַ היל־

ביקער אויפרייס פון א נאַנטער מינע אָדער האַרמאַטן־קויל. די דערוואקסענע פלעגן זיך ווייזט אויס אינסטינקטיוו איינבויגן, די קינדער האָבן זיך געפילט ווי קיינמאָל גאַרניט.

פאַרן אַלטאַר, געמאָלן פון אַן אַלטן מייסטער, מיט קאָלירטע גלעזער דורך וועלכע עס האָט געשטראָמט אַ ליכט ענלעך צו בלוט, איז געווען דער קייווער פון ווילהעלם. אַף אַ פּאָשעטער, מאַסיווער שטיינערנער ברעט איז געווען אַן אויפשריפט „הערצאָג פון נאָרמאַנדיע, דער קעניג פון בריטאַניע״.

די איינוואוינער פון קלויסטער, דערווייסנדיק זיך אַז צווישן זיי געפינען זיך אַ פּאָר סאָוועטישע אָפיצירן, האָבן איינגעאָרדנט אַ קליינע דעמאָנסטראַציע אַלס צייכן פון סאָלידאַריטעט מיטן רוסישן פאָלק. די פראַנצויזן האָבן אונדז אַרומגערינגלט אין אַ פעסטן קרייז, געהויבן געביילטע פויסטן און אויסגעשריען: „זאָלן לעבן די רוסן! זאָל לעבן די רויטע אַרמיי!״ לויט אונדזער מיינונג איז פאַר אַזאַ מין דעמאָנסטראַציע ווייניקער פון אַלץ געווען צוגעפּאַסט אַ קלויסטער, אָבער מיר האָבן גאָרניט געקענט מאַכן קעגן דעם.

דורך דעם פעסטן רינג האָט זיך דורכגעשפּאַרט צו אונדז אַ יונגע זייער שיינע און צאַרטע פרוי; איר בלייך פּאָנים האָט געטראָגן אַף זיך סימאָנים פון אַ לאַנגן טאָנעס. אָן זייטיקע רעקאָמענדאַציעס האָט זי זיך פאָרגעשטעלט פאַר אונדז ווי די פרוי או. דע. נאָר געבעטן ניט דערמאָנען איר נאָמען (איר מישפּאָכע איז פאַרבליבן אין פאַריז און זי האָט מוירע געהאַט פאַר רעדיפעס). לויטן אויפטראָג פון נאַציאָנאַלן קאָמיטעט פון ווידערשטאַנד האָט די פרוי אודע געפירט פּראָפּאַגאַנדע־אַרבעט צווישן די דייטשישע זעלנער אין נאָרמאַנדיע און איבערהויפּט צווישן די אויסלענדישע שקלאַפן, באַשעפטיקטע באַ מיליטער אַרבעטן. זי האָט געהאַט עטלעכע געהילפן צווישן סאָוועטישע מענטשן, פאַרשלעפּטע קיין נאָרמאַנדיע דורך די דייטשן. די פרוי אודע האָט פעסטגעשטעלט אַז אַפילע אין געפענגעניש האָבן די רוסן זיך ניט אונטערגעגעבן צו די דייטשן: די קריגס־געפאַנגענע פלעגן אַנטלויפן צו די פראַנצויזישע פּאַרטיזאַנער, פרויען פלעגן סאַבאָטירן די דייטשישע באַפעלן און שעדיקן באַ דער בויאַרבעט. וועגן זיך האָט זי קיין איין וואָרט ניט געזאָגט. אונדזערע אויסלענדישע קאָלעגן, וועלנדיק דערגיין איר פּאַרטיי־אָנגעהעריקייט, האָבן געפרעגט באַ איר, אויב זי איז אַ קאָמוניסטקע. די פרוי אודע האָט קורץ געענטפערט:

— דערווייל בין איך בלויז אַ פראַנצויזן!

דעם זעלבן אויסרוף האָב איך געהערט נאָכאַמאָל אַפן סאַמע גרענעץ פון נאָרמאַנדיע אין ברעטאַן מיט זעקס וואָכן שפּעטער. נאָכפאָלגנדיק דעם אַמעריקאַנער טאַנקען־אַוואַנגאַרד האָבן מיר געקרייצט אַ קליין טייכל, וואָס האָט אָפּגעטיילט ברעטאַן פון נאָרמאַנדיע. אין דעם ערשטן דאָרף

האָט אונדז באַגעגנט אַ קליינע גרופּע פראַנצויזישע פּויערים. זיי האָבן זיך באַמיט צו באַגריסן די טאַנקיסטן, נאָך דער אויסזען פון די שנעל־לויפנדיקע טאַנקען מיט פאַרמאַכטע ליוקן האָט זיי ווייניק באַגייסטערט אַף אויסצודריקן זייער פרייד פאַר די באַפרייער. מיר זיינען געווען די ערשטע אַליאירטע פאַר וועמען די ערשטע באַפרייטע ברעטאַנער האָבן געהאַט די מעגלעכקייט אויסצוגיסן זייערע געפילן. אַן אַלטער געמזנער האָט געבראַכט אין אַ קויש אונטער קרויט־קעפּלעך צוויי רויזן, אַ ווייסע און אַ רויטע. ער האָט אַרויסגענומען ביידע בלומען, אַ לענגערע צייט זיי איבערגעקליבן אין די הענט און, צום סאָף, געשאָנקען די רויטע רויז אַ סאָוועטישן פאָדפּאָלקאָווניק און די ווייסע — אַן ענגלישן קאַפּיטאַן.

אַן עלטערע פרוי האָט געבראַכט אַ דריי־קאָליריקע פראַנצויזישע פאָן, וועלכע זי האָט אויסבאַהאַלטן. ווען מען זי געפרעגט ווי האָט זי דאָס געוואַגט אויסצובאַהאַלטן די פאָן, האָט די זקיינע פאַריסן געענטפערט:

— איך בין אַ פראַנצויזין!

יונגע באָכערים האָבן אַרויפגעקלעטערט אַפן פייערלעשער־טורעם, קעדיי אויפצוהענגען די פאָן. זיי האָבן זיך דאָרט לאַנג געפּאָרעט מיטן אַלטן מאַסטבוים. דער האַמוין האָט אָנגעשטרענגט נאָכגעפאָלגט נאָך יע־דע באַוועגונג זייערע. ענדלעך איז די פאָן געבליבן הענגען אין דער אָנגעגליטער אומבאַוועגלעכער לופט, אונטער דער ברענענדיקער זון. די אַלטע פרוי האָט מיט ליבע געקוקט אַף דער פאָן, פּונקט ווי מען קוקט אַף באַליבטע געראָטענע קינדער און אַלץ געשעפּטשעט:

— איך בין אַ פראַנצויזין!

דריי טעג שפּעטער, ריכטנדיק זיך ווידער קיין ברעטאַן, זיינען מיר געבליבן שטעקן באַם אַריינפאָר קיין אָוראַנש. אין שטאָט איז אַריינגע־טראָטן די פראַנצויזישע טאַנקען־דיוויזיע פון דעם גענעראַל לע־קלערק. זי איז דורכגעגאַנגען מיט די אַליאירטע דעם גאַנצן וועג פון צאָפן־אַפריקע ביז ברעטאַן, האַגאַם אַביסל פאַרשפּעטיקט צו די ערשטע שלאַכטן אין נאָרמאַנדיע. די דיוויזיע איז געווען צוזאַמענגעשטעלט פון מענטשן, וועל־כע האָבן אָנגעפאַנגען דעם קאַמף קעגן די דייטשן נאָך איידער די אַלי־אירטע זיינען אָנגעקומען אין צאָפן־אַפריקע. אייניקע פון די סאָלדאַטן און איבערהויפּט אָפיצירן האָבן געקעמפט קעגן די דייטשן מיט געווער אין האַנט נאָך בעשאַס דעם בירגער־קריג אין שפּאַניע. ווען די אַנגלאָ־אַמעריקאַנער אַרמיי איז אַריין אין אַפריקע, איז די דיוויזיע פאַרפולט געוואָרן מיט אַנטשלאָסענע סאָלדאַטן און אָפיצירן פון דער אַפריקאַנער פראַנצויזישער אַרמיי.

צו לעהאַכעס אַלע אָנשטרענגונגען פון לע־קלערק, איז די דיוויזיע גע־ווען אַ „לינקע״. דער באַשטאַנד פון קאָמוניסטן צווישן אירע סאָלדאַטן און אָפיצירן איז געווען זייער אַ גרויסער. פון צייט צו צייט פלעגט לע־קלערק שרייען: „מיינע אייגענע באָלשעוויקעס״. אָבער באַקלאָגן זיך

האָט ער ניט געקענט: זיין דיוויזיע האָט זיך אויסגעצייכנט געשלאָגן.
די באַפעלקערונג פון אווראַנזש פלעגט מיט באַגייסטערונג באַגעגע־נען די קאָמפּאַטריאָטן. מיידלעך פלעגן באַשיטן מיט בלומען זייערע טאַנקען און פּאַנצער־מאַשינען. פרויען פלעגן פאַר די פיס אָראָפּשלעפּן די סאָל־דאַטן וועלכע האָבן געוואַגט אַרויסקריכן פון מאַשין, אַרומנעמען און קושן זיי. די סאָלדאַטן זיינען געווען גערירט ניט ווייניקער פון דער באַפעלקע־רונג. פון שערבורג אָן ביז אווראַנזש האָבן זיי ניט געזען קיין לעבעדיקן פראַנצויז. זיי האָבן דורכמאַרשירט דורך צעשטערטע שטעט און דערפער איבער וועלכע עס האָט זיך געטראָגן אַ שרעקלעכער רייעך פון צעפוילטע מענטשן־קערפּערס; זיי זיינען דורכגעגאַנגען פאַרבייַ ליידיקע פעלדער און טויטע גערטנער; זיי האָבן געזען די אַזוי פרעכטיקע נאָרמאַנדיע, פאַר־וואַנדלט אין אַ וויסטעניש. באַם באַגעגענען זיך מיט די ערשטע לעבעדיקע פראַנצויזן האָבן זיי געלאַכט פאַר פרייד און געוויינט פאַר צאַאַר: די געטרייע זין פון פראַנקרייך האָבן זיך צוריקגעקערט אין זייער פאָטער־לנד, — אַ צעפייניקטע פון מילכאָמע און פון דעם סוינע.
אונדזער מאַשין האָט געפרוווט זיך דורכשטופּן צווישן די טאַנקען און דעם טראָטואַר. די זעלנער, ווייזט אוים באַמערקנדיק אונדזער ענגלי־שע אוניפאָרם, האָבן געפרעגט הויך אויף אַ קאָל:
— ענגלענדער?
— ניין, רוסן.
אַ הויך־וווקסיקער, רויטער קאַפּראַל, איז אַרויפגעשפּרונגען אויפן טו־רעם פון „שערמאַן“ און פאָכנדיק מיט זיינע פויסטן איבערן קאָפּ האָט ער אויסגעשריגן:
— לעבן זאָל רוסלאַנד!
דער גאַנצער אוילעם, אונטערגעהאַלטן פון די סאָלדאַטן, אויפהויבנ־דיק געביילטע פויסטן, האָט אָפּגעענטפערט מיט אַ מעכטיקן און גע־אייניקטן:
— לעבן זאָל די רויטע אַרמיי!
— לעבן, לעבן!
— לעבן זאָל סטאַלין!
— לעבן, לעבן!
אַ פאַרסאַפּעט מיידל איז צוגעלאָפן צו אונדזער אויטאָ־מאַשין מיט אַ בוקעט בלומען, זיך אַ לאָז געטאָן צום טירל, נאָר פּלוצלינג אַ כאַפּ גע־טאָן צוריק דעם בוקעט, אָפּגעקליבן פון אים בלויז די ווילעט רויטע בלומען און שווייגנדיק אונדז זיי פייערלעך איבערגעגעבן.
די באַגעגעניש אין אווראַנזש האָט אונדז גערירט, אָבער ניט פאַר־וווּנדערט.
וועגן דער עמעסער באַציִונג פון דעם פראַנצויזישן פאָלק צום העל־דישן קאַמף פון ראַטנפאַרבאַנד מיט די דייטשישע פאַרכאַפּערס, האָבן

מיר זיך דערוווּסט שוין אויפן צווייטן טאָג נאָך אונדזער קומען אין נאָר־מאַנדיע. אַ פראַנצויזישער פאַרבינדונגס־אָפיציר, שטענדיק אַ פאַרשמייע־טער און צעטראָגענער, וועלכער האָט גערעדט ענגליש מיט אַ שרעקלעכן אַקצענט, האָט אונדז איינגעלאַדן צו באַזוכן מיט אים עפּעס אַ פאַבריקל. ער האָט געוואָלט די לעבעדיקע פראַנצויזן ווייזן לעבעדיקע רוסן. דער אָפיציר איז דאָרט געווען דעם זעלבן אינדערפרי. ווען ער האָט זיך צופע־ליק אַרויסגערעדט אַז אין בייע געפינען זיך צוויי סאָוועטישע מיליטער־לייט, האָבן זיינע צוהערער מיט אַ טיפּיש פראַנצויזישער אויפגעברויזט־קייט אָנגעפאַנגען צו אַפּלאָדירן און שרייען: „זאָל לעבן די רויטע אַרמיי! זאָל לעבן סטאַלין!” מיר האָבן דאַן געמיינט, אַז דער אָפיציר, אויס העפלעכקייט, טרייבט אַביסל איבער. אָבער די ווייטערדיקע טעג האָבן אונדז בוילעט איבערצייגט אַז דאָס אַלץ האָט ניט נאָר געקענט פּאַסירן, נאָר עס איז אַף זיכער אַזוי געווען.

יעדן נייעם טאָג האָבן מיר זיך ווידער און ווידער איבערצייגט, וואָס פאַרא פּאָפּולאַריטעט האָט די רומפולע רויטע אַרמיי, און וואָס פאַר אַן אַנטציקונג עס האָט אַרויסגערופן דאָס העלדישע און זעלבסטאָפּפערנדיקע רוסישע פאָלק צווישן געוויינלעכע פראַנצויזן אַפילו דאָ אין דער ווייַ־טער נאָרמאַנדיע. דאָקטוירים פון אַ שפּיטאָל אין בייע האָבן אין געהיים צוגענומען, אויסבאַהאַלטן און אויסגעהיילט צוויי סאָוועטישע קריגס־גע־פאַנגענע, וועלכע זיינען באַ זייער אַנטלויפן פון לאַגער פאַרוווּנדעט גע־וואָרן דורך דער דייטשישער וואַך. די דאָקטוירים האָט געדראָאַט טליע, אָבער דאָס האָט זיי ניט אָפּגעהאַלטן. פראַנצויזישע באַכערים האָבן פּונקט מיט דער זעלבער אַקשאָנעס אַראָפּגעריסן די אַנטיסאָוועטישע פּלאַקאַטן, וועלכע די דייטשן און זייערע פאַשיסטישע נאָכשלעפּער האָבן אויסגע־קלעפּט. אין שערבורג איז געווען אויפגעקלעפּט אַזאַ פּלאַקאַט אַפן וואַנט פון דעם אַרסענאַל, וווּ עס איז שטענדיק געשטאַנען אַ וואַך. אין איינער אַ שטורמישער נאַכט האָט מען געפונען דעם וואַך־זעלנער אַ דערהאַרגעטן און דעם פּלאַקאַט אַרונטערגעריסן. מען האָט ווידער געשטעלט אַ וואַך באַ דער זעלבער וואַנט, אָבער קיין פּלאַקאַטן האָט מען שוין אַף איר ניט געקלעפּט.

אונדז, די צוויי סאָוועטישע קריגס־קאָרעספּאָנדענטן, צוויי „רוסן פון מאָסקווע” איז אויסגעקומען אָנצונעמען די פאַרשיידנאַרטיקסטע צייכנס פון פראַנצויזישער באַגייסטערונג און דאַנקבאַרקייט צו דער רויטער אַר־מיי. מען פלעגט אונדז איבערגעבן פאַשעטע און האַרציקע בריוועלעך מיט אַ קורצן אַדרעס „פאַר סטאַלינען אין רוסלאַנד”, מען האָט אונדז גע־האַלדזט און געקושט זאָגנדיק דערביי: „דאָס איז פאַר דער רויטער אַרמיי”.

די פראַנצויזישע פּאַטריאָטן, ווי מיר האָבן זיך אין דעם איבערצייגט עטוואָס שפּעטער, האָבן געוווּסט פון דער העלדישקייט און אָפּפער פון

דעם רוסישן פֿאָלק, ניט נאָר פֿון בלויז הערן וועגן דעם. זיי האָבן געזען ווי די דייטשישע דיוויזיעס, וועלכע האָבן פֿריער פֿאַרפּלייצט פֿראַנקרייך, פֿלעגן נעלעם ווערן, אָפּפֿאַרגדיק אַף מיזרעך, פֿון וואַנען זיי זיינען שוין קיינמאָל ניט געקומען צוריק. מיטן דערנענטערן זיך פֿון דעם מעכטיקן שטראָם פֿונעם סאָוועטישן אָנגריף פֿון די ברעגן פֿון דער וואָלגע צום ניעמאַן, ווייסל און בוג, האָבן זיי פֿיזיש געפֿילט, ווי עס ווערט אַלץ מער אָפּגעשוואַכט דער דייטשישער דרוק אַפֿן האַלדז פֿון דעם פֿראַנצויזישן פֿאָלק. יעדער קלאַפּ פֿון דער רויטער אַרמיי איבער די דייטשן, האָט אַריינגעבראַכט מוט און גלויבן אין אַ ניצחון און אין אַ שנעלער באַפֿרייונג. דערפֿאַר איז גאָר קיין וווּנדער ניט, וואָס דאָס האַרץ פֿון דעם פֿראַנצויזישן פֿאָלק האָט געקלאַפּט אין איין ריטם מיטן האַרץ פֿון די רוסישע מענטשן.

.2

דעם 22־טן אויגוסט, צוועלף באַטאָג האָט די פּאַריזער ראַדיאָ דערקלערט, אַז פֿראַנקרייכס הויפּטשטאָט איז באַפֿרייט געוואָרן דורך די קויכעס פֿון אינערלעכן ווידערשטאַנד. אָט די ידיעה איז צו אונדז אָנגעקומען אין אַ שמוציקן האָטעל פֿון אַלאַנסאָן, ווו מיר זיינען געזעסן איבערוואַרטנדיק די רעגנדיקע טעג. דער שטאַב פֿון דער שכיינעסדיקער אַמעריקאַנער דיוויזיע האָט ניט געהאַט קיין מינדסטע אַנונג וועגן דעם, וואָס עס קומט פֿאָר אין פּאַריז. אין שטאַב פֿון דעם 5־טן אַמעריקאַנער קאָרפּוס, וועלכן מיר האָבן אויסגעזוכט אַף מאָרגן אינדערפֿרי אין דער אומגעגנט פֿון מאַנט, האָט מען אויך גאָרניט געוווּסט. דער פּאָלקאָווניק פֿון דער אָפּעראַציע־אָפּטיילונג האָט אונדז גאַנץ העפֿלעך דערקלערט, אַז דער אוואַנגאַרד פֿון דער פֿראַנצויזישער דיוויזיע וועלכע האָט באַקומען אַ באַפֿעל זיך דורכצורייסן צו פּאַריז, צוהילף די אויפֿגעשטאַנענע פּאַריזער, מוז זיך געפֿינען אין ווערסאַיל. נאָר באַשטעטיקן, אויב זיי זיינען שוין דאָרט אָדער ניין, האָט דער פּאָלקאָווניק ניט געקענט. ער האָט ניט געראַטן די קאָרעספּאָנדענטן פּרוּוון זיך דערשלאָגן צו ווערסאַיל, ווייל דער וועג איז נאָך דערווייל געפֿערלעך.

מיר האָבן אָבער דאָך באַשלאָסן פֿאָרן אַהין; יעדער איינער האָט געוואָלט וואָס שנעלער דערוויסן זיך וועגן די איינצלהייטן פֿון דער באַפֿרייונג פֿון פּאַריז. אָבער אונדזער אַנטשלאָסנקייט האָט געדויערט ניט לאַנג. אין אַ כאָרעוועער אומגעגנט פֿון שטעטל פּיליע, עפּעס ערגעץ אַף מײַרעוו פֿון ווערסאַיל איז אונדזער קאָלאָנע (עטלעכע „דזשיפּס" און שטאַב־מאַשינען) געוואָרן אָפּגעשטעלט דורך אַ רוישנדיקן אויטאָמאָביל פֿון אַ מילך־פֿירער. אין דער מאַשין איז געשטאַנען אַ באָכער מיט אַ גרויסער טשופּרינע, וועלכער האָט אָן אויפֿהער אין עקסטאַז געשאָסן ערגעץ ווו אַף צוריק, צום וואַלד אָדער גאָר אין הימל, באַדעקט פֿון נידעריקע

וואָלקנס. עס איז געווען גאַנץ קלאָר, אַז דער באָכער איז פּאַרטיפּט בלויז אין קלאַנג־עפעקטן. נאָר אַלע קאָרעספּאָנדענטן און די אָפיצירן, וואָס האָבן אונדז באַגלייט זיינען געבליבן ווי פּאַרהיפּנאָטיזירט פון אָט דעם ווילדן בילד.

אין אַ געדיכטן ביין־האַשמאָשעס, ווען אַלע זאַכן ווערן צעשוווּמען און אַפילע פאַנטאַסטיש, און דאַקעגן די קלאַנגען ווערן העלער און בוילעטער, זיינען מיר לאַנג געשטאַנען אַפן גאַס פון דעם שטילן שטעטל און זיך באַראַטן וואָס ווייטער צו טאָן, ביז מען האָט ניט באַשלאָסן אָפּצוטרעטן און אַף מאָרגן פרי פּרוּוון זוכן גליק אַף אַ ווייניקער געפערלעכן וועג. אינדערפרי, דורכלויפנדיק הונדערט קילאָמעטער איבער בערגיקע וועגן זיינען מיר אַרויס אַפן שאָסיי־וועג שאַרטר—פּאַריז, זייער שנעל אָנגעקומען אין ראַמבויע און פון דאָרט זיך געלאָזט אין ראַשפּאַר. פון צייט צו צייט פלעגן מיר איבעריאָגן אויטאָ־קאָלאָנעס, דאָס איז געווען די פראַנצויזישע מאָטאָריזירטע אינפאַנטעריע פון דער טאַנקען־דיוויזיע, וועלכע האָט זיך געצויגן נענטער צו פּאַריז. דער טאָג איז געווען אַ העלער, אַנגענעמער. די באַפעלקערונג פון די דערפער און שטעטלעך, אַרויסגעשאָטן אַף די גאַסן, האָט מיט אַ ווילדער באַגייסטערונג באַגריסט די פראַנצויזישע אינפאַנטעריע. יונגען פלעגן וואַרפן זייער אַרבעט און כאַפּנדיק אַ ביקס, אַ רעוואָלווער אָדער פּאָשעט אַ האַק, זיך געלאָזט נאָך די לאַסטמאַשינען מיט די סאָלדאַטן. זיי זיינען גרייט געווען זיך צו וואָרפן אין קאַמף מיט די דייטשן: יעדער אָרט געוועזער האָט געטויגט דערצו. וואָס נענטער צו פּאַריז, אַלץ מער ציווילע מענטשן מערקט מען אַף די וועגן. אַזוי ווי אַ שטראָם, וואָס רייסט זיך אַרויס אַף דער פריי, האָבן זיי זיך גערוקט אין דער ריכטונג פון דער הויפּטשטאָט, ווער אַף פורן, ווער אַף ביציקלעטן און ווער צופוס. די מיליטערישע פּאָליציי, מוירע האָבנדיק פאַר די קריגס־טראַנספּאָרטן, האָט זיי געיאָגט פונעם וועג, אָפּגעשלאָסן די בריקן, פאַרמאַכט די דורכפאָרן. דער האַמוין אָבער האָט זיך אַקשאָנעמדיק גערוקט פאָרויס — באַ די זייטן פון וועג, איבער די פעלדער, איבער דער טווּע. די פראַנצויזן האָבן געפאָכעט מיט זייער געווער, מיט פלעקענער, עפּעס געשריגן, געזונגען, אַרויסגעשריגן באַגריסונגען אַפילע אַפן אַדרעס פון דער זעלבער פּאָליציי, וועלכע האָט זיי ניט דורכגעלאָזט.

נאָך ראַשפּאַר, דאָרט ווּ דער שאָסיי, אַרויפקלעטערנדיק אַף אַ באַרג, הויבט זיך אָן אַראָפּלאָזן צו פּאַריז, האָט זיך דער שטראָם אָפּגעשטעלט. לענגאויס די זייטיקע וועג־גריבער, אונטערן שאָטן פון ביימער, זיינען געשטאַנען טאַנקען און פּאַנצער־טראַנספּאָרטן. דער וועג, וואָס האָט געפירט צום פאָרשטאָט פון פּאַריז, איז באַשאָסן געוואָרן דורך דייטשישע סנייפערס, וועלכע האָבן זיך באַזעצט אין די ראַנד־געביידעס. די אַמעריקאַנער טאַנקען מיט העל־פּורפּורענע לייוונטן אַף זייערע טורעמס האָבן זיך צעשאָטן אין אַ פעכער, אַרומכאַפּנדיק די שטאָט. מיט אַ הילכיקן רויש האָט

זיך איבער זיי געטראָגן אַן אַרטילעריע־קאָרעקטאָר. דורך די בלעטער פֿון די ביימער האָט מען געקענט מערקן פֿונדערווייטנס דעם אייפֿל־טורעם, רעכטס פֿון אים האָט זיך געהויבן צום הימל אַ ריזיקער זייל פֿון שוואַרצן רויך.

אין אַ צוויי שאָ אַרום איז אונדזער אויטאָ־קאָלאָנע אַרויס אָפֿן פּאַריזער הויפּט־שאָסיי. פֿון ביידע זייטן האָבן זיך געצויגן שוין אָפּגעקאָסעטע פֿעלדער, גערטנער, געהיימניספֿול שווייגנדיקע הייזער, צעמאַליעװעטע מיט פֿאַרשיידענע שרייענדיקע רעקלאַמעס. אַלץ אָפֿטער פֿלעגט מען אָנטרעפֿן אַף סימאָנים פֿון אַ ניט לאַנג דורכגעפֿירטער קורצער שלאַכט: שוואַרצע פֿינצטערע לעכער, צעמאָלענער ציגל, גלאָז אָפֿן וועג און געפֿאַלענע טעלעגראַפֿן־סלופֿעס.

באַם סאַמע אַריינפֿאָר אין שטאָט, דאָרט ווו די הייזער ציען זיך אין אַ קאָמפּאַקטער רייע, איז פֿאַרשוווּנדן יעדער סימען פֿון שלאַכט. אין די פֿענצטער, טויערן און אַפֿילע טראָטואַרן האָבן זיך באַוויזן פֿאַרפּוצטע טומלדיקע פּאַריזערנס. זיי האָבן באַגריסנדיק געהויבן זייערע הענט, געטומלט און אַפּלאָדירט. די פּאַריזער זיינען געשטאַנען אין רייען פֿון ביידע זייטן גאַס, וועלכע זיינען קעסיידער געוואָרן אַלץ געדיכטער, דער אוילעם איז אַלץ געוואַקסן ביז סאָף־קאָל־סאָף האָבן אונדזערע מאַשינען, ניט ווילנדיק פֿאַרלאַנגזאַמט זייער גאַנג, זיך געפֿינענדיק אין אַ שמאָלן קאָרידאָר צווישן אַן ענטוזיאַסטישער, ברויזנדער און טומלדיקער מאַסע.

די רוסן זיינען באַגריסט געוואָרן מיט אַ באַזונדערער האַרציקייט. אַן עלטערע פֿרוי האָט מיט שטאָלץ אָנגעוויזן אַף אַ גרויסער סאָוועטישער פֿאָן וואָס איז אַרויסגעהאַנגען פֿון אַ פֿענצטער פֿון דריטן שטאָק: „מיין פֿענצטער". אַגעוו אין דעם אַרבעטער־ראַיאָן פֿון פּאַריז האָבן די רויטע פֿענער אַרויסגעשיינט אַף יעדן שריט און טריט.

מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט אין דאָרעם־מיַרעוודיקן פֿאָרשטאָט פֿון פּאַריז. פֿון די דעכער פֿון פֿילשטאָקיקע הייזער האָט מען נאָך אַלץ אַראָפּגעשאָסן, ווען ניט ווען פֿלעגן פּלאַצן גראַנאַטן און געוואָיעט מינען. די איבערשיסונג פֿלעגט דאָ איינגעשטילט ווערן, ווי דערווייטערט, און דאָ האָט זי זיך ווידער צעפֿלאַקערט ערגעץ ווו גאָר נאָענט.

די טאַנקען פֿון דער פֿראַנצויזישער דיוויזיע האָבן זיך געטוליעט אונטער די פֿרעכטיקע קאַשטאַן־ביימער, זיך אויסבאַהאַלטן אין געסלעך, ניט וואַגנדיק גיין צום צענטער פֿון דער שטאָט, ווו איבער די באַרימטע פּאַריזער בריקן זיינען נאָך אַלץ געגאַנגען דייטשישע אָפּטיילונגען, וועלכע מען האָט אַריבערגעוואָרפֿן אַף צאָפֿן. די „טיגערס" האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין פּאַרק פֿון לוקסענבורגער פּאַלאַץ, פֿאַרשפּאַרנדיק פֿאַר לעקלערקן דעם אַרויסגאַנג צו דער סענאַ. קעדיי צו קאָמפּענסירן פֿאַר אַט דעם דורכפֿאַל, האָבן די טאַנקיסטן געשאָסן פֿון גרויס־קאַליבערדיקע קוילנוואַרפֿערס אין די גזימסן און דעכער פֿון די הייזער פֿון דער „אַוועניו אַריס־

טידעם בריאַן״, דאָרט ווו די דייטשן זיינען פאַרביטן געוואָרן דורך די פאַשיסטישע אָפּטיילונגען פון דאַרנאַן.

אַ נייע אויפגעפלאַקערטע איבערשיסונג האָט אונדז געצוווּנגען זיך אויסבאַהאַלטן אין אַ טויער פון אַ גרויסער געביידע קימאַט באַם סאַמע אָנפאַנג פון בריאַנס גאַס. דאָרטן זיינען מיר אַריינגעפאַלן אין אַ שטור־מישן האַמוין פון שרייענדיקע אויסגעפּוצטע פאַריזערנס. זיי זיינען אַלע בלייך געווען פון לאַנג הונגערן, אָבער זייער געהויבענע פריילעכע שטי־מונג איז געווען ניט אויסצושעפּן. אַן עלטערע פרוי, געקליידט לויט דער מאָדע האָט זיך באַקלאָגט:

— שוין דעם דריטן טאָג ווי עס הערט ניט אויף די שיסעריי. שוין מיט דריי טעג צוריק האָט דאָך די ראַדיאָ דערקלערט, אַז מיר זיינען פריי, און ביז איצט קענען מיר ניט אַרויסשטעקן די נאָז אין גאַס אַריין. וואָס איז דאָס פאַר אַ באַפרייוּנג?

אין אָוונט האָבן מיר זיך צוריקגעקערט אין האָטעל „אָריענטאַל״, ווו מען האָט באַזעצט די קאָרעספּאָנדענטן. אונטער די פענצטער זיינען נאָך אַלץ געלאָפן מיליטערישע מאַשינען, וועלכע מען האָט באַגעגנט מיט אַפּלויזן און אויסגעשרייען. די אַפּלויזן פלעגן מיטאַמאָל איבערגעריסן ווערן דורך אַ לאַנגער קוילנוואַרפער־שיסעריי, אָדער הילכן פון די טאַנק־האַרמאַטן. אין צווישן האָט זיך געהערט אַ הילכיקער פרויען־געלעכטער, אַ גליקלעכער, פריילעכער און אויפברויזנדער.

פאַרנאַכט איז דאָס ווילדעווען פון די קוילנוואַרפערס און ביקסן גע־וואָרן נאָך ווילדער. די שיסעריי האָט געדויערט די גאַנצע נאַכט און אַפילע פאַרשטאַרקט געוואָרן אַפן אַנדערן טאָג. די דייטשן האָבן שוין פאַרלאָזט די שטאָט. אָבער די פינצטערע געסלעך, טויערן און בוידעמס זיינען נאָך אַלץ פול געווען מיט דאַרנאַנס פאַשיסטישע יונגען. זיי האָבן געשאָסן גלאַט אַף טראַף. די פאַרטיזאַנער האָבן זיך געיאָגט נאָך זיי, ביז צו פאַר־טרייבן זיי אין זייערע מויזן־לעכער. די טרעגער פון דער פאַשיסטישער פעסט האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין זייערע נאָרעס, אָפּוואַרטנדיק אַף אַ מער גינסטיקן מאָמענט פון טעראָר און פּראָוואָקאַציע. זיי האָבן גע־רעכנט אַרויסקריכן אַף גאָטס שיין שפּעטער, ווען די לאַגע וועט ווערן, לויט זייער מיינונג, אַ גינסטיקערע פאַר זיי.

.3

אין יענעם טאָג האָט פאַריז געוואַרט אַף דע־גאָלן. הונדערטער טויזנ־טער מענטשן האָבן זיך פאַרזאַמלט אַפן פּלאַץ קעגניבער דער טריומף־אַרקע. צופוסנס פון דער אַרקע זיינען געשטאַנען די אָנפירער פון ווידער־שטאַנד, פאָרשטייער פון דער אַליאירטער אָנפירונג. דע־גאָל, באַגלייט פון אַ גרויסער מיליטער סוויטע איז פאַרבייגעגאַנגען די ערן־וואַך פון

טאַנקען־מיליטער און געדריקט די הענט די אָפיצירן. שפּעטער איז דער גענעראַל אַוועק צו דער טריומף־אַרקע אַרויפלייגן אַ קראַנץ בלומען אויפן קייווער פון אומבאַקאַנטן זעלנער; ער איז פאַרבייגעגאַנגען די אָנפירער פון דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג און קאַלט אַ שאָקל געטאָן צו זיי מיטן קאָפּ. נאָכן אַוועקלייגן דעם קראַנץ איז דע־גאָל צו זיי ניט צוגעגאַנגען, ניט איינגעלאַדן זיי צום גאָטעס־דינסט אין נאָטר־דאַם און אַפילע ניט אַ דריק געטאָן זיי די הענט אויף דער אויפנאַמע וואָס איז דורך אים איינגעאָרדנט געוואָרן יענעם אָוונט אין האָטעל „דע וויל״.

דער גענעראַל האָט גאַנץ באַוווּסטזיניק איגנאָרירט זיי, אָט די „פּאַרשטייער פון פאַריזער האַמוין״, ווי ער האָט זיך אַמאָל אויסגעדריקט.

אויפן נאָטר־דאַמער פּלאַץ, וווּהין עס האָט זיך געלאָזט די פּראָצעסיע, האָבן זיך אויסגעשטעלט לע־קלערקס טאַנקען, פון די באַלקאָנען און פענצטער האָבן טויזנטער פאַריזערנס געליאַרעמט „דע־גאָל, דע־גאָל״. דער גענעראַל איז אַרויפגעגאַנגען אויף די קלויסטער־טרעפּלעך, זיך אומגעקוקט אויפן פּלאַץ, געוואָרפן אַ בליק אויף די דעכער, באַשאָטענע מיט מענטשן און זעלבסצופרידן אַ שמייכל געטאָן. אין קלויסטער האָט אים באַגעגנט דער פאַריזער אַרציבישאָף און אים אַרויפגעפירט אויפן געהויבענעם פּלאַץ באַם אַלטאַר. נידעריקער האָט זיך אויסגעשטעלט זיין מיליטערישע סוויטע. אָננעמענדיק דעם קאָוועד אַלס רעגירונגס־שעף, האָט דע־גאָל דערמיט געוואָלט אונטערשטרייכן, אַז ער בלייבט דאָך אַלץ אַ גענעראַל.

דער גאָטעס־דינסט האָט זיך געצויגן לאַנג און לאַנגווייליק. איך בין אַרויס אויף דער גאַלעריע פון קלויסטער. אַ צוואַנציק טריט פון מיר איז געשטאַנען אַ יונגער יאַט מיט אַן אָרעמבאַנד פון די אינערלעכע פראַנצויזישע ווידערשטאַנד־קויכעס. ער האָט פּלוצלינג אויפגעהויבן זיין אויטאָמאַט־ביקס, אָנגעצילט ערגעץ ווו אין די פענצטער פון דעם גלאָקן־טורעם פון קלויסטער און אַרויסגעלאָזט אַ לאַנגע סעריע קלינגענדיקע שאָסן. זיין כאַווער, פונקט אַזאַ יונגער און נאַרישער, האָט גלייך אַ הייב געטאָן די ביקס — אַ צווייטע סעריע. צו זיי זיינען צוגעשטאַנען נאָך אַנדערע. מען האָט געשאָסן פון דער מיט גאַס, פון די באַלקאָנען, פון די טויערן, פון די דעכער; מען האָט געשאָסן פון אונטן אַרויף, פון אויבן אַראָפּ, מען האָט געשאָסן אין אַלע ריכטונגען. אין דער ווילדער קאַקאָפאָניע זיינען אויך אַריין די גרויס־קאַליבערדיקע קוילנוואַרפערס פון די טאַנקען און פאַנצער־אויטאָמאָבילן. זיי אַלע האָבן באַגאָסן מיט בליי דעם גלאָקן־טורעם פון קלויסטער. אויפן קלויסטער־גאַנעק ווו הונדערטער מענטשן האָבן זיך אויסגעלייגט, צוגעדריקטע צו די טרעפּלעך, האָבן זיך אָנגעהויבן שיטן שטיקלעך פון די אָרנאַמענטן, שטיינער און קאָלירטן גלאָז. סאָניטאַרן האָבן זיך געוואָרפן הין און צוריק איבערן פּלאַץ, צווישן די ליגנדיקע מענטשן און געשלעפּט פאַרוווּנדעטע.

די שיסעריי האָט זיך אַריבערגעטראָגן אויך אין קלויסטער אַריין.

די אויטאָמאַט־שיסערס האָבן געשאָסן אַף דעם לינקן קאָרוס־באַלקאָן. שאַרפֿע קוילן־סעריעס האָבן הילכיק געקלונגען אונטערן קלויסטער־סופיט. אַפֿן רעכטן כאָר־באַלקאָן האָבן זיך פֿאַרזאַמלט צענדליקער פּאַלי־ציאַנטן מיט רעוואָלווערן: זיי האָבן אַלץ געוואָלט אויסקוקן ווער עס באַהאַלט זיך דאָס הינטער די זיילן פּונקט אַקעגניבער זיי, וווּ ס'האָט גע־צילט די שיסעריי פֿון אונטן. אומזיסט. דאָרט איז קיינער ניט געווען. דריי אויטאָמאַטן־שיסערס האָבן געשאָסן אין גזימס אַריין, וואָס איז אי־בערן אַריינגאַנג. ווי נאָר איינער פֿון זיי פֿלעגט אויפֿהערן צו שיסן, פֿלעגט דער צווייטער אָנקוועטשן דאָס צינגל. דעריבער איז די שיסעריי געגאַנ־גען אָן אויפֿהער, זי האָט זיך אויסגעוויזן ווי אַן אומענדלעכע. אַלע אָנ־טיילנעמער אין דער צערעמאָניע, איבערהויפּט די פֿרויען, (אויפֿגעהויבן איבער זייערע קעפּ די לייכטע ווינער בענקלעך, ווי שירעמס), האָבן מיט היסליייווּעס געדאַוונט.

די טפֿילע האָט זיך פֿאַרענדיקט. דע־גאָל, באַגלייט פֿון דעם בישאָף וואָס האָט געשפּאַנט פֿאַר אים און די סוויטע נאָך אים האָט זיך געלאָזן צום אַרויסגאַנג. זיין שפּיציקער קאָפּ, האָט זיך אַרויסגעהויבן איבער דער געדיכטער גרופּע מענטשן. זיין פּאָנים איז געווען טויט־בלאַס, גרויסע טראָפּנס שווייס האָבן געגלאַנצט אַף זיין צעקנייטשטן שטערן, זיינע העַ־לע אויגן האָבן אָן איבערייס געקוקט אַפֿן גזימס פֿון דעם פֿאָדערשטן טו־רעם, וווּהין די אויטאָמאַטן האָבן געשאָסן. פֿרויען, פֿאַלנדיק אַפֿן שמוי־נערנעם פֿאָל, אָדער באַהאַלטנדיק זיך הינטער די ריזיקע זיילן האָבן געשריען: „דע־גאָל!“ אָבער דע־גאָלס פּאָנים איז פֿאַרבליבן אומבאַ־וועגלעך.

באַם אַריינגאַנג האָט גענעראַל לע־קלערק מוירעדיק געשלאָגן אַ זעל־נער, וועלכער האָט געוואָלט מיטן ביקס אין האַנט זיך אַריינרייסן אין קלויסטער אַריין. דער גענעראַל האָט בא אים צוגענומען זיין ביקס און אים געפּאַטשט איבער די באַקן זידלענדיק אים מיט די גראָבסטע אויס־דרוקן. אַ פֿראַנצויזישער קאַפּיטאַן האַלטנדיק זיין האַנט באַם באַגילדעטן דאַשעק האָט געפּרוּווט איינשטילן לע־קלערקן: „מיין גענעראַל, מיין גע־נעראַל“ — האָט ער געריידט נאָכיאָגנדיק דעם צעבושעוועטן גענעראַל, — „באַרואיקט אייך, מיין גענעראַל“. דערזעענדיק דע־גאָלן האָט דער גענע־ראַל זיך אויסגעצויגן ווי אַף אַ באַפֿעל „אַכטונג“, דערנאָך זיך געגעבן אַ שנעלן דריי־אויס און אָנגעהויבן אַראָפּלויפֿן צום פּלאַץ, איבערשפּרינ־גענדיק איבער עטלעכע טרעפּלעך מיטאַמאָל.

אַפֿן פּלאַץ האָבן נאָך אַלץ געבושעוועט די ביקסן און קוילנוואַרפֿער. פּונקט ווי פֿון אַן אינדזל האָט זיך די שיסעריי אַריבערגעפּעקלט פֿון דעם קלויסטער אין שטאָט אַריין. די פֿאַשיסטישע כעוורע־לייט זיינען אַרויס־געקראָכן פֿון זייערע נאָרעס. זיי האָבן אָנגעהויבן צעשיסן די פֿרידלעכע ניט־באַוואָפֿנטע מאַניפֿעסטאַציעס פֿון די פּאַריזער. זייער ערנסטע פֿאַר־

לוסטן האָט געהאַט די אַרבעטער־קאָלאָנע פון ראַיאָן סען־דעני, וועלכע איז באַשאַפן געוואָרן פון דעם פרידנס־פּלאַץ, אין סאַמע צענטער פון פּאַריז. די פּאַשיסטישע באַנדיטן האָבן אויסגענוצט ווי אַן אויסבאַהאַלטונגס־אָרט דעם האָטעל וועלכן ס'האָט פריער פאַרנומען די געשטאַפּאָ. די פּאַריזער מאַכט האָט, פאַרשטייט זיך, ניט געפונען פאַר נויטיק אויסרייניקן דעם האָטעל. פאַר אָט דער לייכטזיניקייט האָבן די סען־דעניער אַרבעטער באַצאָלט מיט עטלעכע הונדערט לעבנס.

ערשט אָוונט־צו האָט זיך אָפּגעשטעלט די שיסעריי. פון צייט צו צייט נאָר האָבן זיך געלאָזט הערן איינצלנע שאָסן, נאָר זיי האָבן שוין ניט געטראָגן קיין „אָרגאַניזירטן כאַראַקטער". די פּאָליציי האָט אויסגעפאָרשט די סיבעס פון אָט יענער שיסעריי אין נאָטר־דאַם. אָבער די רעזולטאַטן זיינען געבליבן געהיים.

דער אָוונט איז געווען אַ פינצטערער און שטיקנדיקער. אָפן בולוואַר האָט געליאַרעמט דער יאָנטעוודיקער אוילעם, ס'האָבן זיך געהערט לידער, געשפּילט מוזיק. דער יאָנטעוו אָבער האָט ניט לאַנג געדויערט. פּונקט האַלב עלף אָוונט זיינען געקומען צופליען די דייטשן, זיי זיינען כוצפּעדיק געפלויגן נידעריק איבער די דעכער און ניט געהיילטערהייט אויסגעקליבן אָביעקטן אַף צו באַשיסן. די היטלעריסטן האָבן, פאַרשטייט זיך, זייער גוט געוווּסט, אַז די שטאָט האָט ניט קיין אַנטי־אַוויאַציע שוץ. זיי האָבן ניט געהאַט פאַר וואָס מוירע צו האָבן. זיי האָבן אַראָפּגעשליידערט עטלעכע צינד־באָמבעס אָפן „האָטעל דע וויל", וווּ עס האָט זיך נאָרוואָס פאַרענדיקט די אויפנאַמע (די באָשן האָבן פאַרשפּעטיקט אומגעפער אַף אַ האַלבער שאָ), די באָמבעס זיינען אַראָפּגעפאַלן אויך לעבן האָטעל סקריב און האָטעל ריטץ אַף וואַנדאָמער פּלאַץ, וווּהין מיר האָבן זיך אַריבערגעצויגן אינדערפרי. מיט אַ פאַרשפּעטיקונג האָבן אָנגעהויבן בילן געציילטע זעניטקעס, וועלכע די אַמעריקאַנער האָבן געבראַכט דעם זעלבן פרימאָרגן אין פּאַריז. די קאָמאַנדעס פון די האַרמאַטן האָט מען געמוזט אַף שנעל אָפּרייסן פון דעם יאָנטעוו. צוזאַמען מיט די האַרמאַטן האָבן אָנגעהויבן צו שיסן קוילנוואַרפערס, אויטאָמאַט־ביקסן און אַפילע רעוואָלווערן. דאָך האָבן אַלץ געהילכט די אויפרייסן פון די צינד־באָמבעס. ס'איז אַנטשטאַנען אַ גרויסע סרייפע. פון דעם באַלקאָן פון מיין צימער אין ריטץ האָב איך דייטלעך געזען די פלאַמען פון אייפעל־טורעם, ער איז געווען געצייכנט ווי מיט שוואַרצן טוש אַף אַ פייערדיקן פאָן, גאָר דערנעבן האָט זיך געהויבן, פון אונטער דעם דאַך פון האָטעל צו די בלוטיק־רויטע וואָלקנס, דער וואַנדאָמער זייל. מען האָט געקענט דייטלעך זען דעם קראַנץ אין נאַפּאָלעאָנס הענט און די קראַטן. אין דעם אָפּגלאַנץ פון דער סרייפע האָט זיין פּאָנים אויסגעזען ווי פון בראָנדז. אַרום איינס אַזייגער באַנאַכט איז ווידער שטיל געוואָרן. די סרייפע אָבער האָט נאָך אַ לאַנגע

צייט באַלויכטן די באַרימטע שטאָט און פון דער הויך פון דעם וואַנדאָ־
מער זייל האָט נאַפּאָלעאָן געקוקט אַף איר מיט אַ בייזן בליק.

.4

אין אַ הייסן, דורכזיכטיקן פרימאָרגן זיינען מיר געפאָרן באַקוקן פּאַ־
ריז. ניט געקוקט אַף דער פרימאָרגן־שאָ, זיינען אַלע גאַסן־קאַפעען, וועל־
כע האָבן פאַרכאַפּט קימאַט אַ העלפט פון טראָטואַר, געווען איבערפולט
מיט מענטשן. זיי האָבן געטרונקען אַלץ, כוץ קאַווע (ס'איז דאָך ערזאַץ,
האָט אונדז מיט פאַרוווּרף געענטפערט דער קעלנער, ווען מיר האָבן פאַר
זיך באַשטעלט צו טאָצן קאַווע). בא קליינע רונדע טישלעך זיינען געזעסן
יונגע לייט מיט ביקסן, רעוואָלווערן און האַנט־גראַנאַטן. מיט בענקענדי־
קע אויגן האָבן זיי געקוקט אַף דער באַוועגונג פון די מענטשן איבער דער
שוין אינגאַנצן פרידלעכער גאַס. פאַרביי זיי האָבן זיך דורכגעגליטשט
הונדערטער וועלאָסיפּעדיסטן, יונגע פאַריזערנס אין קורצע קליידלעך אָדער
גאָר אין הויזן, גלאַנצנדיק מיט זייערע נאַקעטע פיס, זיינען געפאָרן איבער
די שאָטנדיקע גאַסן. זייט עטלעכע יאָר, ווי פאַריז האָט ניט געזען ניט
קיין טאַקסים און ניט קיין אָמניבוסן, דער אונטערגרונט־באַן איז אויך
געווען פאַראַליזירט צוליבן מאַנגל אין עלעקטריציטעט..

אין די אַרבעטער־קוואַרטאַלן האָט מען צענומען די באַריקאַדן. בא
איינער פון זיי, ערגעץ הינטער דעם לאַטיינער קוואַרטאַל, האָט זיך אַרומ־
געפּאָרעט עפּעס אַן איינזאַמער, ברוין־הויטיקער שוין גרויער מאַן. ווען
אונדזער מאַשין האָט זיך אָפּגעשטעלט לעבן זיין באַריקאַדע, האָט ער
אַף אַ געבראָכענעם ענגליש געבעטן אַ סיגאַרעט און שפּעטער אָנגעהויבן
דערציילן וועגן זיך. דאָס איז געווען אַ שפּאַנישער רעפּובליקאַנער. אין
אָט דעם פאַרוואָרפענעם געסל האָט ער געוואוינט צוזאַמען מיט נאָך אַנ־
דערע עמיגראַנטן. געלעבט האָט ער שטיל און רואיק, פאַרגעסנדיק וועגן
אַלע זיינע פּאָליטישע איבערלעבונגען, ער איז שוין געווען אַלט און
קראַנק. אין זיין ענגער הייל אונטער די טרעפּ פלעגן זעלטן צוקומען אַפילע
ווייטע אָפּקלאַנגען פון דער מילכאָמע. דער זאַקן האָט ניט פאַרלאָזט די
גאַס וועלכע האָט אים אויסבאַהאַלטן, ניט וועלנדיק דערמאָנען דער מאַכט
וועגן זיין עקזיסטענץ. מיט די איבעריקע עמיגראַנטן האָט ער ניט געקענט
ריידן: זיינע שכיינים זיינען אָנגעקומען אָדער פון אונגאַרן, אָדער פון
רומעניע.

מיט עטלעכע טעג צוריק האָט ער צופעליק זיך דערוווּסט וועגן דעם
אויפרוף פון דער פראַנצויזישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, צו אַ באַוואָפנטן
קאַמף מיט די דייטשן. ער געדענקט אַפילע ניט גענוי, וואָס אַזוינס עס
איז פאָרגעקומען. געדענקען געדענקט ער נאָר וועגן דער אייצע צו בויען
באַריקאַדן און באַקומען געווער. קיין געווער האָט ער ניט געהאַט, אָבער

ווי אַזוי מען בויט באַריקאַדן האָט ער זייער גוט געוווּסט. האָט ער אָנגעהויבן צו בויען זיין באַריקאַדע מיט דער האָפענונג אַז זי וועט נאָך אים צונוץ קומען. די שכיינים האָבן זיך אָפּגעזאָגט אים צו העלפן. צום סאָף האָט מען אַף דער גאַס אַפילו קיין איין שאָס ניט געגעבן. דעם זאָקנס אַרבעט איז געווען אַן אומזיסטע. די נייע באַהערדן האָבן באַפוילן צו צענעמען די באַריקאַדן, אויך אין דעם האָבן זיך די שכיינים אָפּגעזאָגט אים צו העלפן: אַליין געבויט, צענעם אויך אַליין.

אין סען־דעני, קעגניבער אַ הויז, באַפּוצט פון פאָרנט מיט אַ גרויסן רויטן לייוונט מיט אַן אויפשריפט: „טרעט אַריין אין דער פּאַרטיי פון די צעשאָסענע" — איז געשטאַנען אַ לאַנגע רייע מענטשן. אַף דער טיר איז געווען אַן אויפשריפט, אַז דאָ געפינט זיך דער קרייז־קאָמיטעט פון דער פראַנצויזישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. די ריי איז באַשטאַנען פון מענטשן, וועלכע האָבן געוואָלט אַריינטרעטן אין דער פּאַרטיי. קיין איינע פון די פראַנצויזישע פּאָליטישע פּאַרטייען האָט ניט געהאַט אַזוי פיל פאַרלוסטן אין קאַמף מיט די דייטשן, ווי די קאָמוניסטישע. ניט די קאָמונסטן, נאָר די קאַטאָליקן האָבן זי באַצייכנט מיטן נאָמען „די פּאַרטיי פון די צעשאָסענע". איצט, בלויז אין מעשעך פון עטלעכע טעג זיינען מער ווי פופציק טויזנט מאַן פון די אַרבעטער־באַצירקן פון פּאַריז געוואָרן קאָמוניסטן. מיט אַ צייט שפּעטער, באַ מיין אומקערן זיך קיין פּאַריז פון האָלאַנד, האָב איך אָנגעפרעגט וועגן גאַנג פון דעם וווּקס פון דער פּאַרטיי, האָט מען מיר געענטפערט: „בלויז אין פּאַריז דערנענטערן מיר זיך צו די צוויי הונדערט טויזנט". ברידער זיינען געקומען פאַרטרעטן די צעשאָסענע דורך די דייטשן ברידער, די זין האָבן פאַרטראָטן דעם פּלאַץ פון זייערע פאָטערס, די פאָטערס האָבן געשטרעבט אַריין אין די רייען פון דער פּאַרטיי אַפן פּלאַץ פון זייערע אומגעבראַכטע קינדער. דער וועלט־באַרימטער פּראָפעסאָר פּאָל לאַנזשעווען (געשטאָרבן אין יאָר 1946) איז געקומען צו דער פּאַרטיי מיט אַ באַקאָשע אים אַריינצונעמען אין אירע רייען אַפן פּלאַץ פון זיין איידעם, דערהאַרגעט פון די דייטשן.

אין דעם קרייז־קאָמיטעט האָט מען אונדז באַגעגנט מיט אַן אונטערגעשטראָכענער העפלעכקייט און מיט אַ געוויסער צוריקגעהאַלטנקייט — מען האָט אונדז אָנגענומען פאַר ענגלענדער. די פראַנצויזן האָבן זיך איבערהויפּט באַצויגן מיט אַ געוויסן כשאַד צו די ענגלענדער. זיי האָבן גוט געדענקט די רעדע פון פעלדמאַרשאַל סמעטס אין דעם ענגלישן פּאַרלאַמענט, ווען ער האָט פאָרויסגעזאָגט, אַז עס איז אומפאַרמיידלעך דאָס אונטערוואַרפן פון פראַנקרייך אונטערן בריטישן ווילן. די צוריקגעהאַלטנקייט איז אָבער גלייך פאַרשוווּנדן ווען די פראַנצויזן האָבן זיך דערוווּסט אַז פאַר זיי שטייען רוסן. זיי האָבן זיך געוואָרפן אונדז האַלדזן און קושן: „נו, און ווי איז אין מאָסקווע?" מיר האָבן אָפּגעענטפערט, אַז „מאָסקווע איז נישקאָשע, שטייט אַף אַן אָרט". יענע האָבן געוואָלט וועגן אַלץ און

אַלעם וויסן, — וועגן מאָסקווע, וועגן לאַנד, וועגן אונדזער אַרמיי און אונדזער פאָלק. זיי האָבן געפאָדערט פאַקטן. זיי האָבן ענטוזיאַסטיש פאַרגלייבט זייער אייגענעם קאַמף מיטן קאַמף פון די רוסישע מענטשן. די אונטערערדישע אַרבעט איז געווען זייער אַ שווערע שול פאַר די קאָמוניסטן. ס'האָט געקאָסט פיל קאָרבאָנעס, נאָר זיי זיינען פון דאָרט אַרויס פאַרשטאַרקטע מאָראַליש און פּאָליטיש געוואָרן נאָך מער געאייניקט. איצט האָבן זיי מיט זיכערקייט געקוקט פאָרויס. ס'האָט זיי ניט געאַרט ניט די צווייפלהאַפטע ליבגעזאַנגען פון די ניט זיכערע פריינט, ניט די זילזולים פון די סאָנים און אויך ניט דער אומצוטרוי פון זייערע נעכטיקע מיטקעמפער. יענע זעלבע קאַטאָליקן וועלכע האָבן אַ נאָמען געגעבן דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי „פּאַרטיי פון צעשאָסענע" האָבן געהאַט זייער „רעזערווירטע" מיינונג וועגן קאָמוניסטן אַלס פּאָליטישע און רעגירונגס־טוער. איינער פון די אָנפירער פון דער „רעפּובליקאַנער פאָלקס־באַוועגונג". מיט וועמען איך האָב געהאַט אַ געלעגנהייט אַמאָל צו האָבן אַ לענגערן שמועס, האָט געזאָגט, ניט באַהאַלטנדיק זיין ביטל־באַציונג:

— פאַרשטייט זיך, אַז די קאָמוניסטן זיינען זייער גוטע קעמפער, זיי קענען אַפילו זיין העלדן. אָבער, זייט מיר מוחל, קיין רעגירונגס־פירער וועלן זיי קיינמאָל ניט ווערן. זיי פאַרמאָגן צופיל אומבאַגרינדעטן ראָמאַנטיציזם. ניט נאָר אין זייער אויפירונג, נאָר אַפילו אין זייער פּראָגראַם, אין דער אידעע. די פּאָליטיק פאָדערט פּראַקטישקייט, זיין ביטרע, דורכגעטריבן, דיפּלאָמאַטיש. דאָס אַלץ באַקומט מען נאָר דורך עקספּעריענץ. און ווו האָבן זיי אָט די פּראַקטיק? אָ, ניין, ניין — דאָס זיינען ניט קיין רעגירונגס־טוער.

די קאַטאָליקן זיינען, גאַנץ פאַרשטענדלעך, ניט געווען אָביעקטיוו געשטימט צו די קאָמוניסטן. אַ כוץ אַן אידעישן „ראָמאַנטיציזם", האָבן די קאָמוניסטן פאַרמאָגט גענוג פּראַקטישן פאַרשטאַנד, אַ סייכל פון אונטערערדישע קעמפער און שאַרפזיניקייט פון עכטע פּראַנצויזן. פּונקט מיט צוויי טעג שפּעטער, נאָך מיין שמועס מיטן קאַטאָליק, האָב איך אין דעם זעלבן רעסטאָראַן געגעסן מיטיק מיט אַן אָפיציר פון אייזענהאַוערס שטאַב. נאָך עטלעכע גלעזלעך קאָניאַק האָט דער פּאָלקאָווניק אָף מיר אַ קוק געטאָן מיט האַלב־פאַרמאַכטע אויגן און לאַנגזאַם אַרויסגערעדט:

— איר זענט אַלע זייער ביטרע און שרעקלעכע דיפּלאָמאַטן. איר, ווי אויך אַלע אייערע פריינט אין פּאַריז.

איך האָב געשוויגן, אויסוואַרטנדיק: אַ פּאָלקאָווניק באַ אַ גלעזל וויין איז שטענדיק אַן אויצער פאַר אַ קאָרעספּאָנדענט. געגעבן נאָך אַ שלוק, האָט דער פּאָלקאָווניק מיך אַ רוף געטאָן מיטן פינגער איבערן טיש און אָנגעהויבן צו דערציילן. מיט עטלעכע טעג צוריק האָט גענעראַל אייזענהאַוער אַרויסגערופן צו זיך דעם אָנפירער פון די פּאַרטיזאַנער אַפּטיילונגען פון די געגנטן סען און סאָם, (אַ פּאָלקאָווניק), דעם קאָמוניסט דיומ־

האַ. דריקנדיק דעם פּאַרטיזאַנס האַנט האָט אייזענהאַוער געפרעגט מיט אַ שמייכל: „איז וואָס זשע, הייסט עס, זענט איר אַ קאָמוניסט?" „ניין, גענעראַל, איך בין אַ פּאָלקאָווניק", האָט שנעל געענטפערט דיומראַ געבנ־דיק גלייך צו פאַרשטיין, אַז ער איז געקומען צום הויפּט־שטאָב פון אַליאירטן מיליטער אין מערעוו־אייראָפּע ווי אַ מיליטערמאַן, און ניט ווי אַ פּאָ־ליטיקער.

אייגנטלעך עטוואָס שפּעטער, האָבן שוין אויך די קאַטאָליקן געביטן זייער מיינונג וועגן די פעיקייטן פון קאָמוניסטן צו רעגירונגס־טעטיקייט. דעם זעלבן יאָר, אין האַרבסט, איז מיר אויסגעקומען זיך באַגעגענען אין בריסל מיטן לידער פון דעם בעלגישן קאַטוילישן דעמאָקראַטישן פאַר־באַנד ה' גרעגואַר. ער האָט זיך נאָרוואָס צוריקגעקערט פון פאַריז, ווו ער האָט געפירט אונטערהאַנדלונגען מיט די פראַנצויזישע קאַטאָליקן. פאַרופנ־דיק זיך אַף זיינע פאַריזער פריינט האָט גרעגואַר אַף אַלערליי אויפאַנים געלויבט די פראַנצויזישע קאָמוניסטן פאַר זייער גרויסער כאָכמע אין רע־גירונגס־איניאָנים און פאַר זייער פּראַקטישן סייכל.

— פאַרשטייט זיך, אַז טאָרעז איז אונדזער קעגנער, — האָט מאָרע־שבוירעדיק אונטערגעפירט אַ סאַכאַקל דער בעלגיער. — ער איז אָבער אָן שום סאָפעק אַ היפשער שטאַטסמאַן. מיינע פאַריזער פריינט אָנער־קענען דאָס זייער גערן.

אין דער לעצטער וואָך פון כוידעש אויגוסט פון יאָר 1944 איז אין פאַריז, און עפּשער אַפילע אין גאַנץ פראַנקרייך געווען זייער ווייניק מענטשן וועלכע וואָלטן מיט אַן ערנסט געטראַכט ווידער צוצוטרעטן צו אַן אַקטיווער רעגירונגס־טעטיקייט. די פּאָליטישע פּאַרטייען, באַזונדערע גרופּירונגען און איינצלנע לידערס האָבן נאָר געטאָן איין זאַך: זיך אומ־געקוקט, געציילט די פאַרלוסטן און געזאַמלט קויכעס. פאַרלוסטן האָבן געהאַט ניט נאָר די קאָמוניסטן, פון וועמענס רייען זיינען אַרויסגעריסן געוואָרן טויזנטער אומפאַרגעסלעכע העלדן. די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי האָט אויך פאַרלאָרן איר אָנפירערשאַפט, אָבער ניט צוליב די דייטשישע רעפּרעסיעס, נאָר צוליב דעם גנאָד פון די אָקופּאַנטן. די שפּיצן פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי מיטן הער פּאָל פאָר בעראָש זיינען אונטערגע־קויפט געוואָרן דורך פאַרשיידענע טויוועלעך און איז אַריבער צו די דייטשן, און איז צוזאַמען מיט זיי דעריבער פאַרשוווּנדן פון דער מאַפּע. דער איינציקער לעאָן בלום איז פאַרבליבן אפן פלאַך. די דייטשן האָבן אים געבראַכט קיין פאַריז, באַזעצט אין אַ רייכן פּאַלאַץ און באַזאָרגט מיט גענוג פּאַפּיר. אונטערן שוץ פון די דייטשן און דעריבער פון קיינעם ניט געשטערט האָט בלום אָנגעשריבן אַ ביכל, וועלכער איז באַשטאַנען פון בלויז מוסער פאַר די יונגע סאָציאַליסטן: מיט אַזאַ נוסעך האָבן געשריבן בלויז די עוואַנגעליסטן. און אָט אין דער „עוואַנגעליע" זיינער איז וווּנדערלעך דאָס, וואָס מיט קיין איינציק וואָרט האָט ער ניט געטאַדלט

דעם פּאַשיזם (אָפּילע דאָס וואָרט אַליין קען מען קיין איינציק מאָל ניט אָנטרעפן אין טעקסט פון ביכל), דערפאַר אָבער האָט ער ניט געזשאַלעוועט קיין טינט און סאַם אַף צו באַשמוצן די קאָמוניסטן.

די בורזשואַזע פּאַרטייען, וועלכע האָבן פאַרקויפט און פאַראַטן פראַנקרייך, זיינען נעלעם געוואָרן. פון זיי זיינען בלויז פאַרבליבן אָפּגעזונדערטע גרופּקעס, צעטיילטע און קעגנערישע צווישן זיך. פון די אַנגעזעענע געשטאַלטן פון דער פאַרמילכאָמע־צייט, האָט אַף אַ ווײַלע זיך באַוויזן אַף דעם פּאָליטישן האָריזאָנט עדואַרד העריאָ, אַ געוועזענער לידער פון דער אַמאָל זייער מעכטיקער ראַדיקאַל־סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, וועלכע האָט געגעבן דער געשיכטע אַ „מאַטאָנע״: דאַלאַדיע און באָננע.

אַף דער פּאָליטישער אַרענע האָט פאַרנומען דעם פּלאַץ פון דעם אַמאָליקן רעכטן פליגל די נייע „רעפּובליקאַנישע פאָלקס־באַוועגונג״. געבוירן איז זי געוואָרן אין טיפן אונטערערד, האָט זי פאַרכאַפּט די ברייטע קאַטוילישע מאַסן און זייער שנעל פאַרשפּרייט איר איינפלוס איבערן גאַנצן לאַנד. צוזאַמען מיט די קאָמוניסטן האָט די נייע קאַטוילישע פּאַרטיי, וואָס האָט פאַרמאָגט אַזאַ צעשוווּמענעם נאָמען, געבילדעט דאָס האַרץ פון דער גאַנצער ווידערשטאַנדס־באַוועגונג אין פראַנקרייך. דער דערפאָלג פון די „פאָלקס־רעפּובליקאַנער״ דערקלערט זיך מיט אַ סאַך אָפּטמאָל גאַנץ פּאַראַדאָקסאַלע סיבעס. דאָס קעפּל פון דער „רעפּובליקאַנער פאָלקס־באַוועגונג״ איז אַרויס פון די מאַסאָנען־לאָזשעס, וועלכע זיינען שטענדיק געווען אַ קויעך אין פראַנקרייך און געשפּילט אַן אַנזעעוודיקע פּאָליטישע ראָל אין פראַנקרייכס פּאָליטישן לעבן. די אַלטע פאַרבינדונג פון די מאַסאָנען מיט דער פּאָליציי און אויסשפּיר־אָרגאַניזאַציעס האָט באַפרייט די פאָלקס־רעפּובליקאַנישע לידערס פון אַ סאַך אומאַנגענעמלעכקייטן, ווילעמאָשל — אַנטדעקונגען און אַרעסטן.

דאָך האָט אַ באַדייטנדיקע פּאָליטישע אָרגאַניזאַציע ניט געקענט עקזיסטירן אָן אַ פעסטער פינאַנץ־באַזע. איר צו הילף איז דאַן געקומען... „קאָמיטע דע פאָרזש״, דאָס איז געווען דער אַלמעכטיקער קאָנצערן פון די גרעסטע אינדוסטריאַלן, וועלכער האָט מיטגעאַרבעט מיט די דייטשן אי פאַר דער מילכאָמע אי בעיִס דער מילכאָמע, ווי אויך אין מעשעך פון דער אָקופּאַציע פון פראַנקרייך. דעם עמעס זאָגנדיק האָבן די דייטשן אַביסל אַ קוועטש געטאָן דעם „קאָמיטע דע פאָרזש״ און אַפילע צוגענומען בא אים דעם קאָנטראָל איבער דעם כעמישן טרוסט, פאַרכאַפּנדיק 51 פּראָצענט פון די אַקציעס. זיי האָבן אָבער זייער גרויסמוטיק זיך געטיילט מיט זייערע פראַנצויזישע שוטפים ניט נאָר מיטן רעווער, נאָר אויך מיט רוי־שטאָף און מיט... פראַנצויזישער אַרבעטס־קראַפט. די פראַנצויזישע אינדוסטריאַלן פלעגן באַקומען פון די דייטשן אויך פיל אַנדערע לעקעכלעך, און דעריבער פון זייער זייט האָבן זיי דערלויבט די „באָשן״ אַלץ טיפער און טיפער אַרייַנדרינגען אין דער פראַנצויזישער עקאָנאָמיע.

אויסנוצנדיק די מאַסאַנען־לאָזשן האָט דער „קאָמיטע דע פֿאָרזש" פֿאַרקניפּט אַ קאָנטאַקט מיט דער קאַטוילישער ווידערשטאַנד־באַוועגונג. דאָס איז ניט געווען שווער, ווייל דער פֿאָרזיצער פֿון דעם נאַציאָנאַלן קאַטוילישן קאָמיטעט, זשאָרזש בידאָ, פּראָפֿעסאָר פֿון געשיכטע און רעדאַקטאָר פֿון אַ קאַטוילישער צייטשריפֿט איז אין דער זעלבער צייט געווען איינער פֿון די אַמאָליקע לידערס פֿון די מאַסאָנען. דער „קאָמיטע דע פֿאָרזש" האָט פֿאָרגעשלאָגן דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג אַ פֿינאַנציעלע שטיצע און דער פֿאָרשלאַג פֿון די אינדוסטריאַלן איז גלייך אָנגענומען געוואָרן. דאָס איז פֿאָרגעקומען אין מאָנאַט פֿעברואַר פֿון יאָר 1943, ד. ה. גלייך נאָך דער דייטשישער מפּלה בײַ סטאַלינגראַד. אַן אָפּנהאַרציקער פֿאָרשטייער פֿון „קאָמיטע דע פֿאָרזש" האָט זיך ציניש מודה געווען אַז סטאַלינגראַד האָט געמאַכט אַש און פֿאָרעך פֿון אַלע האָפֿענונגען פֿון די פֿראַנצויזישע אינדוסטריאַלן אויף דעם ניצחון פֿון די דייטשן. זיי האָבן אָנגעהויבן זוכן אַן אַנדער „פֿערד" אויף וועלכן צו שטעלן.

מיר איז אויסגעקומען צו פֿירן געשפּרעכן מיט צענדליקער מענטשן פֿון די פֿאַרשיידנסטע פּאַרטייען און פּאָליטישע אָנגעהעריקייטן. די קריגס־קאָרעספּאָנדענטן האָבן דאַן פֿאַרנומען אין פּאַריז גאָר אַן אויסערגעוויינלעכע פּאָזיציע. אַזוי ווי עס האָבן ניט עקזיסטירט קיין אָפֿיציעלע דיפּלאָמאַטישע פֿאָרשטייער, זיינען זיי געווען די איינציקע אינפֿאָרמאַציע־קוואַלן וועגן דעם אַלעם וואָס עס קומט פֿאָר אין דער פֿראַנצויזישער הויפּטשטאָט, וועלכע נייע פּאַרטייען אַנטשטייען, וועלכע נייע געשטאַלטן שווימען אַרויס אויף דער פּאָליטישער אַרענע. די קאַנדידאַטן אויף אָנצופֿירן מיטן מעלוכע־לעבן אין באַפֿרייטן פֿראַנקרייך האָבן אָנגעהויבן באַווייזן פֿאַר די קאָרעספּאָנדענטן זייער פּאָליטישע סכוירע און דערביי ניט געזשאַלעוועט קיין שוואַרצע פֿאַרב און אָפּטמאָל אַפֿילו סמאָלע, ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן זייערע קעגנער. אין די אָוונטן ווען איך פֿלעג פֿאַרשרייבן מיינע געשפּרעכן און איינדרוקן, און באַמיענדיק זיך דערגיין אַ טאָלק אין דער פֿאַרפּלאָנטערטער אינערלעכער פּאָליטישער לאַגע פֿון פֿראַנקרייך, פֿלעג איך שטענדיק מאַכן „אויסבעסערונגען פֿאַר דער אָפּאָזיציע", ד. ה. פֿאַר די אָפּנויגן פֿון דעם עמעס, אַרויסגעבראַכטע פֿון מויל פֿון מיינע אינפֿאָרמאַטאָרס.

אין יענע טעג איז דער פֿאַרפּלאָנטערטסטער פּאַראַדאָקס פֿון דער פֿראַנצויזישער פּאָליטיק געווען דע־גאָל אַליין. אָט דעם רעאַקציאָנערן פּאָליטיקער, וועלכער איז געווען ענג פֿאַרבונדן מיטן סאַמע רעכטסטן אָפּפֿאַל פֿון דער פֿראַנצויזישער פּאָליטיק, ד. ה. מיט די קאַגוליאַרן, האָט מען „געמאַכט" פֿאַרן פֿירער פֿון דער ניי־געבוירענער פֿראַנצויזישער דעמאָקראַטיע. ניט איין מאָל פֿלעג איך דערמאָנען די ווערטער פֿון דעם מאַיאָר פֿון שטאַב פֿון דעם 30־טן בריטישן קאָרפּוס ה' בראַון, וואָס זיינען

אַרויסגעזאָגט געוואָרן נאָכדעם ווי דע־גאָל האָט באַזוכט נאָרמאַנדיע: „מען מאַכט אים גרויס, לעהיפּעך צו זיינע פעיִקייטן". עס איז געווען קאָמיש און גלייכצייטיק פּיינלעך צו זען אין דער שפּיץ פון דעם אַזוי לינק־געוואָרענעם לאַנד, אַט דעם האָפּענונגלאָז־רעכט געוואָרענעם פאַר די לעצטע יאָרן קאַריעריסט, וועלכער האָט געכאַלעמט וועגן דער גרויסקייט פון ביידע נאַפּאָלעאָנען. איינער פון די קליגסטע פראַנצויזישע זשורנאַליסטן האָט מיר איינמאָל געזאָגט: „עס וועט זיין אַ נעס, אויב דע־גאָל וועט זיך איינהאַלטן אַנדערהאַלבן, אָדער צוויי יאָר". ער האָט ניט געקענט זיך איינהאַלטן אַפילע אַנדערהאַלבן יאָר.

איך גלויב, אַז אַ סאַך קאָמפּליצירטער און אינטערעסאַנטער איז געווען די געשטאַלט פון זשאָרזש בידאָ, וועלכער איז געווען גלייכצייטיק דער וואָרטזאָגער פון די לינקע פאַרטייען און דער פאַרטרויאונגס־מאַן פון די רעאַקציאָנערע אינדוסטריאַלן. אַפּילע אַרויסקריכנדיק פון אונטערערד האָט בידאָ ניט געוואָלט זיך אָפּזאָגן פון דער באַליבטער מאַסאָנישער געהיימניספולקייט. ער איז אַרויסגעקראָכן אַף גאָטס שיין זייער ניט גערן, אויסגעמיטן די עפנטלעכקייט; ער פלעגט זיך באַמיען אַזוי אויסדריקן, אַז יעדער איינער זאָל קענען פאַרשטיין זיינע ווערטער ווי יענעם געפעלט. די רעכטע פלעגן אויסגעפינען אין בידאָס דערקלערונגען אַ צוזאָג אַף אַ פעסטער אָרדענונג, די לינקע ווידער — רעפאָרמען. אין איינעם פון די מעשונעדיקע טעג זיינען מיר אַריין אין רעדאַקציע פון „הומאַניטע". זי האָט פאַרנומען די וואוינונג פון קאָנפיסקירטן לאָקאַל פון דער רעאַקציאָנערער צייטונג „פּטי פאַריזיען". אין קאַבינעט פון שעף־רעדאַקטאָר האָט אונדז אויפגענומען מאַרסעל קאַשען. גאָר אינגיכן האָט זיך פאַרזאַמלט אַ גרופּע פון אָנגעזעענע קאָמוניסטישע טוערס און טוערס פון דער קאָמוניסטישער פּרעסע: דער הויפּט־רעדאַקטאָר פון „הומאַניטע", קאָניאָ, דער זעלבער, וועלכער האָט באַוויזן זיך איינאָרדענען אונטערן סאַמע נאָז פון די דייטשן און פירן זיין פּאַטריאָטישע טעטיקייט, דער רעדאַקטאָר פאַר אויסערלעכע איניאָנים מאַניאַן, און ראַלאָן אַ געוועזענער מולער, וועלכער איז שפּעטער געוואָרן איינער פון די בעסטע זשורנאַליסטן און דעפּוטאַט פון פאַריז. קאָניאָ האָט אונדז פאָרגעלייגט אַראָפּגיין אונטן אין דעם „רויטן ווינקל". דאָרט האָבן מיר געפונען אַ טיש באַדעקט מיט צייטונגס־פּאַפּיר און אָנגעשטעלט מיט פלעשער שאַמפּאַניער. קאַשען האָט פאָרגעשלאָגן דעם ערשטן טאָסט פאַר דער רויטער אַרמיי, פאַר איר אָנפירער סטאַלין און פאַרן העלדישן רוסישן פאָלק. מיר האָבן געענטפערט מיט אַ טאָסט פאַרן רומפולן פאַריז, פאַר די קאָמוניסטן וועלכע האָבן ניט דערלאָזט די דייטשישע אַגענטן און רעאַקציאָנערן פאַרפלעקן דעם רום פון דער גרויסער שטאָט מיט אַ געמיינער מיטאַרבעט מיט די דייטשן און האָבן אויפגעהויבן פאַריז אַף באַריקאַדן.

מיט אַ טרויערישקייט פון אַן אכצן־יעריקן באָכער האָט קאַשען אָנ־

געהויבן צו מאלן די נאנטע צוקונפט פון דער באפרייטער פראנקרייך. דער אלטער קריגערישער זשורנאליסט האט מיט א באזונדערער באגייסטערונג גערעדט וועגן זיין „באלעבאטישקייט", וועגן דער פארשפרייטונג פון „הומאניטע", וועמענס טיראזש איז דריי־פיר־פאכיק איבערגעשטיגן יעדע אנדערע פראנצויזישע צייטונג, וועגן דער יוגנט אין דער רעדאקציע, וועלכע איז אדורך די שווערע שול פון אונטערערדישן קאמף.

מען האט אונדז איינגעלאדן נאכאמאל באזוכן די רעדאקציע און זיך דורכשמועסן מיט אט דער יוגנט. מיר האבן געענטפערט, אז ווער ווייסט אויב מיר וועלן אויסנוצן די איינלאדונג: מען מוז פארן אפן פראנט. זיי האבן ניט געגלויבט, נאר ס'איז געווען אן עמעס. די קאמאנדע פון די עקספעדיציאנערע קויכעס האט געפאדערט מען זאל צושטעלן די קריגסקארעספאנדענטן אפן פראנט, ווייל איניקע פון זיי האבן זיך אריינגעלאזן אין שיקרעס און אנדערע אין פאליטיק. דאס ערשטע איז געווען שעדלעך פארן געזונט פון די קארעספאנדענטן, און דאס צווייטע — פאר די פאליטישע פלענער פון דער אליאירטער אנפירערשאפט, וועלכע האט שוין צו אפן אריינגעמישט זיך אין די אינערלעכע איניאנים פון באפרייטן לאנד.

די פאליטישע אייצעגעבערס פון גענעראל אייזענהאוער — דער אמעריקאנער קאטאליק ראבערט מערפי און דער ענגלישער קאטאליק דאף קופער, וועלכע האבן געגעבן א ריכטונג פאר די אנגלא־אמעריקאנער פארבינדעטע אין אייראפע, האבן געשטיצט און געמוטיקט די רעאקציאנערע ריכטונג פון דע־גאל. און די ריכטונג איז באשטאנען אין דעם, אז מען זאל פראנקרייך אויסדרייען אף רעכטס, פארוקן אין הינטערגרונט, אפשוואכן און לעסאף איינגאנצן אפרוימען פון דער פאליטישער ארענע אלע דעמאקראטישע ארגאניזאציעס, וועלכע זיינען אין קאמף מיט די דייטשישע פארכאפער געווארן עמעסע פאלקס־פירער און וועלכע האבן באוויזן זייער פאטריאטיזם מיט א יאם פון בלוט. מערפי און דאף קופער זיינען געווען קעגנער פון באנייען די אנפירערשאפט פון לאנד, זיי האבן געראטן דע־גאלן אז ער זאל זיך שטיצן אף די אויסגעפרוווטע, ד. ה. רעכטע סאציאליסטן. די אנדערע רעכטע פארטייען, וועלכע האבן אויפגעהויבן זייערע קעפ עטוואס שפעטער, האבן נאך אין יענער צייט ניט ארויסגעוויזן קיין סימאנים פון לעבן. צוזאמען מיט דע־גאלן האבן די פאליטישע ראטגעבער פון דער הויפט־קאמאנדע געשטרעבט צו אנטוואפענען אלע פאטריאטישע מיליטערישע ארגאניזאציעס פון פראנקרייך, קעדיי אזוי ארום אפצושוואכן די לינקע פארטייען און די פראפעסיאנעלע פאריינען, וועלכע זיינען געשטאנען אין דער שפיץ פון דעם באפרייאונגסקאמף פון פאלק. אין זייערע אנשטרענגונגען צו פארניכטן די ארבעטער ארגאניזאציעס זיינען די אליאירטע דערגאנגען אפילע צו דעם, אז זיי

האָבן געראָטן דע־גאָלן פאַרווערן דעם אַריינפאָר אין פּאַריז פון די אַרבע־טער דעפּוטאַטן, וועלכע זיינען געקומען פון אַלזשיר.

אַזאַ מין ריכטונג האָט בוילעט ניט געשטימט מיט דער פאַרשפּראָ־כענער פּאָליטיק פון די אַליאירטע און מיט אַלע זייערע צוזאָגן, דעריבער איז פאַר דער אָנפירערשאַפט פון די פאַרבינדעטע געווען זייער ניט גע־ווּנטשן די רעקלאַמע וועלכע די קאָרעספּאָנדענטן האָבן געקענט מאַכן פאַר די אַלע מאַסמיטלען וואָס די אָנפירערשאַפט האָט דורכגעפירט.

# אַ דורכבראָך . . . אין אַן אָפענעם טויער

.1

ענדע אויגוסט 1944 איז די אויסשפּיר־אָפּטיילונג פון דעם פאָרויסגייענדיקן 30־טן קאָרפּוס פון דער 2־טער בריטישער אַרמיי אַריבער אויפן מיזרעכדיקן ברעג פון סענאַ באַם שטעטל ווערנאָן און ניט געטראָפן די דייטשן. לויט די באַריכטן פון די אויסשפּירער, איז דער סוינע אײַליק אָפּגעטראָטן טיף אין פּיקאַרדיע. די איבעראַשונג איז געווען אַף אַזוי פיל גרויס, אַז אין שטאַב האָט מען פּאָשעט ניט געגלויבט דעם באַריכט פון דער אויסשפּירונג. דער קאָמענדאַנט פון דעם 30־טן קאָרפּוס האָט דערוואָרט פון די דייטשן עפּעס אַן אומגעריכטן סיורפּריז און דעריבער האָט ער פאַראָרדנט אַז אַ טאַנקען־דיוויזיע זאָל דורכקרייצן דעם טייך סענאַ און „אָנטאַפּן דעם סוינע”. די דיוויזיע, ניט אָנטרעפנדיק אַף קיין שום ווידערשטאַנד באַם דורכגיין איבערן טייך, איז אַרויס אַף די ברייטע פעלדער פון פּיקאַרדיע און זיך אַ וואָרף געטאָן מיט אַ פאַרשנעלערטן מאַרש אַף אַמיען. נאָך זיי איז שנעל אַריבער דעם טייך דער קאָרפּוס, און נאַכער האָט זיך אַ לאָז געטאָן אַף מיזרעך די גאַנצע אַרמיי.

ס׳איז בעעמעס געווען פאַרדעכטיק, וואָס די דייטשישע קאָמאַנדע האָט ניט געוואָלט געבן אַ ווידערשטאַנד אַף אַזאַ באַקוועמען וואַסער־גרענעץ פון טייך סענאַ. די אָנפירונג פון די אַליאירטע האָט דערוואָרט, אַז אַף דעם פּלאַץ וועלן די דייטשן שטעלן אַ זייער פעסטן ווידערשטאַנד די וואַנסירנדיקע אָפּטיילונגען: די בריקן אויפן טייך זײַנען געווען אויפגעריסן, די וועג־קנופּן, וועלכע האָבן זיך געקרייצט באַ די שטעט זײַנען געווען לייכט צו באַשיצן און דער אַריבערגיין פון אַזאַ מעכטיקן, פילוואַסערדיקן טייך איז געווען אַ זייער ערנסטע טעכנישע אויפגאַבע. די אַליאירטע האָבן רואיק, ניט געאײַלט, גוט באַטראַכט און געוויסנהאַפט זיך געגרייט צו באַזיגן אָט די מעכטיקע שטערונג. מען האָט צום טייך צוגעפירט פּאָנטאָנען, אַנפיביאַ־טאַנקען, אַנפיביאַ־טראַנספּאָרטן (בופלאָקסן און קאַטשקעס). מען האָט געבראַכט אַפילע אַהין אויך די יאַם־דעסאַנט אָפּטיילונגען, די „קאָמאַנדאָס”.

אין דער זעלבער צייט האָט מאָנטגאָמערי, דורכפירנדיק זײַן „שלי־

פען־פלאַן אַף דער לינקער זייט", אונטערגעיאָגט דעם רעכטן פליגל פון
די אַליאירטע, וועלכער האָט איצט איינגעשפאַרט זיך געראוקט אַף צאָפן.
באָמבאַרדירט די פראַנצויזישע שטעט, וואָס זיינען געלעגן אַפן צאָפן פון
דער סענאַ און מאַרנע — ס'אַסאָן, לאַאָן, פען קאַנטען, ווערווען, מאָנדידיע,
פעראַן און די מאַרטירער־שטאָט קאַמברע. אָבער די פלייסיקע אַרבעט פון
די שווערע באָמבאַרדירער איז געווען אַן אומנוצלעכע — פונקט לעהיי־
פעך מאָנטגאָמערים שרעק, האָבן די דייטשן איבערהויפּט גאָר ניט גע־
פרוווט צו שטעלן אַ וועלכן עס איז ווידערשטאַנד זיין רעכטן פליגל. זיי
זיינען אָפּגעטראָטן דורך צאָפן־פראַנקרייך קיין בעלגיע און פון דאָרט צו
דער גרענעץ פון דייטשלאַנד, אָפּריייניקנדיק אין דער זעלבער צייט אויך
צענטראַל און דאָרעם־פראַנקרייך. זייער ריקצוג איז געווען געשיצט, ווי
שטענדיק, דורך צווייטראַנגיק מיליטער. זייער ריקצוג איז אָבער געווען
אַזוי גוט אָרגאַניזירט, אַז אַפן שעטעך פון דער ערשטער העלפט פון זייער
וועג האָבן זיי, די באָשן, קונציק באַוויזן ניט צו פאַרלירן זייער טראַנס־
פּאָרט, און אַפילע ניט די אַריערגאַרד־זעלנער. ערשט שפּעטער ווען די
אַליאירטע זיינען געקומען צום סייכל, פאַרשטאַנען דעם סוינעס מאַנעווער
און זיך אַ לאָז געטאָן זיי נאָכיאָגן, האָבן די דייטשן אָנגעפאַנגען צו אַנט־
לויפן, פאַרווירקלעכנדיק דעם פּרינציפּ: „ראַטעווע זיך, ווער עס קען
נאָר". אַפן גאַנצן שעטעך פון צאָפן און מײַרעוו פראַנקרייך פלעגט זעלטן
ווען, צופעליק אַנטשטיין אַן איבערשיסונג: דאָס פלעגן מערסטנטייל
אונטערנעמען באַזונדערע קליינע מיליטערישע גרופּעס, אָדער אַפילע
איינצלנע זעלנער. אין מעשעך פון אַ וואָך צייט, ווען די ענגלישע טאַנקען
האָבן זיך געראוקט פון די ברעגן פון סענאַ ביז אַלבערטס קאַנאַל אין בעל־
גיע, זיינען מיר געגאַנגען מיטן אַוואַנגאַרד פון דער צווייטער בריטישער
אַרמיי. זייער אָפט פלעגן מיר אַריינפאָרן אין באַפרייטע שטעט צוזאַמען
מיט די ערשטע טאַנקען. און דאָס איז ניט געשען צוליב אונדזער גרויסער
העלדישקייט, נאָר פּראָסט און פּאָשעט דערפאַר ווייל ס'איז גאָר ניט גע־
ווען קיין געפאַר און ריזיקע. מיר האָבן דאָס אַלץ געזען קלאָר און דייטלעך.

אַפן וועג פון ווערנאָן קיין באָווע, האָט מען בעשום אויפן ניט גע־
קענט אויסגעפינען אַפילע אַ סימען פון דער מילכאָמע. פאַר אונדזערע
אויגן האָבן זיך געשפרייט די ניט־הויכע בערג און די טאָלן פון פּיקאַרדיע
מיט די שוין אָפּגעשניטענע פעלדער, וועלכע ס'האָט באַלויכטן אַ העלע
אָבער ניט קיין הייסע זון. פון זיי האָט געטראָגן מיט אַ שאַלווע. אַרום —
שטילקייט און פּוסטקייט. אין דעם נעכטן פאַרנומענעם באָווע איז קיינער
ניט געווען, כוץ דער מיליטערישער פּאָליציי, וועלכע האָט אַרומגעשפּאַנט
צווישן אַלטע פּוסטע פּלעצער, באַוואַקסענע מיט ווילדן גראָז — סימאָנים
פון דייטשישן אָנגריף פון יאָר 1940. אַף די אַלטע צעגראָבענע גאַסן פון
אַמיען, וועלכע ליגט אין אַ ברייטן טאָל פון טייך סאָם, האָבן נאָך גע־

הילכט די טאַנקען און געפלאַקערט לאַסט־אויטאָמאָבילן. די שטאָט אַליין איז געווען ענלעך גיכער אַף אַ בייסוילעם אָדער שטיין־גרוב, איידער אַף אַ באַדייטנדיקן באַוואוינטן פּלאַץ — אַזוי פיל כורוועס איז געווען אין שטאָט. די שטאָט איז צעשטערט געוואָרן דריי מאָל אין פאַרלויף פון די לעצטע דרייסיק יאָר: אין 1914, 1940 און 1944. די שפּורן פון דער פאַרגאַנגענער מילכאָמע האָבן זיך געטראָפן אַפן גאַנצן וועג פון אַמיען ביז צו דער בעלגישער גרענעץ: דאָ כורוועס, אין אַרראַס און קאַמברע, מיטאַמאָל אַ ריזיקער טורעם אינמיטן העלן פעלד, וואָס איז אויפגעבויט געוואָרן צום אָנדענק פון די 60 טויזנט קאַנאַדער, וועלכע זיינען אומגע־קומען אין האַרבסט פון 1917. דאָרט גיגאַנטישע בייסוילעמס, ווו עס ליגן די ביינער פון די 400 טויזנט ענגלישע סאָלדאַטן, געפאַלענע אין דער פאַרגאַנגענעם וועלט־מילכאָמע. ווען ניט ווען פלעגט מען אָנטרעפן אויך פרישע שפּורן — אויפגעריסענע בריקן איבער די טייכן סאָם און אואַז, אַ שטוים מיט כורוועס אין אַ שמאָלן ראָוו, וואָס איז אַרומגערינגלט מיט הויכע בערג — דאָ איז ערשט ניט לאַנג געווען די שטאָט דוללאַן. מיר האָבן דעריאָגט דעם אַוואַנגאַרד פון דער טאַנקען־דיוויזיע באַ דער שטאָט אַרראַס. פאַר דער שטאָט זיינען געפירט געוואָרן פאַרביסענע שלאַכטן צוויי מאָל אין דער געשיכטע: אין 1914 און 1940 — דאָס מאָל אָבער איז זי פאַרנומען געוואָרן מיט אַ טאַנקען־אָפּטיילונג אָן איין שאָס. אין פאַרשטאָט פון אַרראַס האָבן מיר באַגעגנט דעם קאָמענדאַנט פון דער צווייטער בריטישער אַרמיי, גענעראַל דעמפּסי. זיין פאַרמאַכטער אויטאָמאָביל האָט פאַרלוירן דעם וועג און געבלאָנדזשעט איבער די קליי־נע געסלעך. מיר זיינען אים נאָכגעפאָרן. אַריינפאָרנדיק אין אַ געסל אָן אַרויסגאַנג זיינען מיר שטיין געבליבן. דעמפּסי איז געווען העכסט צופרידן, וואָס ער האָט זיך געטראָפן מיט די קאָרעספּאָנדענטן פונקט איצט, ווען זיין אַרמיי האָט אַזאַ בוילעטן דערפאָלג. ער האָט צעלייגט אַ מאַפּע אָפן דאַך פון זיין מאַשין און האָט אָנגעפאַנגען אונדז דערקלערן די איצ־טיקע לאַגע. ער איז געווען אַזוי צעטראָגן, אַז עס איז אים שווער געווען זיך אָפּשטעלן אַף עפּעס אַ באַשטימטער זאַך. ער האָט זיך באַמיט אונדז צו דערציילן וואָס מער קעדיי מיר זאָלן דערפילן די גרויסקייט פון זיין דערפאָלג און דערביי פלעגט ער איבערשפּרינגען פון איין טעמע אַף אַ צווייטער, פאַרגרעסערנדיק די ראָלן פון זיינע באַזונדערע דיוויזיעס.

— דאָס איז דער גרעסטער ניצאָכן אין דער איצטיקער מילכאָמע, — האָט ער אויסגעשריען מיט באַגייסטערונג, — עס איז אויך מעגלעך, אַז דאָס איז דער גרעסטער ניצאָכן אין דער געשיכטע פון אַלע מילכאָמעס.

דער גענעראַל האָט זיך ניט קרעמפּירט אין זיינע אויסדרוקן, ער האָט אויך ניט געקאַרגט קיין פאַרבן. ער האָט געוווּסט, אַז אַף מאָרגן וועלן זיינע ווערטער ווערן אָפּגעדרוקט מיט די גרעסטע אויסיעס אין אַלע ענג־לישע צייטונגען. און ס'איז טאַקע עמעס, דעם „דורכברוך" אין צאָפן־

פראַנקרייך האָט די ענגלישע פּראָפּאַגאַנדע צעבלאָזן אויף אַן אומגעהויערן אויפן. די אַמעריקאַנער האָבן סקעפּטיש געשמייכלט אויסהערנדיק דעם גענעראַל דעמפּסי. זיי האָבן געהאַלטן אַז די דייטשן זיינען פּריוווּיליק אַוועק פון די ברעגן פון סענאַ און סאָם נאָך דערפאַר, ווייל די טאַנקען פון דער ערשטער אַמעריקאַנער אַרמיי, באַ זייער אויסקערעווען זיך פון פּאַריז אויף צאָפן, האָבן געדראָט אָפּשניידן זיי אַלע וועגן צום ריקצוג. די טאַנקען פון דער ערשטער אַרמיי זיינען אַריין אין דאָרעם בעלגיע. די ליניע פון די פראַנצויזישע פעסטונגען, וועלכע די דייטשן, ווי מען זאָגט, האָבן געוואָלט אויסדרייען מיטן פּאָנים צו מיזרעך, האָט ניט פאַרהאַלטן די אַמעריקאַנער. פאַר זייערע אויגן האָט זיך געעפנט דער בעלגישער פלייץ וועלכער האָט זיך געצויגן ביזן סאָמע יאַם.

איך מוז דאָ באַמערקן אין קלאַמער, אַז אָט אָ די מיינונג איז שפּעטער געוואָרן די אָפיציעלע אַמעריקאַנער באַגרינדונג פון די סיבעס פון דעם דייטשישן ריקצוג אין 1944. לעהייפּעך צו די דערקלערונגען פון דער ענגלישער פּראָפּאַגאַנדע, אַז דאָס אַנטלויפן פון די דייטשן אין צאָפן־פראַנקרייך איז פאַרגעקומען אַ דאַנק מאָנטגאָמערים „קונציקן פּלאַן", האָט דער שטאַב פון אַמעריקאַנער הויפּט־שטאַב, גענעראַל מאַרשאַל אין זיין באַריכט צום קריגס־מיניסטער באַטראַכט דעם פּאַנישן לויפן פון די דייטשן ווי אַ קאָנסעקווענץ פון די דרייסטע אָפּעראַציעס פון דער ערשטער אַמעריקאַנער אַרמיי און איבערהויפּט אַ דאַנק דעם „גלענצנדיקן קלאַפּ" פון דעם 7־טן אַמעריקאַנער קאָרפּוס אויף מאָנס (דאָרעם־בעלגיע).

די ענגלענדער און די אַמעריקאַנער האָבן ניט געהאַט בלויז אַ טאָעס, ווען זיי האָבן אויף אַזוי פיל פאַרגרעסערט די באַדייטונג פון די אַזוי גערופענע „דרייסטע מאַנעווערס" פון זייערע באַזונדערע אַרמייען, קאָרפּוסן און אַפילע דיוויזיעס. די גענעראַלן ווי אויך די מיליטערישע פּאָליטישע באָאָבאַכטער האָבן, גאַנץ נאַטירלעך, גוט פאַרשטאַנען, אַז דער דערפאָלג אָדער דורכפאַל פון אַן איינצלנער דיוויזיע, קאָרפּוס, אָדער אַפילע פון אַן אַרמיי אָפן פראָנט האָט קיינמאָל ניט געקענט צווינגען דעם קאָמענדאַנט פון דער קעגנערישער זייט בייטן די מילכאָמע־סטראַטעגיע. דערצו זיינען שטענדיק נויטיק געווען פיל ערנסטערע סיבעס. די דייטשישע הויפּט־קאָמאַנדע האָט בעשום אויפן ניט געקענט אונטערנעמען דעם וויכטיקסטן אין דער געשיכטע פון מילכאָמע אָפן מיזרעך סטראַטעגישן שריט — אָפּצורוימען פראַנקרייך, בעלגיע, לוקסעמבורג און דעם גרעסטן טייל פון האָלאַנד, — אויב זי וואָלט ניט געווען געצוווּנגען צו דעם דורך דער אַלגעמיינער מיליטעריש־פּאָליטישער לאַגע, וואָס האָט זיך געשאַפן סאָף זומער פון יאָר 1944.

די צווייטע העלפט אויגוסט האָט זיך אויסגעצייכנט מיט דעם צוזאַמענברוך פון דעם גאַנצן דייטשישן דאָרעם־פראָנט אָפן מיזרעך. די רויטע אַרמיי האָט צעשמעטערט די דייטשישע פאַרטיידיקונגס־גרענעצן באַם

דניעסטער און פּרוט, אַרויסגעשטויסן די דייטשן פון דער סאָוועטישער מאָלדאַוויע, געקרייצט דעם דונײַ און מיט אַ מעכטיקן קלאַפּ אַרויסגע־שטויסן רומעניע פון דער מילכאָמע. אין מעשעך פון קורצע צוויי וואָכן האָט די היטלעריסטישע דייטשלאַנד פאַרלוירן אַ סאַך פון אירע דיוויזיעס און אויך געבליבן אָן דעם אַקטיווסטן און נוצלעכסטן פאַרבינדעטן. מיטן אַרויספאַלן פון רומעניע פון קריג האָט דייטשלאַנד פאַרלוירן דעם אייג־ציקן קוואַל אירן פון נאַפט, איר לופט־פלאָט האָט אָנגעפאַנגען צו פילן אַ שאַרפן דוחק אין בענזין, די טאַנקען־אָפּטיילונגען און דער קריגס־טראַנספאָרט פלעגן אין די קריטישסטע מאָמענטן בלייבן אָן ברענשטאָף.

די רומענישע מאַפּאָלע האָט פאַרורזאַכט אויך דעם פאַרלוסט פון די באַלקאַנען. די יוגאָסלאַווישע פאָלקס־אַרמיי האָט שוין פון לאַנג דערוואַרט פון דער רויטער אַרמיי אַ פריינטלעכע האַנט פון הילף, קעדיי צו קענען אָנפאַנגען אַן אַנטשלאָסענעם אָנגריף אַף די דייטשישע פאַרכאַפּער אי־בערן גאַנצן לאַנד. די בולגאַרן, וועלכע זיינען פאַראַטן און פאַרקויפט געוואָרן דורך זייער רעגירונג צו די דייטשן, האָבן זיך געכאַפּט צום געווער, גרייט צו אַן אויפשטאַנד אַ ליאַדע רעגע. אַ זייער ערנסטער אויפ־ברויז האָט זיך אָנגעפאַנגען אין טשעכאָסלאָוואַקיע און אַפילע אין לאַנד פון דעם עלטסטן סאַטעליט פונעם „דריטן רייך" — אין אונגאַרן. דער באַלקאַנישער הינטערלאַנד, וועלכער האָט געהאַט אַן אויסערסט וויכטיקע ראָל אין דער מיליטערישער באַלעבאַטישקייט פון דער פאַשיסטישער דייטשלאַנד, איז זיך צעפאַלן און זיך פאַרוואַנדלט אין אַ זייער שווערן פראָנט. אין דער „היטלעריסטישער אייראָפּעישער פעסטונג" איז געמאַכט געוואָרן אַ דורכברוך פון דאָרעם־מיזרעך. און פון דאָרט האָבן זיך געעפנט וועגן דירעקט צו די דייטשישע סקלאַדן פון שפּייז, ברענשטאָף און אַמו־ניציע. מען דאַרף נאָר זיך דערמאָנען, אַז אין עסטרייך און טשעכאָסלאָ־וואַקיע זיינען געווען קאָנצענטרירט די גרעסטע מיליטערישע אינדוס־טריעס.

קימאַט גלייכצייטיק האָט די רויטע אַרמיי, וועלכע האָט נאָך פריער אָנגעפאַנגען אַן אַלגעמיינעם אָנגריף אין ווייסרוסלאַנד, מיט אַ מעכטיקן שטויס באַ וויטעבסק אַרויסגעשליידערט די דייטשן פון דער ווייסרוסישער טעריטאָריע, אַרויס אַף דער גרענעץ פון ראַטנפאַרבאַנד, זי דורכגעקרייצט אין אייניקע פלעצער און אַפילע אין אייניקע ערטער איבערגעקרייצט די ווײַסל. מיזרעך־פרייסן, דאָס וויגל פון דייטשישן מיליטאַריזם האָט זיך געפונען אונטער אַ דירעקטן קלאַפּ. די גרענעצן פון דייטשלאַנד גופע זיי־נען איצט געוואָרן באַדראָט. אַפן האַריזאָנט איז אויסגעוואַקסן אין זיין פולער וווּקס דער שרעקלעכער געשפּענסט פון אומבעראַכמאָנעסדיקער פאַרניכטונג פון די דייטשישע באַוואָפנטע קויכעס אַפן גאַנצן מיזרעך־פראָנט און פון דעם אומפאַרמיידלעכן קראַך פון דער פאַשיסטי־שער אָרדענונג. אָט די באַדראָונג האָט געצוווּנגען די דייטשישע הויפּט־

קאָמאַנדע אָנעמען דעם באַשלוס אָפּצורייניקן די לענדער פון מיַירעוו־אייי־
ראָפּע, קעדיי צונויפצוזאַמלען אַלע קריגספּעיקע כאַיאָלעס פאַרן באַלקאַ־
נישן און מיזורעכדיקן פראָנט. קעדיי צו שטערן די מיַירעוו אַליאירטע שנעל
דערגרייכן צו דער זיגפריד־ליניע, הינטער וועלכער עס האָבן זיך אויס־
באַהאַלטן צוווייטראַנגיקע היטלעריסטישע אָפּטיילונגען, האָט די דייטשישע
הויפּט־קאָמאַנדע איבערגעלאָזט אין אַלע פראַנצויזישע יאַם־פעסטונגען,
ניט קיין גרויסע, אָבער גוט איינגעאיבטע גאַרניזאָנען. זיי האָבן באַקומען
אַ באַפעל אויסשטיין ביז צום לעצטן, קעדיי וואָס לענגער ניט דערלאָזן
די אַליאירטע צו באַנוצן די פראַנצויזישע האַפנס. די גאַרניזאָנען האָבן
דעם באַפעל אויסגעפאָלגט. אַזוי צום ביישפּיל זיינען די אַמעריקאַנער
געווען געצוווּנגען אַ וואָרף צו טאָן אַ נייע (די 9־טע) אַרמיי קעגן אָפּטיי־
לונגען פון בלויז 4 דייטשישע דיוויזיעס, וועלכע האָבן זיך אויסבאַהאַלטן
אין די יאַם־פעסטונגען פון ברעסטער האַלב־אינדזל און ביסקיַיער איינגוס.
די אינפאַנטעריע מיט דער הילף פון אַ מעכטיקער אַוויאַציע איז ניט גע־
ווען אימשטאַנד אַרויסצורויכערן די דייטשן פון די בלינדאַזשן און קאַזע־
מאַטן, וועלכע זיינען דורך זיי אויסגעבויט געוואָרן אין די פעלדזן. דער
דייטשישער גאַרניזאָן פון סען נאַזער האָט זיך אונטערגעגעבן אין די
לעצטע טעג פאַרן פאַרענדיקן די מילכאָמע און אויך ערשט נאָכדעם, ווען
די אַליאירטע אַוויאַציע האָט פאַרגאָסן די גאַנצע פעסטונג מיט ברענענ־
דיקער פליסיקייט. די איבעריקע דייטשישע גאַרניזאָנען פון די יאַם־פעס־
טונגען האָבן קאַפּיטולירט ערשט נאָך דייטשלאַנדס מאַפּאָלע.

אַ טייל פון דער דייטשישער סטראַטעגיע אַפן מיַירעוו איז טאַקע
באַשטאַנען אין דעם — צו פאַרכאַפּן די יאַם־פעסטונגען פון אייראָפּעיִשן
קאָנטינענט און פאַר יעדן פרייז זיי איינהאַלטן אין זייערע הענט. די דייַ־
טשישע אָנפירונג האָט געמיינט, אַז ניט פאַרמאָגנדיק קיין האַפנס וועלן
די אַליאירטע ווייט ניט קענען גיין, ווייל אַף יעדן זעלנער האָט זיך גע־
פאָדערט טויזנטער קילאָס לאַסט, אויך האָבן זיי, די דייטשן געמיינט,
אַז אין די ערטער צווישן די פעסטונגען וועלן קענען דורכגיין בלויז אומ־
באַדייטנדיקע קרעפטן, מיט וועלכע זיי וועלן זיך קענען לייכט אַן אייצע
געבן בלויז מיט אַ קליינער אָבער זייער אַ באַוועגלעכער שוץ־וואַנט. די
אַליאירטע האָבן גוט געוווּסט וועגן אָט די אויסרעכענונגען, ווייל פונקט
דער זעלבער אַדמיראַל קאַנאַריס, וועלכער האָט געאַרבעט פאַר די אַמערי־
קאַנער, האָט אָנגעפירט מיט דער אינספּעקציע אַפן מיַירעוו. דעריבער זייַ־
נען זיי אָנגעקומען אין נאָרמאַנדיע מיט זייערן אַן אייגענעם גרויסן שווים־
פּאָרט, וועלכער איז בעסאָד־סוידעס אויסגעבויט געוואָרן אין ענגלאַנד
און וועגן וועלכן איך האָב שוין פריער דערמאָנט. כוץ דעם האָט זיך זיי
איינגעגעבן פּלוצלינג פאַרכאַפּן שערבורג. עמעס דער פּאָרט איז צעשטערט
געוואָרן, דאָך האָבן די אַמעריקאַנער געאָפּפערט מיט אַנדערהאַלבן מיליאָן
טאָנאַזש און אויסגעבויט אין שערבורג אַ נייעם האַפן. שטיצנדיק זיך אַף

די צוויי פֿאַרטן האָבן די אַליאירטע אָנגעזאַמלט אין נאָרמאַנדיע גענוגנדיקע קויכעס אַף אויסצומאַטערן און שפּעטער איגאַנצן צעשטערן לעבן פֿאַלעז די דייטשישע שוץ, וועלכע איז דאַן באַשטאַנען פֿון 24 דיוויזיעס, פֿון וועלכע אייניקע זיינען ווייט ניט געווען קיין פֿאַרפֿולטע. ביז צום 5־טן סעפּטעמבער פֿון 1944 האָבן זיי אַרויסגעזעצט אין פֿראַנקרייך 2.086.000 מאַן און אויסגעלאָדן 3.446.000 טאָן פֿראַכט.

ווי דאָס האָט איבערגעגעבן דער געפֿאַנגענער קאָמענדאַנט פֿון דער 7־טער דייטשישער אַרמיי אין צאָפֿן־פֿראַנקרייך גענעראַל אויערבאַך, איז די דייטשישע אויבער־קאָמאַנדע געווען זייער באַזאָרגט מיטן באַזייטיקן קוידעמקאָל דעם קריזיס אַפֿן מיזרעך. אַף אַלע ביטעס, געוויינען און פֿאָדערונגען פֿון קלוגע, וועלכער האָט אָנגעפֿירט מיטן מײַרעוו־פֿראָנט, מען זאָל אים שיקן נאָך קויכעס, פֿלעגט היטלער ענטפֿערן מיט אַ קאַטעגאָרישן ניין. נאָך מער, נאָך די שלאַכטן באַ פֿאַלעז האָט קלוגע באַקומען אַ באַפֿעל פֿאַר יעדן פּרייז אַרויסראַטעווען די ס. ס. אָפּטיילונגען און דעקן זייער ריקצוג קיין דייטשלאַנד מיט ווייניקער קאַמפּספּעיקע אָפּטיילונגען און אַזוי איז דאָס געטאָן געוואָרן. די איבערגעקערטע דייטשישע שוץ־וואַנט האָט זיך אַ קייקל געטאָן אַף מיזרעך נאָך די אַנטלויפֿנדיקע ס. ס. לייט. די דייטשן זיינען אַזוי שנעל געלאָפֿן, אַז די אַליאירטע האָבן זיי ניט געקענט אָניאָגן. נאָר דערפֿאַר איז די צאָל פֿון קריגס־געפֿאַנגענע געווען פֿיל ווייניקער ווי מען וואָלט עס געקענט דערוואַרטן אין אָט די אומשטענדן.

.2

דער גענעראַל דעמפּסי האָט אונדז געראָטן זיין אַף מאָרגן אינדערפֿרי באַ ליל, ער האָט צוגעזאָגט די קאָרעספּאָנדענטן אַ זייער „אינטערעסאַנטע פֿאָרשטעלונג”. דער פֿרימאָרגן איז געווען אַ קאַלטער און דורכזיכטיקער. אַף דעם האָריזאָנט האָבן זיך געזען שוואַרצע בערג פֿון איבערגעברענטע קוילן, ווען ניט ווען פֿלעגט מען זען רויכערדיקע קוימענס: די אינדוסטריע פֿון צאָפֿן־פֿראַנקרייך האָבן די דייטשן איבערגעלאָזט אין פֿולער אָרדענונג. זיי האָבן ווייזט אויס גערעכנט אָדער זיך ווידער אומקערן אַהער, אָדער געהאָפֿט צו באַקומען אין דער צוקונפֿט זייער כײלעק אין דעם רעוועך, זיי זיינען דאָך איצט געווען שוטפֿים פֿון אַ סאַך פֿראַנצויזישע אונטערנעמונגען. די ברייטע וועגן האָבן מיט גאָרניט דערמאָנט אָן דער מילכאָמע; באַ זייערע זייטן זיינען ניט געשטאַנען, ווי שטענדיק, פֿאַרברענטע אויטאָמאָבילן און וועגעלעך מיט איבערגעקערטע און צעוואָרפֿענע כפֿייצים, מען האָט ניט געזען קיין צעשעדיקטע טאַנקען, אָדער אונטערגעשאָסענע אַנטיטאַנק־האַרמאַטן.

פֿון דוע, וווּ די דייטשן האָבן פֿאַרלאָזט אַ גרויסן און גוט־איינגע־

אָרדנטן אעראָדראָם, האָבן מיר אַ קערעווע געטאָן ניט אַף צאָפן צו דער שטאָט ליל, נאָר דירעקט אַף מייַרעוו צו דער בעלגישער גרענעץ. אין מעשעך פון עטלעכע שאָ דורכאַנאַנד זיינען מיר געפאָרן פארביי אומענדלעכע ארבעטער־שטעטלעך פון דעם אינדוסטריעלן צאָפן פון פראַנקרייך. די באַפעלקערונג האָט באַגעגנט די אַליאירטע מיט אַ גאַנץ מעסיקער פרייד, ס'האָבן זיך אַפילע געהערט פאָרוווּרפן פאַר דער פארשפּעטיקונג. ווי עס האָט זיך ארויסגעוויזן, האָט די באַוועגונג פון די דייטשישע אויטאָמאָביל קאָלאָנעס זיך אָנגעהויבן שוין מיט אַ פּאָר וואָכן פריער. צוערשט זיינען אדורך די טראַנספּאָרטן מיט אַמוניציע, נאָך זיי זיינען אין אויטאָמאָבילן דורכגעפאָרן די געקליבענע ס. ס. אָפּטיילונגען, וועלכע האָבן זיך געאייַלט אַף מיזרעך, שפּעטער האָבן זיך אָנגעהויבן ציען די פארמאַטערטע, צעשעדיקטע מיליטער־אָפּטיילונגען, וועלכע האָבן געדעקט דעם אַלגעמיינעם ריקצוג. זיי זיינען געפאָרן אַף צוגענומענע באַ די פּויערים פערד און פּויערישע וואָגנס.

באַם גרענעץ האָט אונדזער טאַנקען־קאָלאָנע אָנגעיאָגט די אַמעריקאַנער, וועלכע האָבן פעסט באַזעצט דעם שאָסיי־וועג אַף בריסל. דער קאָמענדאַנט פון דער ענגלישער קאָלאָנע האָט אויפגעפאָדערט די אַמעריקאַנער אָפּרייניקן דעם וועג. יענע האָבן זיך אָפּגעזאָגט. קנאַפּע צוויי שאָ זיינען מיר אָפּגעשטאַנען באַם גרענעץ און געוואַרט, ביז עס איז אָנגעקומען אַ באַפעל צו די אַמעריקאַנער זיי זאָלן אָפּטרעטן דעם וועג פאַר די ענגלישע טאַנקען. די אַמעריקאַנער האָט מען געהייסן זיך אומקערן און ארויסגיין אַף אַן אַנדער וועג, וועלכער ציט זיך פאַראַלעל צו אונדזערן, אָבער עטוואָס מער צו דאָרעם: קאַמברע ־ מאָנס ־ שאַרלערואַ ־ נאַמיור. אין זייער יאָגן זיך נאָך די דייטשן האָבן זיך די אַמעריקאַנער פארגאַלאָפּירט און, ניט נעמענדיק אין אַכט די פאַרטיילונג, זיך אריינגעכאַפּט צום צאָפן פון דעם וועג ליל ־ טורנע ־ אַל ־ בריוסעל. דער באַרימטער „דורכרייס" צו דער בעלגישער הויפּטשטאָט, איז מער ענלעך געווען אַף אַ פריילעכן ראַשיקן קאַרנאַוואַל, ווי אַף אַ מילכאָמע און מיליטער־מאַרש. די באַפעלקערונג פון די צאָלרייכע בעלגישע שטעטלעך איז געשטאַנען אויסגעשטעלט אין רייען פון ביידע זייטן וועג. קינדער און מיידלעך פלעגן ארויפקלעטערן אַף די פאַנצערס פון די טאַנקען, אַף די דעכער פון די אויטאָמאָבילן, אַף די לאַסט־וועגענער פון דער מאָטאָריזירטער אינפאַנטעריע און געפאָרן צוזאַמען מיטן אוואַנסירנדיקן מיליטער פון שטעטל צו שטעטל. די גאַסן זיינען געווען באַהאָנגען מיט פענער פון די פאַרבינדעטע פעלקער און עס האָט פּאָשעט איבעראַשט די גרויסע צאָל סאָוועטישע פענער. באַ דער גרענעץ איז געווען אַזוי פיל סאָוועטישע פענער, אַז איינער פון די אָפיצירן, וועלכער האָט באַגלייט די קאָרעספּאָנדענטן, האָט אויסגערופן אין שפּאַס:

— צוריק, מיר זיינען, דאַכט זיך, אַלפּי טאָעס פאַרקראָכן אַף דער סאָוועטישער טעריטאָריע.

ניט ווייט פון דער שטאָט אַל האָט זיך פּלוצלינג אַריינגעשניטן אין די ענגלישע טאַנקען אַ פּערשפּעטיקטע דייטשישע אויטאָ־קאָלאָנע. די דייטשן זיינען צטעומלט געוואָרן, ס'איז פאָרגעקומען אַ צעמישונג, וועלכע האָט דערלויבט די ענגלישע טאַנקיסטן אָפּשליסן דעם וועג פאַר דער אויטאָ־קאָלאָנע. די דייטשן אָן שום פּראָטעסט האָבן אָנגעהויבן זיך איבערגעבן אין געפאַנגענשאַפט אין אַ מוסטערהאַפטער אָרדענונג. זיי האָבן מיט טרויער געקוקט אין דער ריכטונג פון בריסל, וווּהין זיי האָבן לויטן באַפעל געמוזט אָפּטרעטן. אַ גרויסער שוואַרצער וואָלקן האָט זיך געהויבן איבער בריסל. מיר האָבן זיך שפּעטער דערוווּסט, אַז דאָס האָט געברענט דער יוסטיץ־פּאַלאַץ.

אין אָוונט איז אונדזער טאַנקען־קאָלאָנע אַריין אין בריסל. באַנאַכט זיינען די ענגלישע טאַנקען דורכגעגאַנגען לוּווען, אינדערפרי צוגעקומען ביזן אַלבערט קאַנאַל און אים איבערגעקרייצט: איינע פון די וויכטיקסטע וואַסער־שטערונגען האָבן די טאַנקען גויוועך געוועזן, וועלכע האָבן דערעךאַגעוו, ניט פאַרמאָגט קיין אַמוניציע. אַזוי אַרום האָבן זיי פאַרענדיקט דעם מאַרש פון 216 מײַל, וועלכער האָט זיך אָנגעהויבן מיט זעקס טעג צוריק בײַ די ברעגן פון סענאַ. דאָס אָפּרייניקן פון בעלגיע האָט פּאַקטיש געדויערט ניט מער ווי אַ פּאָר מעסלעס. די האַפּן־שטעט: אַנטווערפּן, אָסטענדע, בריגגע, וווּ מען האָט גערעכנט אָנטרעפן אַ פעסטן ווידערשטאַנד, זיינען אַריינגעפאַלן אין די הענט פון די אַליאירטע אָן שום אָנשטרענגונג. אַנטווערפּן איז באַפרייט געוואָרן אַפן אַנדערן טאָג דורך די אָפּטיילונגען פון אינערלעכע קויכעס. די פּאַרטיזאַנער האָבן אַרומגערינגלט אין צענטראַל־פּאַרק פון דער שטאָט דעם דייטשישן גאַרניזאָן און אויפגעפאָדערט בײַ די דייטשן אָן אומקאָנדיציאָנעלע קאַפּיטולאַציע. דער קאָמענדאַנט פון דעם גאַרניזאָן, אַ גענעראַל־מאַיאָר פון דער דייטשישער אַרמיי האָט אָנגענומען דעם אולטימאַטום. דאָס איז געווען אַ זעלטענער פאַל, ווייל אין נאָרמאַנדיע און ברעטאַן פלעגן די דייטשן זיך אָפּזאָגן אונטערצוגעבן זיך אַפילע צו רעגולערע פראַנצויזישע אָפּטיילונגען; אַף ווייניקער ווי אַמעריקאַנער פלעגן זיי בעשום אויפן ניט מאַסקים זיין. אַפילע בײַ זייער אַנטלויפן פון פראַנקרייך פלעגן דייטשישע לייטענאַנטלעך פאַדערן אומבאַדינגט, אַז אין געפאַנגענשאַפט זאָלן זיי נעמען דורכוים בלויז אָפיצירן. און דאָ פּלוצלינג האָט זיך אַ דייטשישער גענעראַל אונטערגעגעבן פאַר אַנטווערפּענער באַכערימלעך פון דער פּאַרטיזאַנער אַרמיי פון דעם קאָמוניסט דיספּי.

די פּאַרטיזאַנער זיינען ניט געווען געוואוינט צו דעם עטיקעט פון מיליטערישער קאַפּיטולאַציע און דעריבער זיינען זיי זיך באַגאַנגען מיט די געפאַנגענע גאָר ניט ריטערלעך: זיי האָבן אַלע דייטשן צוזאַמען מיט די פלעמישע פאַרעטער אַריינגעזעצט אין די ליידיקע שטייגן פון דעם זאָאָלאָגישן גאָרטן. ווען מיר האָבן באַטראַכט אָט די וווּנדערבאַרע מענאַ־

זשעריע, איז אונדז געקומען אפן געדאנק די בארימטע פראזע פון קוזמא פרוטקאָוו: „אויב דו וועסט באמערקן אז אף א שטייג פון אן עלעפאנט שטייט אָנגעשריבן „בופלאקס" — זאָלסטו ניט גלויבן דיינע אויגן". אין יענע טעג האָט די באפעלקערונג פון אנטווערפן דורכגעלעבט ניט ווייניק פריילעכע מאָמענטן. זיי פלעגן זיך פארזאמלען פאר די שטייגן פון דער מענאזשעריע און, פארשטייט זיך, ניט געגלויבט אזעלכע אויפשריפטן, ווי עלעפאנט, אָדער לייב, דערפאר אָבער זיינען זיי דורכויס מאסקים געווען מיט די אויפשריפטן: „גאָרילא", „היענע", „שאקאל", „שלאנג". אויב ניט די אויסערלעכע איז יעדנפאלס די אינערלעכע ענלעכקייט פון די איצטיקע באוואוינער פון די שטייגן מיט די פריערדיקע האָט פארשאפן די איינוואוינער פון אנטווערפן א גרויסע סאטיספאקציע, און האָט ארויסגערופן אומצאָליקע טרעפלעכע וויצן.

דאָס פאלן פון אָסטענדע איז געווען פונקט אזא רעטעניש. דער פּאָרט איז פון יאָם געווען געדעקט מיט זיכערע פאָרטיפיקאציעס. אפן ברעג זיינען געווען אויסגעבויט בלינדאזשן, לענגויס דעם גאנצן ברעג האָט זיך געצויגן א הויכע דיקע וואנט, וועלכע האָט פארייניקט די פראָנטאלע ווענט פון די הייזער, געריכטעטע מיטן פּאָנים צום יאָם. פון דער יאבאָשע איז די שטאָט געווען באשיצט דורך הונדערטער אייזן-בעטאָנענע בלינדאזשן, וועלכע זיינען געווען איינגעגראָבן אין א פלאכן טאָל. די אָנפירערשאפט פון די אליאירטע האָט געשיקט צו אָסטענדע א קאנאדער טאנקען-בריגאדע מיט א וואָרענונג, זיי זאָלן ניט ריזיקרן ביז עס וועלן ניט צוקומען פרישע קויכעס. די קאנאדער זיינען געבליבן דערשטוינט — די בלינדאזשן האָבן געשוויגן. זיי האָבן דאן געשיקט אין שטאָט אריין אן אויסשפּיר-פאטרול, וועלכער איז אוועק אין שטאָט און זיך ניט צוריקגעקערט. אן אָפיציר, וועלכער איז אוועק זוכן דעם פאטרול, איז אויך פארפאלן געוואָרן. דאן האָבן די טאנקיסטן זיך אָנגעהויבן באומרואיקן. אָבער גאָר אינגיכן האָט זיך ארויסגעוויזן, אז דער פאטרול האָט זיך פארהאלטן אין שטאָט, ווייל ... ער האָט אָנגענומען די קאפיטולאציע פון דעם דייטשישן גארניזאָן. דער ריזיקער פּאָרט און די שטאָט, פאר וועלכער די אליאירטע האָבן געקענט אָפּגעבן עטלעכע דיוויזיעס, איז צו זיי אריינגעפאלן אָן איין שאָס.

שפּעטער מיט עטלעכע טעג איז געקומען צופאָרן צו די קריגס-קאָרעספּאָנדענטן דער געהילף-קאָמענדאנט פון דער אויסשפּיר-אָפּטיילונג פון דער 21-סטער גרופּע דער פאָלקאָווניק יוערט. ער האָט נאָרוואָס פארענדיקט דאָס אויספרעגן דעם קאָמענדאנט פון דער 7-טער דייטשישער אַרמיי, גענעראל אויערבאך און די רעוויזיע פון די דאָקומענטן פון קלוגערס שטאב, א טייל פון וועלכע ס'איז אריינגעפאלן אין די הענט פון די אליאירטע. פונקט ווי זיין שעף, דער בריגאדיר גענעראל וויליאמס, איז יוערט געווען יונג, ענערגיש און קאָמוניקאטיוו מיט די קאָרעספּאָנדענטן: ער

האָט פאַר זיי דערציילט זייער פיל נייעס, ניט אָנרירנדיק, פאַרשטייט זיך, קיין מיליטערישע סודעס.

דאָס מאָל איז יוערט געקומען מיט אַן אָפּשאַצונג פון דער אַלגעמיי־נער מיליטערישער לאַגע אויפן מײַרעוו־אײראָפּעיִשן פראָנט. ער האָט באַ־צייכנט אַז דער ריקצוג פון די דייטשן פון פראַנקרייך, בעלגיע און לוק־סעמבורג, איז געווען אַ פאַרויס־אויסגערעכנטער: זיי האָבן שוין ניט גע־האַט קיין מעגלעכקייט צו פאַרשטאַרקן זייער מײַרעוו־פראָנט ניט מיט קיין יאַבאָשע קויכעס, ניט שיצן אים פון דער לופטן, דעריבער האָט די דייטשישע קאָמאַנדע באַשלאָסן זיך באַהאַלטן הינטער דער זיגפריד־ליניע. איצט האָט זי צונויפגעזאַמלט אַלע אירע קויכעס אין דייטשלאַנד גופא. זי האָט גערעכנט, אויסנוצנדיק די גוט־אַנטוויקלטע אינערלעכע קאָמוני־קאַציע־ליניעס, צונויפזאַמלען אַלע אירע קויכעס אין איין פויסט און זיי אויסנוצן אויףביידע פראָנטן. די קאָמוניקאַציע, ווידער, פון די אַליאירטע, פלעגט זיך אומגעהויער אויסציען (די דייטשן האָבן דאָך ניט גערעכנט, אַז דער דריטער אין דער וועלט פאַרט — אַנטווערפּן, וועט אָפּגעגעבן ווערן אין פולסטער אָרדענונג), אָבער די זיגפריד־ליניע, לויט די באַהויפּ־טונגען פון דעם פּאַלקאָווניק יוערט, האָט ניט צוגעזאָגט פאַר די דייטשן קיין זיכערע שוץ. אַפילו די דייטשישע אָנפירערשאַפט אַליין האָט ווייניק געגלויבט אין איר פעסטקייט. די אויסשפּירונג פון די אַליאירטע האָט געמאָלדן, אַז דער סוינע פירט דורך פיבערהאַפטע פאַרטיפיקאַציע־אַרבעטן אויפן מיזרעך־ברעג פון ריין, ווו די טאָדט־אָרגאַניזאַציע באַנוצט פאַר דעם צוועק איבער צוויי הונדערט טויזנט מאַן.

שוין די אַנדערע וואָך האָט באַוויזן פאַר דער גאַנצער וועלט, אַז די אומרואיקייט פון דער דייטשישער אָנפירערשאַפט בענעגייע דער זיגפריד־ליניע, איז געווען נאָך מער ווי באַגרינדעט. צוויי אַמעריקאַנער דיוויזיעס, וועלכע האָבן דורכמאַרשירט בעלגיע דורך דאַרעס, זיינען אַריבער די אַר־דענען און אַריינגעטראָטן אין דייטשלאַנד צו דאָרעם פון אאַכען.

אויפן אַנדערן טאָג נאָכן באַקומען אָט די יעדיע איז אונדזער „דזשיפּ" פאַרזיכטיק געקראָכן צווישן די אַנטיטאַנק־סלופּעס אין גראַנאַטן־גריבער פון דער זיגפריד־ליניע באַם אַריינפאָר אין דעם דייטשישן שטעטל רעט־גען. די אַנטיטאַנק־סלופּעס, „די דראַגאָן־ציין", ווי די דייטשן האָבן זיי אַ נאָמען געגעבן, האָבן פונדערווייטנס געמאַכט אַ פיל גרעסערן איינדרוק. די ווייסע ציין, וועלכע האָבן געשטעקט אין פיר רייען, און וועלכע האָבן זיך געצויגן ווי אַן אומענדלעכע קייט איבער פעלדער, בערג און טאָלן — האָבן זייער דראָענדיק אויסגעזען. די גרוי־גרינע קאַזעמאַטן, וועלכע האָבן זיך באַהאַלטן הינטער זיי, האָבן אויך אויסגעזען געהיימניספול און דראָענ־דיק: „זיי האָבן געשפּריִיט טויט איבער אַלע וועגן און שטעגן".

צום סאָף האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז די דראַקאָנישע ציין זיינען גאָר טעמפּיק, די „אומבאַזיגבאַרע" קאַזעמאַטן האָבן געשוויגן, אויפדעקנדיק

זייער אינערלעכע פּוסטקייט, ווייל זייער שווערע געווער איז שוין פון לאַנג אָן געווען אַרויסגעפירט צום מיזרעך־פראָנט. די ערזאַץ־זעלנער פון דעם פאָלקסשטורם האָבן געמאַכט אָנשטרענגונגען צו פאַרטיידיקן די פעס־טונגען מיט דער הילף פון ביקסן און קוילנוואַרפערס. זיי צו הילף האָט מען געשיקט אַנטיטאַנק־האַרמאַטן, וועלכע מען האָט געמוזט איינשטעלן אַף אָפענע פעלצער. די האַרמאַטן זיינען פּאַשעט אָפּגעווישט געוואָרן דורך דער מעכטיקער אַמעריקאַנישער אויטאָמאַביל־אַרטילעריע, נאָך זיי זיינען צוגעקומען אַרט צו די קאַזעמאַטן די טאַנקען און אָנצלינדיק זייערע האַר־מאַטן אין די אַמבראַזורן — זיי צעטראָגן אַף פּיץ־פּיצלעך. די מער איי־פערדיקע פאַרטיידיקער פון די דאָטן זיינען אויסגערויכערט געוואָרן מיט די פלאַמענוואַרפערס, וועלכע מען האָט אַרויפגעשטעלט אַף די דעכער פון די טאַנקען.

דער שעה פון דער אַמוניציע־אָפּטיילונג פון אָמאַכס דיוויזיע, וועלכן מיר האָבן פאַרכאַפּט אין אַ פויערישער שטוב ניט ווייט פון דער שטאָט קאַרניליענמיונסטער, האָט זיך מיט ביטל אָפּגעטרייסלט, ווען מיר האָבן אים אויסגעפרעגט וועגן די שלאַכטן פאַר דער זיגפריד־ליניע.

— אַ פעסטונג איז דאָן אַ פעסטונג, ווען עס איז דאָ ווער עס זאָל זיך באַשיצן און מיט וואָס — אַזוי האָט ער אונדז דערקלערט. — די דייטשן האָבן שוין דיביידע זאַכן ניט. כאָטש דעם האָט מען אויסגעבויט אָט־די טרויעריק־באַרימטע זיגפריד־ליניע אין 1938, און פאַר די לעצטע זעקס יאָר איז די צעשטערונגס־טעכניק אַוועק אַף אַזוי ווייט פאָרויס, אַז עס טויגן שוין ניט די אַלע פריערדיקע אַלטע אויסרעכענונגען, מיט וועלכע זיי האָבן זיך באַנוצט.

.3

נאָך אונדזער צוריקער פון דער דייטשישער טעריטאָריע, האָט מען איינגעלאַדן די קריגס־קאָרעספּאָנדענטן אין שטאַב פון דער 2־טער בריי־טישער אַרמיי. ער איז דאָן געשטאַנען עטוואָס צו מיזרעך פון לוווען. אַף דער פרעסע־קאָנפערענץ, וועלכע איז געווען איינגעאָרדנט מיט יענע פאַר־זיכטס־מיטלען וועלכע מען באַנוצט שטענדיק ווען מען קלויבט זיך איבער־געבן וויכטיקע ידיעות, האָט מען אונדז אינפאָרמירט, אַז אין צוויי שאָ ארום וועט די לופט־דעסאַנט אַרמיי פון די אַליאירטע מאַכן אַ שפּרונג אין האָלאַנד קעדיי צו פאַרכאַפּן די בריקן איבערן מאַאַס, וואַאַל און דעם אונטערשטן ריין. גלייכצייטיק וועט דער 30־סטער קאָרפּוס מיט צוויי טאַנקען־דיוויזיעס זיך אַ ריס טאָן אַפן וועג איינדהאָווען - נעמעגען - אַר־נעם און וועט אַזוי אַרום פאַרבינדן די לופט־דעסאַנטן מיטן פראָנט פון בעלגיע.

דער פאַרנעם פון אָט דער אָפּעראַציע, פונקט ווי אַלע סטראַטעגישע

פלענער פון דעם גענעראל מאָנטגאָמערי, איז געווען גראַנדיעז. מאָנטגאָמערי, שוין מער ניט קיין גענעראל, נאָר אַ פעלדמאַרשאַל, האָט געוואָלט אָפּשניידן האָלאַנד פון דייטשלאַנד, אַרויסגיין צום יאַם אין זידזעע, דאָרט ארומרינגלען און פאַרניכטן די רעשטלעך פון דער 15־טער דייטשישער אַרמיי, וועלכע האָבן באַוויזן צו אַנטלויפן פון די אַליאירטע דורכן שעלדא און, דערהויפּט, עפענען פאַר דער 2־טער בריטישער אַרמיי אַ טויער אין צאָפן־מיַירעוו פליין פון דייטשלאַנד. מאָנטגאָמערי האָט איצט געכאַלעמט מיט איין שפּרונג אַריבערפליען די קאָמפּליצירטע סיסטעם פון די וואַסער־שטערונגען, וועלכע האָבן געשיצט די פאַשיסטישע נאָרע פון צאָפן־מיַירעוו און אַ וואָרף טאָן זיינע טאַנקען־קאָלאָנעס און מאָטאָריזירטע אינפאַנטעריע אַף האַמבורג, וועלכע איז געווען אינגאַנצן אומבאַשיצט פון דער יאַבאָשע, און פון האַמבורג — אַף בערלין.

די דייטשישע קויכעס אין מיַירעוו און צאָפן־מיירעוו פון האָלאַנד האָבן זיך געציילט אין באַשטאַנד פון 70 טויזנט מאַן, דעריבער האָט זיך די אויפגאַבע אַרויסגעוויזן פאַר זייער מעגלעך פאַר די אַכט געקליבענע אַליאירטע דיוויזיעס. עמעס, אַז אין יענער צייט איז געשטאַנען אַף אָפּרו אין צאָפן האָלאַנד די 1־טע דייטשישע פאַראַשוטיסטן אַרמיי, אָבער די אַליאירטע אויסשפּירונג האָט גערעכנט, אַז די דייטשישע פאַראַשוטיסטן קענען זיך באַוועגן נאָר צופוס. די אַליאירטע זיינען דאַן געווען די פול־שטענדיקסטע באַלעבאַטים אין דער לופט און דאָס האָט זיי געגעבן אַן אומבאַגרענעצטן קאָנטראָל איבער אַלע יאַבאָשע־וועגן און שליאַכן.

דעם זעלבן אָוונט האָט מען זיך דערוווּסט אַז צוויי אַמעריקאַנער די־וויזיעס האָבן זיך זייער געלונגען אַראָפּגעוואָרפן און פאַרכאַפּט אַ בריק איבערן מאַאַס, באַ דער שטאָט גראַווע, און צוויי בריקן איבער וואַאַל, לעבן ניימעגען. אַנדערע אָפּטיילונגען פון די פאַראַשוטיסטן האָבן פאַרנומען די קלענערע בריקן איבער די קאַנאַלן.

די טאַנקען פון דעם 30־טן קאָרפּוס זיינען זייער לייכט אַדורך דעם קאַנאַל עסקאַ אַף דער האָלענדיש־בעלגישער גרענעץ און זיינען אַרויס אַפן ברייטן וועג, וואָס עס פירט צו איינדהאָווען. די דייטשן האָבן געוואָלט אויסנוצן קעגן די טאַנקען זייערע אַנטי־אַוויאַציע האַרמאַטן, נאָר די אַליאירטע אַוויאָנען, וועלכע האָבן באַגלייט די טאַנקען־קאָלאָנע, האָבן זיי גלייך צעשמעטערט.

נאָר פון אַרנעם זיינען די ידיעות ניט געווען קיין גוטע. די ערשטע בריטישע פאַראַשוטיסטן־דיוויזיע האָט אָנגעטשעפּעט די שטאָט, אָבער ניט באַוויזן גלייך צו פאַרכאַפּן די בריקן. די בריקן זיינען געווען שוין פון פריער מינירט, דעריבער וואָלט ניט געגעבן קיין גינסטיקע רעזולטאַטן אפילו דאָס שנעלסטע צוקומען צו זיי.

אָפן פרימאָרגן זיינען מיר אַוועק נאָכן אַוואַנגאַרד פון דעם 30־טן קאָרפּוס. דער וועג לעאָפּאָלדענבורג, אין בעלגיע, ביז איינדהאָווען איז

געווען מאַמעש פאַרשטאָפּט מיט „קאַטשקעס", פּאַנצער־טראַנספּאָרטירער,
לאַסט־וועגענער מיט ברענשטאָף פאַר די טאַנקען און אַמוניציע פאַרן מי־
ליטער. עס האָבן זיך געצויגן אומענדלעכע וועגענער מיט פאַרשיידנאַר־
טיקער מיליטערישער באַלעבאַטישקייט. די מאַשינען זיינען געפאָרן צו
צוויי און אַפילע צו דריי אין אַ רייע. אין פאַרכוישעכטן הימל האָבן גע־
קוקט אַנטי־אַוויאַציע קוילנוואַרפערס פון די טאַנקען און טראַנספּאָרט־
מאַשינען. דער הימל איז אָבער געווען ליידיק. פון ביידע זייטן שאָסיי
זיינען געלעגן פלאַכע פעלדער, גרויע און אומעטיקע. די דערפלעך אויס־
געצויגן לענגוים דעם וועג זיינען געווען גערוימע, זייערע הייזער האָבן
זיך געהויבן צום הימל מיט שפּיציקע דעכער. איבער זיי זיינען שטענדיק
געוואַקסן ווינטמילן וועלכע האָבן פריינטלעך געפאָכעט מיט זייערע פליגל.
די שמאָלע געסעלעך פון די קליינע שטעטלעך האָבן זיך אויסגעצייכנט
מיט אַ טאַדלאָזער ריינקייט. קוקנדיק מיט זייטיקע בליקן אַף די שנעל־
לויפנדיקע און טומלענדיקע טאַנקען, זיינען געשטאַנען די האָלענדישע
פרויען און געזייפט דעם רויטן פלאַך פון די טראָטואַרן. עס האָט אויס־
געוויזן, אַז מער פון אַלץ באַאומרואיקט זיי דער געדאַנק אַז אָט וועלן די
ברומענדיקע מאָנסטער־כאַיעס אַרויפקריכן אַפן טראָטואַר און אים פאַר־
שמוצן.

אַף די שוועלן פון זייערע הייזער זיינען געשטאַנען די מענער און
אויך שווייגנדיק געקוקט אַף דעם שטראָם פון דעם קריגס־טראַנספּאָרט.
ערשט אַפן אַנדערן טאָג האָבן זיי אָנגעפאַנגען אַרויסהענגען זייערע נאַ־
ציאָנאַלע פענער, באַפּוצטע מיט אָראַנזש־סטענגעס, דער קאָליר פון קע־
ניגלעכן הויף. די מאָרעשכווירעדיקע און מעלאַנכאָלישע האָלענדער האָבן
ניט געקענט אַרויסווייזן זייער פרייד. זיי פלעגן ניט אויפהויבן זייערע
הענט צו באַגריסן, ניט פאַרוואַרפן די אויטאָמאָבילן פון די אַליאירטע
מיט בלומען, ניט געטאַנצט אין קאַראַהאָד אַרום די טאַנקען. זיי האָבן
ווייטער זיך פאַרנומען מיט זייער וואָכעדיקער אַרבעט, עפּעס ערגעץ ווו
געפאָרן אַף וועלאָסיפּעדן, און געפאָרן זיינען זיי לאַנגזאַם, קוים־קוים
רירנדיק מיט די פיס, פונקט ווי מען זעט דאָס אין קינאָ, ווען עס ווערט
פאַרלאַנגזאַמט דער גאַנג פון פילם.

איינדהאָווען, ווו מיר זיינען אָנגעקומען פאַרנאַכט איז געווען איבער־
געפּולט מיט מאַשינען מיט ברענשטאָף און אַמוניציע. די ענגלענדער
האָבן געשעפטלעך און היימיש־זיכער זיך איינגעאָרדנט אַף נאַכטלעגער,
אויסשטעלנדיק אין קארע זייערע טראַנספּאָרט־מאַשינען אַף די שטאָט־
פּלעצער. זיי האָבן אַף אַזוי פיל פאַרגעסן וועגן דער עקזיסטענץ פון דער
דייטשישער אַוויאַציע, אַז זיי האָבן אַפילע ניט אָנגענומען די עלעמענ־
טאַרסטע פאָרזיכטס־מיטלען.

אַרום און אַרום האָט געווימלט מיט היטלעריסטן, זיי האָבן זיך באַ־
נוצט מיט דער זעלבער טעלעפאָנען־נעץ וואָס די אַליאירטע. אַ ליאַדע

האָלענדער־נאַציסט האָט פראַנק און פריי געקענט אַראָפּנעמען דאָס טרייבל פון אַ טעלעפאָן און זיך פאַרבינדן מיט אַ שכיינישער שטאָט מיט די דייטשן. ווייזט אויס אַז עמיצער האָט אַזוי געטאָן, ווייל באַנאַכט האָט זיך איבער איינדהאָווען באַוויזן די דייטשישע אַוויאַציע און אָנגעפאַנגען צו באָמבאַרדירן יענע גאַסן און פּלעצער ווו עס האָבן זיך איינגעשטעלט אויף איבערנאַכט די לאַסט־וואָגנס מיט ברענשטאָף און אַמוניציע. ס׳איז אַנטשטאַנען אַ גרויסע סרייפע און עס האָבן זיך דערהערט אויפרייסן. די שטאָט איז איצט געוואָרן אויף אַזוי גוט באַלויכטן, אַז די דייטשן האָבן געהאַט די מעגלעכקייט אויסצוקלייבן פאַר אַ ציל באַזונדערע הייזער. זיי האָבן אויסגעפונען און כאָרעוו געמאַכט דעם האָטעל „די קאָמערס״, ווו עס זיינען איינגעשטאַנען די קריגס־קאָרעספּאָנדענטן — ווייזט אויס אַז די שפּיאָנען האָבן אונדז אָנגענומען פאַר שטאַבטוער.

אין אַ פייכטן, קאַלטן פרימאָרגן, אַ באַזונדער טרויעריקן נאָך אַן אומרואיקער נאַכט, זיינען מיר אָפּגעפאָרן ווייטער, נאָכן אַוואַנגאַרד פון דעם 30־טן קאָרפּוס, וועלכער איז שוין אָנגעקומען קיין ניימעגען און פאַרנומען דעם פּלאַץ פון דער אַמעריקאַנער פאַראַשוטיסטן־דיוויזיע. אין אַלע שטעט, אָנהויבנדיק פון וועהעל האָבן געבאַלעבאַטעוועט די אַמעריקאַנער. די פעלדער און לאָנקעס בײַ די טייך־איבערפאָרן זיינען געווען באַשאָטן מיט פאַראַשוטן פון אַלערליי קאָלירן. מיר האָבן זיך פאַרהאַלטן אין גראַווע לעבן דעם בריק איבערן טייך מאַאַס: אַ לאַנגע אויטאָמאָבילן־קאָלאָנע איז איבערגעגאַנגען אויפן צווייטן ברעג. אויף דעם פּלאַץ איז דער טייך געווען ברייט, זיינע ברעגן פּלאַכע און זומפּיקע. די דייטשן, אויס מוירע פאַר אַן איבערפאַל אויפן בריק, האָבן אויסגעבויט אַרום אים זיכערע פעסטונגען, אויפן בריק גופא האָבן זיי אויפגעשטעלט בעטאָנירטע בודקעס, און אונטן האָבן זיי אויסגעבויט קאַזאַרמעס פאַר אַ גאַנצער שוץ־אָפּטיילונג.

די אַמעריקאַנער זיינען אַראָפּגעפאַלן גלייך אויפן קאָפּ די פריצן. די דייטשן, וועלכע האָבן גערוט אין די קאַזאַרמעס, אָדער זיך אַרומגעשלעפּט איבער די ביר־הייזער אין פאָרשטאָט פון גראַווע, האָבן אַפילע קיין צייט ניט געהאַט צו באַנעמען וואָס אַזוינס עס קומט דאָ פאָר, ווי די אַמעריקאַנער האָבן שוין געהאַט פאַרכאַפּט זייערע בלינדאַזשן און בעטאָן־בודקעס. קעדיי צוריק פאַרנעמען דעם בריק האָבן איצט שוין באַדאַרפט אַטאַקירן די דייטשן, ניט די אַמעריקאַנער, האָבן זיי טאַקע אויסגעקליבן בעסער אָפּצוטרעטן אין דער ריכטונג צו דייטשלאַנד.

דער שטאַב פון דעם 30־טן קאָרפּוס האָט זיך באַהאַלטן אין אַ וועלדל גאָר ניט ווייט פון ניימעגען. דער שעף פונעם שטאַב האָט געכוויזעקט איבער די דייטשן, ער האָט פאַרזיכערט אַז קיינמאָל אין לעבן האָט ער זיך ניט געפילט אַזוי געמיטלעך ווי איצט. דורך דער ברייטער עפענונג פון

געצעלט האָט זיך געזען אַ שטיק פֿון אַ געלבן וואַלד, אַף אַ בערגל, אַ גריינער דאַך: דאָרט האָט זיך אָנגעפֿאַנגען דייטשלאַנד. אין האָטעל אונטערן גרינעם דאַך האָט גערוט אַן אָפּטיילונג פֿון פֿאָלקס־גרענאַדירן, וועלכע האָבן אַף דעם אָרט באַשיצט די זיגפֿריד־ליניע — אַזוי האָט געמאָלדן די אויסשפּירונג. אָנווייזנדיק אַף יענעם דאַך, פֿלעגט דער קאָמענדאַנט זאָגן: „ווען זיי וואָלטן געוווּסט ווער עס געפֿינט זיך דאָ אונטער זייערע נעזער...” פֿאַרשטייט זיך, אַז די דייטשן האָבן ניט געוווּסט. נאָר, אָפּשלאָגנדיק זיך פֿון דער אַליִאירטער אַוויאַציע, האָבן זיי, גאַנץ צופֿעליק פֿאַרשטייט זיך, געשיקט אַ גראַנאַט אין דער ריכטונג פֿון דעם שטאַב. דריי שטאַב־אָפֿיצירן זיינען אומגעקומען. די פֿריילעכקייט פֿון שטאַב־שעף איז גיך פֿאַרשוווּנדן געוואָרן, אָבער זוכן אַ צווייטן פּלאַץ פֿאַרן שטאַב איז געווען שפּעט.

די דייטשן האָבן אומבעראַכמאָנעסדיק געהאַמערט איבער דער ערשטער פּאַראַשוטיסטן־דיוויזיע אין אַרנעם. זיי האָבן צובאַקומען הילף פֿון זייער אייגענער פּאַראַשוטיסטן אַרמיי. אַלע אָנשטרענגונגען פֿון די אַליִאירטע צו העלפֿן די ענגלישע דעסאַנט־אָפּטיילונגען האָבן זיך ניט איינגעגעבן. די טאַנקען זיינען פֿאַרהאַלטן געוואָרן אַפֿן העלפֿט וועג צווישן ניימעגען און אַרנעם; ווייטער ווי ביזן ראַנד פֿונעם שטעטל עלסט האָבן זיי די דייטשן ניט דורכגעלאָזט. די לאַגע פֿון דעם 30־טן קאָרפּוס האָט זיך נאָך פֿאַרערגערט דורכדעם, וואָס די דייטשן האָבן זיי איבערגעשניטן דעם וועג צווישן וועהעל און אודען — וואָס איז געווען די איינציקע הינטערלאַנד־פֿאַרבינדונג פֿון דעם קאָרפּוס. דאָס וואָרט „אַרומגערינגלט” האָט ווי אַ הויך פֿון אַן אָנקומענדיקן שטורעם זיך דורכגעטראָגן איבער אַלע אָפּטיילונגען. אַפֿילע די אָפֿיצירן האָבן אַראָפּגעלאָזט די נעזער. דער איינציקער איז געווען נאָר דער גענעראַל האָרראָקס, וועלכער האָט מיט כוויזעק און האָפֿענונג געטײַנעט: „אויסגעצייכנט. זאָלן די דזשעררים בעסער קריכן אַפֿן וועג, איידער אַף מיר. באַ מיר איז איצט ניט פֿאַראַן קיין איין פֿרייער זעלנער”. די זעלנער זיינען געווען פֿאַרנומען מיט אויסברייטערן דעם שמאָלן קאָרידאָר, וועלכן דער קאָרפּוס האָט איינגעשטעלט פֿון דער בעלגישער גרענעץ ביז ניימעגען. זיי האָבן געשטרעבט צו פֿאַרנעמען די וועג־קנופּן, וועלכע זיינען געגאַנגען פּאַראַלעל צו דעם קאָרידאָר. ווי געוויינלעך אין האָלאַנד, קומען זיך צונויף אַלע וועגן באַ די וואַסער־איבערפֿאָרן, דעריבער מיטן פֿאַרנעמען פֿון די וועג־קרייצונגען האָט מען באַקומען ניט נאָר טראַנספּאָרט־פּרעפֿערענצן נאָר אויך זייער גוטע שויך־ און אָנגרייפֿס־פּונקטן.

די קאָמאַנדע פֿון דער צווייטער בריטישער אַרמיי האָט אין אײַלעניש אַריבערגעוואָרפֿן אין האָלאַנד דעם 8־טן און 12־טן קאָרפּוסן. דער 8־טער קאָרפּוס האָט זיך לאַנגזאַם געדרייט מיטן פּאָנים אַף מײַרעוו קעדיי זיך צו באַוועגן צום יאַם. דער 12־טער קאָרפּוס האָט אויך אַזוי לאַנג־

זאָם אָנגעהויבן זיך דורכשלאָגן אַף מיזרעך, צו דער דייטשישער גרענעץ.

זיי האָבן זיך ניט געיאָגט, ווייל זייער אויפגאַבע האָט זיך באַגרענעצט בלויז מיט באַשיצןביידע פליגל פון דעם 30־טן קאָרפּוס, וועמענס געפּאַנצערטער שנאָבל האָט אָן דערפאָלג געפּיקט די דייטשישע פּאָזיציעס אַף צאָפן פון ניימעגען.

סאָף־קאָל־סאָף, האָבן זיך די טאַנקען דורכגעריסן צום אונטערשטן ריין. אָבער אַזוי ווי די אינפאַנטעריע איז געווען אָפּגעשניטן דורך די דייטשן באַ עלסט, האָבן זיי ניט געוואַגט אַפילע זיך דערנעענטערן צום פאָרשטאָט פון אַרנעם. די טאַנקען האָבן זיך פאַרקערעוועט אַף מיַירעוו און פאַרכאַפּט אַ שטיקל ברעג, קימאַט באַ דער שטאָט, אַרונטער מיטן שטראָם פון ריין. אָבער די „קאַטשקעס" האָבן ניט געקענט זיך אַריבעררוקן אַפן אַנדערן ברעג. דער גרונט איז געווען אַף אַזוי פיל זומפּיק, אַז די „אַמפיביען" פלעגן פאַרזינקען אין דער בלאָטע איידער זיי האָבן דערגרייכט צו די טיפערע וואַסערן. ס'איז אויסגעקומען זיך צו באַנוצן מיט פלאַכדעקיקע שיפלעך, נאָר דאָס האָט אויך ניט געבראַכט קיין שום פאַרלייכטערונג.

דער גוירל פון דער דיוויזיע, און צוזאַמען מיט איר אויך דער גוירל פון דער גאַנצער אָפּעראַציע איז שוין געווען געכאַסמעט. אָנשטאָט זיך דורכרייסן צו אַפּעלדאָרן ־ צוואָלע און שפּעטער צו זיודערזעע, איז פאַר דעם 30־טן קאָרפּוס פאַרבליבן אַ גאַנץ באַגרענעצטע אויפגאַבע — אַרויסראַטעווען די רעשטלעך פון דער 1־טער פאַראַשוטיסטן־דיוויזיע. די 43־טע דיוויזיע האָט זיך דערשלאָגן צום ברעג. אונטערן צודעק פון דער נאַכטפינצטערניש האָט זיך אַפן אַנדערן ברעג פון ריין אַריבערגעפּעקלט אַ פּוילישע בריגאַדע, וועלכע האָט פאַרטראָטן די פאַראַשוטיסטן און דערמעגלעכט זייער עוואַקואַציע. נאָר פאַקטיש האָט די דיוויזיע אויפגעהערט צו עקזיסטירן, זי האָט פאַרלוירן דריי פערטל פון איר באַשטאַנד און קימאַט אַלע אָפיצירן. די פּאָליאַקן זיינען צוריק ניט געקומען.

.4

אין יענע אומרואיקע און טרויעריקע טעג זיינען מיר געשטאַנען אין אַ קליינעם האָלענדישן דערפל צוויי קילאָמעטער ווייט פון ניימעגען. אַרום אונדז האָט גערוישט אַ וואַלד, וועלכער האָט זיך געצויגן ביז קיין דייטשלאַנד. די דאָרפישע איינוואוינער זיינען ווי שטענדיק געגאַנגען באַזוכן זייערע קרוווים אַף יענער זייט גרענעץ, אויסנוצנדיק געהיימע סטעזשקעס. אַף דער דריטער נאַכט האָבן די סטעזשקעס אויסגענוצט די דייטשישע „קרוווים". זיי זיינען צוגעקראָכן צו אַ פּאָר טאַנקען, וועלכע האָבן געגעכטיקט הינטער אונדזערע פענצטער און אַוועקגעלייגט אונטער

זיי מינעס. די טאנקיסטן פון דער ערשטער מאשין האָבן אפילו ניט אָרונ־טערגעקוקט אונטערן טאנק. זיי זיינען אריינגעקראָכן אין אים און... אויפגעריסן געוואָרן. זייערע כאווייִרים האָבן זיך ארויסגעראטעוועט נאָר א דאנק דעם, וואָס זיי האָבן ניט באוויזן צו דער צייט לאָזן דעם מאָטאָר. דערהערנדיק אַן אויפרייס האָבן זיי באטראכט זייער טאנק: די מינע איז געווען אריינגעשטעקט פון דער אינעווייניקסטער זייט.

אין די לאנגע, קאלטע אומגעהויער שווארצע נעכט פלעגן מיר זיך פארזאמלען אין דעם קליינעם האטעל, וועלכער איז געשטאנען פונקט אפן שייד־וועג. א כוץ די קארעספאנדענטן און שטאב־אָפיצירן, פלעגן אהער אויך אריינקומען טאנקען־אָפיצירן, וועמענס מאשינען האָבן אריינגעדרונ־גען אין דער זיגפריד־ליניע, צו דארעם פון דעם וואלד; אמאָל פלעגן אויך אריינפאלן אמעריקאנער. דאָס געלונגענע ארויסזעצן זיך פון צוויי אמעריקאנער דיוויזיעס האָט אינגאנצן פארדרייט די קעפ בא די אמערי־קנער; זיי האָבן אפילו ניט געפרווּוט אויסבאהאלטן זייער כוויזעקדיקע באציונג צו די ענגלענדער. איינער א יענקישער וויצלער האָט פארפאסט א וויץ, וועמענס אינהאלט איז באשטאנען אין דעם, אז די ענגלישע גע־נעראלן זיינען פארקראָכן אין א בלאָטע אין ארנעם, און ווען ניט די פאליאקן, וואלטן זיי פון דארט בעשום אויפן ניט ארויס.

די באציונג צווישן די אליאירטע, ווי עס טרעפט בא יעדן קריזיס, איז געוואָרן אלץ מער און מער אָנגעצויגן. זיי פלעגן אָפּלאכן איינע פון די אנדערע, אויפגעבלאָזן זייערע אייגענע קריגס־אָנשטרענגונגען, אינ־טריגירט.

די ענגלענדער זיינען ארויס פון די קיילים ווען די אמעריקאנער האָבן געוואלט צעבלאָזן דעם דערפאָלג פון זייערע פאראשוטיסטן. די אָפּטיילונג פאר געזעלשאפטלעכער פארבינדונג באם שייף, וועלכע האָט זיך איצט געפונען אין די הענט פון די אמעריקאנער האָט אריינגעשיקט פון פאריז קיין האלאנד א פילצאליקע גרופּע קריגס־קארעספּאנדענטן. צענדליקער אמעריקאנער און אליאירטע קארעספאנדענטן האָבן געמישטערט אין דער אומגעגנט פון גראווע, ניימעגען און וועהעל, אויסגעפרעגט בא די אמע־ריקאנער פאראשוטיסטן וועגן זייער שפּרונג, פארפאסט אייגענע דערציי־לונגען און ריוואליזירט אין דער באפּוצונג פון זייערע פאנטאזיעס. ספּע־ציעלע ראדיא־ספּיקערס האָבן פארגאָסן גאנץ אמעריקע מיט א שטראָם פון באגייסטערטע באשרייבונגען, די אגענטור פלעגט זיי פארשפּרייטן איבער דער גאָרער וועלט. די קארעספאנדענטן האָבן באזוכט אויך די רעשטלעך פון דער ערשטער בריטישער פאראשוטיסטן־דיוויזיע. אפן שווארצן פאָן פון דער ענגלישער מאפּאלע האָט זיך נאָך בוילעטער אויס־געטיילט דער אמעריקאנער דערפאָלג.

ווען די ענגלענדער פלעגן פארבלייבן אליין, פלעגן זיי ריידן, ריידן און ריידן. זיי האָבן קריטיקירט זייער מיליטערישע אָנפירערשאפט, וועל־

כע ווערט קלוימערשט געפירט אַף אַ שטריקל פון די אַמעריקאַנער. זיי פלעגן ווערן אויפגערעגט פון טשווירטשילס רעאַקציאָנערע טריקן, וועלכע דערוווייטערן אייראָפּע אַלץ מער און מער פון ענגלאַנד. אין זייערע גע־שפּרעכן האָט זיך געפּילט אַ פאַרדרוס, וואָס די פאַרייניקטע שטאַטן האָבן פאַרכאַפּט פאַר זיך די רייכטימער פון פראַנצויזישער צפון־אַפריקע און איצט דערקלייבן זיי זיך שוין צו דער ווירטשאַפט פון דער מעטראָפּאָליע גופא. די אַמעריקאַנער האָבן שוין געהאַט דורכגעפירט בענזין־רערן ניט נאָר צו די מיליטערישע באַזעס, נאָר אַפילע אויך צו די פראַנצויזישע אינדוסטריעלע פונקטן. קוים פלעגן די יענקים פאַרנעמען אַ פראַנצויזישן עראָדראָם, פלעגן זיי גלייך קונציק אַפּדינגען אים אַף צענדליקער יאָרן, פונקט ווי זיי וואָלטן גערעכנט פירן מיט די דייטשן אַ מילכאָמע גאַנצע יאָרהונדערטער. מאַקמיללאַן, דער קאָרעספּאָנדענט פון דער „בריטיש יו־נייטעד פּרעס" האָט מאָרעשכווירעדיק פעסטגעשטעלט, אַז די אַמעריקאַ־נער האָבן בעדייע אַרויסצושטופּן די ענגלענדער פון דעם אייראָפּעישן קאָנטינענט. דער אויסטראַליער עריק באַום פלעגט דערצו צוגעבן אַז די שעדלעכע אַמעריקאַנער זיינען גרייט אַרויסצושטויסן די ענגלענדער פון מיטעלן מיזרעך און פון גאַנץ אַפריקע.

די ענגלענדער האָבן באַשולדיקט דער „דינסט פאַר געזעלשאַפטלע־כער פאַרבינדונג" פון שייך אין אַן איינזייטיקער באַלויכטונג פון דעם גאַנג פון דער מילכאָמע. דעם גאַנצן האַניק — פאַר די אַמעריקאַנער, און די בּמאָלע — פאַר די ענגלענדער. יעדנפאַלס איז דאָס, לויט זייערע רייד, גאָר ניט געווען קיין ווונדער: דאָס דינסט האָט זיך געפונען אין די יענקישע הענט — „באַ די צאָלרייכע פאַלקאָווניקעס, פאַדפאַלקאָווניקעס און מאַיאָרן". די ענגלישע אַרמיי איז דאָרטן געווען פאַרטראָטן דורך „עפּעס אַן אונגאַר, אָדער אַ רומענער אָדער דורך גאָר דער רועך ווייסט וועמען".

די מענטשן פלעגן זייער שנעל זיך אויפרעגן און שאַרפע ווערטלעך פלעגן זיך אַליין רייסן פון דער צונג. „דאָס אַרומרינגלען" האָט זיך גע־לאָזט פילן. די דייטשן פלעגן צעשיסן יעדן איינעם וועמען זיי האָבן נאָר געפאַנגען אַפן איבערגעשניטענעם וועג. דאָס איז געווען לויטן באַפעל פון דעם נייעם קאָמענדאַנט פון דייטשישן מײַרעוו־פראָנט יאָדעל, וועלכער האָט פאַראָרדנט ניט נעמען קיין קריגס־געפאַנגענע און טויטן די פאַר־וווּנדעטע. די דייטשן האָבן אַרויסגעשיקט אַ גרעסערע גרופּע פון האָלענ־דישע פאַשיסטן אַף דער טעריטאָריע וועלכע איז געווען פאַרנומען דורך די אַליאירטע, מיט אַ באַפעל צו שיסן פון די ווינקלען אין איינצלנע זעלנער און אָפיצירן. די מילכאָמע איז אינגאַנצן אַרויס פון די גרענעצן פון אַ ריטערלעכן טורניר וועגן וועלכן די ענגלענדער האָבן אַזוי ליב גע־האַט צו ריידן.

מיר האָבן געפּרוּווט זיך דורכרייסן דורך דער אַרומרינגלונג קיין בעלגיע קעדיי צוקומען צום אַמעריקאַנער פראָנט, וועלכער האָט זיך גע־צויגן אַלץ נענטער און נענטער צו דער דייטשישער גרענעץ. ס'איז פאַר אונדז געוועזן קלאָר, אַז די האָלענדישע אָפּענסיווע איז אויף אַ לאַנגער צייט געבליבן פּאַראַליזירט. און מיר האָבן ניט געהאַט קיין טאָעס. דער פראָנט אין האָלאַנד איז אין טאָך פאַרבליבן אַן ענדערונגען ביזן פולשטענדיקן צוזאַמענברוך פון דייטשלאַנד.



# „איינערלעכע סאָנים"

## 1.

אַלע אָפיצירן און זעלנער פון דער 2־טער בריטישער אַרמיי האָבן זייער ווייטיקלעך אויפגענומען דעם דורכפאַל פונעם שטוים אַף אַרנעם. אַלע זיינען ארומגעגאנגען מאַרעשכוירעדיק. די אָפיצירן האָבן שאַרף קריטיקירט זייערע אָנפירער און איבערהויפּט אָנגעפאַלן אַף מאָנטגאָמערין. מען האָט אים באַשולדיקט אין אומפאַרזיכטיקייט, אין לייכטזיניקן אוואַנטוריזם און אין שפּילן אַף „עפּשער".

עס זיינען אָנגעקומען אַפן פראָנט מיליטערישע באַאָבאַכטער פון די לאָנדאָנער צייטונגען. דאָס זיינען געווען יענע מענטשן, וועלכע פלעגן אַלס פאָרשטייער פון דער גזועלשאַפטלעכער מיינונג, אָפּשאַצן דעם גאַנג פון די קריגס־אָפּעראַציעס, געמישפּעט, געטאַדלט און אויך געלערנט די גענעראַלן. די גענעראַלן פלעגן ווייניק וואָס זיך רעכענען מיט זייערע אייצעס, אָבער די מיליאָנען לייענער פלעגן אויפנעמען זייער שרייבעכץ, ווי רעוועלאַציעס פון מאָדערנע נעוויאים. זיי פלעגן שאַפן רום און קאַרעד פאַר געוויסע גענעראַלן, און אויך „אין אַ פריילעכער שטימונג" מאַכן מיליטערישע אָנפירער מיט דער בלאָטע גלייך.

מאָנטגאָמערי, וועלכער האָט געשטרעבט נויטע כיין זיין באַ די „פּאַבריקאַנטן" פון דער גזועלשאַפטלעכער מיינונג, האָט זיי איינגעלאַדן צו זיך און געפירט מיט זיי לאַנגע געשפּרעכן. ער האָט אָנערקענט זיין דורכפאַל אין דער האָלענדישער אָפּעראַציע, אָבער די שולד האָט ער אַרויפגעלייגט אַפן וועטער, וועלכער האָט אים אונטערגעפירט. מאָנטגאָמערי האָט זיי צוגעזאָגט ניט אונטערצונעמען קיין ערנסטע אָפענסיווע ביזן פרילינג. ער האָט זיך געגרייט איבערוואַרטן דעם ווינטער אַף די פאַרנומענע פּאָזיציעס און פאַר קיין געלט ניט געוואָלט גיין אום ווינטער איבערן ריין. דער פעלדמאַרשאַל האָט נאָכאַמאָל אונטערגעשטראָכן אַז ער האָט אַ באַפעל צו שאַנעווען ענגליש בלוט, און דאָס איז ער גרייט דורכצופירן.

צו די קריגס־קאָרעספּאָנדענטן איז געקומען צופאָרן דער שעף פון דעם שטאַב פון דער 21־סטער אַרמיי, דער גענעראַל היוּאינגגאַן אַליין. דער גענעראַל האָט זיך אויסגעצייכנט מיט אַ קלאָרן קאָפּ, מיט דער קונסט צו ריידן פּאָשעט, גלייך און בילדעריש. אַלע האָבן אים געגלויבט, ווייל ער האָט שטענדיק געוווּסט, וואָס ער זאָגט. זיין לאַנגן באַריכט האָט דער

שעף געווידמעט אַף צו באַשטעטיקן דעם פּאַשעטן געדאַנק אַז די 21־סטע גרופּע איז ניט אימשטאַנד אונטערנעמען אַן אָפענסיווע אום ווינטער. ער האָט פאַרזיכערט, אַז די דייטשן זיינען, קלוימערשט, שוין געקומען צו זיך נאָך דער האַרבסטיקער מאַפּאָלע אין פראַנקרייך. כאָטש דעם האָבן די אַליאירטע שוין דערגאַנגען ביז צו דער אינערלעכער שוץ־ליניע פון דייטשלאַנד, וועלכע עס איז אומעגלעך דורכצוררייסן אַזוי אין גאַנג, מען מוז זי דורכברעכן. און דאָס פאָדערט זייער פיל קויכעס, אַ סאַך אַמוניציע און קריגס־מאַטעריאַל. אַזאַ מין אָנשטרענגונג איז, ווי עס האָט געפּרוּווט איבערצייגן דער באַריכט־אָפּגעבער, איבער די מעגלעכקייטן פון די אַליאירטע, זייערע קאָמוניקאַציע־ליניעס זיינען שטאַרק אויסגעצויגן, דער טראַנספּאָרט־מאַטעריאַל — אָפּגענוצט. דער שעף האָט אַפילע פאַרגליכן די איצטיקע לאַגע פון די אַליאירטע מיט דער לאַגע פון די דייטשן פאַריקן זומער. דער שעף פון שטאַב האָט גערעכנט, אַז עס איז שוין פאַריבער די צייט פון לייכטע דערפאָלגן, אַז די קויכעס־פאַרהעלטעניש אַפן מיירעוו איז היינט צו טאָג ניט צום גונסטן פון די אַליאירטע און דעריבער וואָלט געווען זייער ניט־קלוג אָנצוהויבן וויכטיקע אָפּעראַציעס איידער דער פרילינג וועט אָנקומען.

נאָך די ווערטער זיינען געקומען מעשׂים. מאָנטגאָמערי האָט פאַרארדנט אַ צווייוואָכיקן אורלויב פאַר דער גאַנצער אַרמיי. די זעלנער און אָפיצירן וועלכע האָבן געוואָלט פאַרברענגען דעם אורלויב באַ זיך אינדערהיים אין ענגלאַנד האָט מען געגעבן טראַנספּאָרט־מעגלעכקייטן אַף אַהין און צוריק. אויך די קאַנאַדער האָט מען געשיקט קיין ענגלאַנד, דאָך האָבן אייניקע פון זיי באַוויזן די קונץ און זיך דערקליבן ביז קאַנאַדע. אין דער צייט ווען אַן אַכטל פון דער אַרמיי האָט גערוט אין ענגלאַנד און צוויי אַכטל האָבן זיך געפונען אין וועג אַהין און צוריק, האָבן די איבעריקע אָפיצירן און זעלנער פריי און רואיק זיך געלעבט אין די בעלגישע און האָלענדישע שטעטלעך, ניט אָנגערירטע פון מילכאָמע, און געוואַרט אַף זייער ריי, אַף אורלויב. אַף צו פאַרווײַלן די ענגלענדער, האָט מען געעפנט קלובן, טאַנץ־זאַלן, קינאָמאַטאָגראַפן, ביר־הייזער און רעסטאָראַנען. די טעגלעכע פאָרציע פון ביר און וויסקי איז פאַרגרעסערט געוואָרן. בריסל איז געוואָרן אַ שטאָט פון אָפּרו און פאַרווײַלונג פאַר דער גאַנצער אַרמיי. די מערסטע האָטעלן זיינען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אָפּרו־הייזער פאַר אָפיצירן. אין דעם גרעסטן האָטעל „מעטראָפּאָל" איז געעפנט געוואָרן אַ קלוב פאַר זעלנער. אין די דערבייאיקע זייטיקע געסלעך זיינען דערשינען נאַכט־לאָקאַלן און טאַנץ־לאָקאַלן. מענער בעלגיער האָט מען אַהין ניט אַריינגעלאָזט און בעלגישע פרויען האָבן געקענט אַהין אַריינגיין נאָר באַגלייט פון אַ מאַן אין אַן אוניפאָרם פון דער אַליאירטער אַרמיי. און האַגאַם אין לעאָפּאָלד־קאַנאַל זיינען נאָך געזעסן דייטשן, איז בריסל ווייניקער פון אַלץ געווען ענלעך אַף אַ פראָנט־שטאָט

מיט קריגס־צושטאַנד און פּאָליציייִאישער שאַ. הויפּטזעכלעך אין די וואַ־רעמע און פינצטערע אָוונטן פלעגן איבער די פּאַרטונקלטע גאַסן און געסלעך אַרומשפּאַצירן טויזנטער זעלנער און אָפיצירן. פון די אָפענע טירן פון די צאָלרייכע קאַפע־הייזער האָבן זיך געטראָגן קלאַנגען פון מו־זיק, געשרייען פון שיכּורע אָפיצירן און סאָלדאַטן און דער הילך פון הונדערטער טאַנצנדיקע פיס: די אַרמיי האָט געהוליעט.

אָבער בריסל איז ניט געווען די איינציקע שטאָט. אויך פּאַריז ווו מיר זיינען אָנגעקומען מיט אַ צייט שפּעטער איז געווען פאַרכאַפּט מיט דער זעלבער פרייליכקייט. די מיליטערישע מאַכט האָט רעקווירירט אין דער פראַנצויזישער הויפּטשטאָט די האָטעלן, רעסטאָראַנען און אַלע גע־רוימע און שיינע לאָקאַלן. אַף יעדן ראָג גאַס איז געבוירן געוואָרן אַ קלוב. זיי זיינען פאַרפולט געוואָרן מיט אָפיצירן פון פאַרשיידענע ראַנגען און מיליטער־אָפּטיילונגען. די אַמעריקאַנער זיינען געווען פיל גרויסמוטיקער פון די ענגלענדער: לעהייפּעך צו זיי האָבן זיי דערלויבט די אָפיצירן צו שפּייזן זייערע דאַמען, און דאָס איז געווען זייער אַ וויכטיקער איניען אין דעם הונגעריקן פּאַריז. איבער די גרויסע בולוואַרן האָט זיך ביז שפּעט באַנאַכט געקייקלט אַ מענטשן־שטראָם: דער גרינער קאָליר פון מיליטערישע אוניפאָרמען האָט געדעקט אַלע אַנדערע קאָלירן. אַף די „שאַנס־עליזעע", די ברעגן פון טייך סענאַ, אונטער די באַרימטע קאַשטאַ־נען־ביימער פלעגן מאַסנווייז אַרומשפּאַצירן די אַמעריקאַנער זעלנער און נאָך זיי פלעגן אויך אין מאַסן זיך אַ לאָז טאָן די פּאַריזער מיידלעך: די קעשענעס פון די רייכע יענקים זיינען שטענדיק געווען געפּאַקט מיט שאָקאָלאַד און פּאַפּיראָסן. אַפילו דער בולאָנער וואַלד איז געווען געפּאַקט מיט אַמעריקאַנער.

ערעוו מיין אָפּפליען קיין לאָנדאָן האָט דער גענעראַל אייזענהאַוער איינגעלאַדן צו זיך אַ היפּשע גרופּע קריגס־קאָרעספּאָנדענטן. דער גענע־ראַל איז נאָך אַלץ געווען אָנגעטאָן אין זיין פעלד־אוניפאָרם אין וועלכן איך האָב אים געזען נאָך מיט זעקס כאָדאָשים צוריק אין דער ענגלישער הויפּטשטאָט. ער איז געווען בלייך, אויסגעמאַטערט, מיט אָנגעלאָפענע זעקלעך אונטער די אויגן.

ער האָט געלויבט די ענגלענדער פאַר זייער אַרויסזעצן זיך באַ אַר־נעם און גערדאָט מיט צעשמעטערן אַף פּיץ פּיצלעך יענע דייטשישע אָפּטיילונגען, וועלכע שטערן די אַמעריקאַנער צום צאָפן פון אַכען, אָבער מאַכן אַ קאָנקרעטע אָפּשאַצונג פון דער אַלגעמיינער לאַגע אַפן מײַרעוו־פראָנט האָט ער זיך אָפּגעזאָגט. דער גענעראַל איז מוידע געווען, אַז די צייט האָט זיך געענדערט און די דייטשן זיינען איצט גרייט צו שטעלן אַ ווידערשטאַנד.

דער גענעראַל האָט אונטערגעשטראָכן, אַז עס איז אומבאַדינגט נוי־טיק אָפּצורייניקן דעם הינטערלאַנד (אין אַלע אַרומגערינגלט פּאָרטן זיי־

נען נאָך געזעסן דייטשישע גאַרניזאָנען) און אַז מען מוז איינשטעלן דעם טראַנספּאָרט. די אַליאירטע האָבן דערקלערט אַלע פראַנצויזישע מעלו־כעשע וועגן פאַר מיליטערישע, פאַרווערט דער ציווילער באַפעלקערונג דעם דורכפאָר, איינגעפירט אַן איינזייטיקע רייזע־ריכטונג און איינגע־אָרדנט עקסטראַ שנעלע מאַרשרוטן. אַ שטראָם פון געווער, אַמוניציע און באַשפּייזונג האָט אָנגעהויבן פליסן פון שערבורג ביז צו די גרענעצן פון דייטשלאַנד. ברענשטאָף האָט מען צוגעשטעלט דורך רערן, פאַרלייגטע אַפן גרונט פון פּאַ דע קאַלע דורכגוס און פון דעם ברעג פלעגט מען אים איבערשיקן דורך אַ פאַרצווייגטער רערן־נעץ אין אַלע ריכטונגען.

אַף דער אָנפראַגע פון די קאָרעספּאָנדענטן אויב די מילכאָמע וועט פאַרענדיקט ווערן אין 1944, האָט דער גענעראַל נאָר אַ הויב געטאָן מיט די פּלייצעס: די פאַרבליבענע צוויי מיט אַ האַלבן מאָנאַטן, האָבן דער־ווייל קיין גוטס ניט צוגעזאָגט.

אַפן אַנדערן פרימאָרגן פאָרנדיק צום אַעראָדראָם האָב איך מיך גע־טראָפן אין זעלבן אויטאָ מיט אַ מאַיאָר פון דער 3־טער אַמעריקאַנער אַרמיי. ער האָט גאָר ניט געפּרווט אויסבאַהאַלטן זיין קריטישע שטימונג, ער איז געווען אויפגערעגט פון דער לאַנגזאַמקייט פון שייפס טעטיקייט, פון דער פאַרשלעפונגס־טאַקטיק פון די ענגלענדער. דער מאַיאָר האָט פאַרזיכערט, אַז די מילכאָמע האָט מען געקענט פאַרענדיקן אין אייראָפּע שוין אין האַרבסט פון 1944, ווען אייזענהאַוער וואָלט דערלויבט דעם גענעראַל פּאַטאָן אַריינרייסן זיך מיט זיין אַרמיי קיין דייטשלאַנד. ער האָט פעסטגעשטעלט, אַז פונקט אין יענער צייט ווען פּאַטאָן האָט זיך אָנגע־צילט אַפן ריין, האָט מען די דריטע אַרמיי איבערגעלאָזט אָן אַמוניציע און אָן ברענשטאָף. מיט די ערגסטע ווערטער האָט דער מאַיאָר געזידלט דעם שייף, ניט געקוקט אַף דעם וואָס דאָרט האָבן געהאַט די אויבער־האַנט די אַמעריקאַנער, געמאַכט צו בלאָטע גלייך פּאַריז, לאָנדאָן און מיט זיי צוזאַמען אויך די גאַנצע איבעריקע וועלט. ער האָט מיר געראַטן אַוועקוואַרפן דעם מיַירעוו־פּראָנט און פאָרן צוריק אַהיים. נאָר דאָס איז ניט געווען אָפּהענגיק פון מיר. נאָך מיין באַזוך אין לאָנדאָן, האָב איך זיך ווי׳ער אומגעקערט קיין בעלגיע.

.2

דאָס אומקערן זיך צוריק קיין בריסל איז ניט געווען קיין איבעריק־פריידיקע. וועגן דער אָנגעשטרענגטער לאַגע אין דער בעלגישער הויפּט־שטאָט זיינען דערגאַנגען קלאַנגען ביז לאָנדאָן. נאָך אַפן קראָידאָנער עראָ־דראָם האָב איך מיך באַקענט מיט איינעם פון די מיניסטערס פון פּיער־לאָס נייער רעגירונג. דער מיניסטער האָט פאַרבראַכט מער ווי פיר יאָר אין דער עמיגראַציע, די אַלע נייע מענטשן, וועלכע זיינען אויסגעוואַקסן

אין אונטערערדישן קאַמף און געשטאַנען אין דער שפּיץ פֿון די פֿאָלקס־מאַסן, זיינען אים געווען פֿרעמד. וואָס עמעס איז עמעס, דער מיניסטער האָט ניט געצווייפֿלט אין זייער פּאַטריאָטיזם, ער האָט אָבער „מוירע גע־האַט" זיי אָנפֿאַרטרויען די אָנפֿירערשאַפֿט אין רעגירונגס־איניאָנים. ער האָט אַלץ געוואָלט מיר אויפֿקלערן, אַז העלדישקייט און רעגירונגס־פֿאַר־אַנטוואָרטלעכקייט — זיינען צוויי פֿאַרשיידענע זאַכן. דער מיניסטער האָט זייער גערן אָפּגעטראָטן די העלדישקייט פֿאַר די פּאַרטיזאַנער און פֿירער פֿון דער רעסיסטענץ־באַוועגונג, און פֿאַר זיך איבערגעלאָזט די אָנפֿירערשאַפֿט מיטן לאַנד. קריטיקירנדיק זייער פֿאַרזיכטיק דעם אייראָפּע־אישן „לינקן גוווּיטער", האָט ער אויסגעדריקט זיין זיכערקייט אין דעם, אַז די „קרענק" וועט פֿאַרבייגיין, ווי נאָר עס וועלן זיך איינשטעלן נאָרמאַלע עקאָנאָמישע באַדינגונגען אין די באַפֿרייטע לענדער, ד. ה. ווען עס וועט זיין גענוג ברויט, קליידער און וואַרעמקייט.

דעם מיניסטערס באַגלייטער, אַן עלטערער פֿאָלקאָווניק, וועלכער האָט זיך יונגטלעך געהאַלטן, איז געווען אַ סך מער אַנטשלאָסן. ער האָט פֿאָרגעשלאָגן צו קעמפֿן מיטן „געוויטער", איידער עס האָט זיך נאָך ניט צופֿיל פֿאַרשפּרייט און נאָך ניט אַריינגעדרונגען צו טיף. אַרויס־שפּאַרנדיק פֿאָרויס זיין ענגן ברוסט־קאַסטן, אויף וועלכן עס האָבן גע־לויכטן אַזוי פֿיל אויסצייכענונגס־סטענגעס, — וועלכע, מיר דוכט, וואָלטן געסטייעט אַן אַרמיי־אָנפֿירער צו באַזיגן די גאַנצע וועלט, — האָט דער פֿאָלקאָווניק געפֿאָדערט „אָוועקשטעלן די אַרויסגעשפּרונגענע לוי־איצ־לעכס אויף זייער געהעריקן פּלאַץ". אַזאַ מין שאַרפֿע אָפּנהאַרציקייט פֿון דעם „קעמפֿער", האָט אַ ביסל שאָקירט דעם מיניסטער. ער האָט אָנגע־הויבן איבערזעצן דעם פֿאָלקאָווניקס פֿאָדערונג אויף אַ זייער פֿאַרפֿלאָנ־טערטן לאָשן פֿון אַ געניטן פּאָליטיקער: ער וויל ניט, פֿאַרשטייט איר מיך, אַרויפֿוואַרפֿן אַ לאַסט אויף מענטשן וועלכע זיינען ניט צוגעגרייט צו אַזאַ שווערער אַרבעט ווי די מאַכט און רעגירונגס־פֿאַראַנטוואָרט־לעכקייט.

דער פֿאָלקאָווניק, וועלכער האָט זיך פּלוצלינג דערוווּסט אַז קעגנ־איבער אים זיצט ניט קיין ענגלישער, נאָר אַ סאָוועטישער קאָרעספּאָנ־דענט, האָט געפּרוּווט פֿאַריכטן זיין טאָעס. נאָר אין דער צייט האָט מען פֿאַרהאַקט די טירן פֿון דעם אַעראָפּלאַן, די מאָטאָרן האָבן אָנגעפֿאַנגען צו ברומען און דער אַוויאָן, שפּרינגענדיק און טרייסלענדיק אונדז האָט זיך געלאָזט צום פֿלי. שוין אין דער לופֿטן האָט זיך דער פֿאָלקאָווניק פֿאָרט דערקליבן צו מיר און אַ מינוט פּופֿצן דורכאַנאַנד זיך אָנגעשטערנגט — שרייענדיק מיר אין אויער אַריין — מיך אין עפּעס איבערצייגן, אַז איך זאָל ניט אויסטייטשן פֿאַלש זיין שטאַנדפּונקט.

די לאַגע אין בריסל איז טאַקע אין דער עמעסן געווען אַן אָנגע־שטרענגטע. דאָס לאַנד איז געווען צעטיילט ניט נאָר פּאָליטיש, נאָר אויך

נאַציאָנאַל. די 4־יאָריקע הערשאַפט פון די דייטשן האָט נאָך מער פאַרשטאַרקט דעם אַנטאַגאָניזם צווישן די פלעמער, וועלכע האָבן באַוואוינט דעם צאָפן און צאָפן־מיזרעך פון בעלגיע, און גערעדט אַף אַ שפּראַך ענלעך צו דייטש, און די וואַלאָנער, וואָס האָבן גערעדט אַף איינעם פון די פראַנצויזישע דיאַלעקטן און געוואוינט אין דאָרעם און דאָרעם־מיַירעוו.

די דייטשן פלעגן שיצן די ערשטע און זיי דערהויבן ביז צום ראַנג פון „אַריער", און די צווייטע פאַרפאָלגט און געדראָט צונעמען באַ זיי די זעלבסטשטענדיקייט פאַרייינקנדיק זיי מיט דער ווישי־פראַנקרייך (דאָס האָבן אָפן געפאָדערט די פראַנצויזישע פאַשיסטן), דעריבער האָט אָט דאָס קליינע, צווייפעלקערישע, און צווייישפּראַכיקע לענדלע זיך צעגאַנגען אין אָט דעם עטנישן נאָט.

וואָס שייעך דעם קעניגלעכן הויף, וועלכער האָט אין די פריערדיקע צייטן געשפּילט אַ ראָל פון אַ געאייניקטן דאַך איבער די צוויי פעלקער, האָט ער זיך איצט אויך געשפּאָלטן. דער קעניג לעאָפּאָלד אַליין, וועמענס פּראָ־דייטשישע סימפּאַטיעס זיינען ניט געווען קיין סאָד (זיין מוטער איז געווען אַ דייטשקע), האָט בעיים דער מילכאָמע אָפן זיך געשטעלט אַפן צאַד פון די דייטשן. זיין ברודער שאַרל, וועלכער איז אויסגעוואַקסן אין ענגלאַנד און פאַרענדיקט אַן ענגלישע מיליטערישע פלאָט־שול, האָט גאַנץ עפנטלעך געהאַלטן מיט לאָנדאָן.

דער שפּאַלט אין דער קעניגלעכער מישפּאָכע איז געווען נאָר אַן אָפּשפּיגלונג פון אַן אַנדערן מער ערנסטן און טיפערן אָפּגרענעצן זיך פון די פּראָ־דייטשישע און פּראָ־ענגלישע קויכעס אין דער עקאָנאָמיק, פּאָליטיק און קולטור פון בעלגיע. אָט דאָס אָפּגרענעצן זיך איז געגאַנגען פון אויבן אַראָפּ. דער פינאַנציעלער און אינדוסטירעלער קאָנצערן „סאָסיעטע זשענעראַל", וועלכער האָט אַף דעם אָדער אַנדער אויפן קאָנטראָלירט זעכציק פּראָצענט פון דער בעלגישער אינדוסטריע און האַנדל האָט זיך באַזירט אַפן ענגלישן קאַפּיטאַל. דער צווייטער קאָנצערן „באַנק דע ברי־סעל", וועלכער האָט אָנגעפירט מיט די איבעריקע פערציק פּראָצענט פון דער בעלגישער עקאָנאָמיק, האָט געהאַט אַלס באַזע דעם דייטשישן קאַפּיטאַל.

אָט די דאָזיקע בוילעטע צוריקגעשטאַנענקייט פון דייטשישן איינפלוס אין דער אינדוסטריע, האַנדל און פינאַנץ, האָט זיך פּילפּאַכיק קאָמפּענסירט מיט דער פולשטענדיקער דייטשישער הערשאַפט אין דער אַגריקולטור: די גוטבאַזיצערישע אַריסטאָקראַטיע, אָפּט פאַרבינדענע דורך קרויוועשאַפט מיט די דייטשן, וועלכע פלעגט צושטעלן פאַרן לאַנד דאָס אָפּיצירנטום און העכערע באַאַמטע, איז געווען פולשטענדיק אַפן זייט פון די דייטשן.

מיטן קומען פון דעם ענגלישן מיליטער קיין בעלגיע, וועלכע האָבן אַגעוו אויך מיטגעבראַכט מיט זיך דעם פּרינץ שאַרל און אים באַשטימט

פאַר אַ רעגענט, האָט זיך גלײַך און שאַרף געענדערט יענע פאַרמילכאָמע־דיקע גלײַכגעוויכט צווישן די פראָ־ענגלישע און פראָ־דײַטשישע קויכעס. די ענגלענדער האָבן אָנגעהויבן אַנטשלאָסן פאַרשלינגען די אַלע פראָ־דײַטשישע עלעמענטן אין דער אינדוסטריע און אין די פינאַנסן. דער פראָ־ענגלישער, אָדער ריכטיקער געזאָגט דער ענגלישער קאָנצערן „סאָסיעטע זשענעראַל” האָט אָנגעהויבן ווערן קימאַט דער פולשטענדיקער באַלעבאָס איבער דעם עקאָנאָמישן לעבן פונעם לאַנד, כאָטש די ענגלענדער האָבן איבערגעלאָזט „אַף דערווײַל” פאַר זיך דאָס אומטײַלבאַרע באַלעבאַטעווען אין דעם בעלגישן קאָנגאָ.

די אַלע פראָ־דײַטשישע קויכעס, פאַרלירנדיק זייער אַמאָליקן אָנשפּאַר, האָבן דאָך געפּרוּווט אײַנהאַלטן זייערע אַלטע פּאָזיציעס, און זיי האָבן געזוכט אַ נײַע שטיצע אין לאַנד ווי אויך אויסער דעם לאַנד. נאָכן קומען פון די אַליאירטע האָט דער „באַנק דע ברויסעל” אָנגעהויבן אַרויסלאָזן אַ צײַטשריפט מיט אַ „דעמאָקראַטישער ריכטונג”. די אַלע פּאָליטישע גרופּירונגען וועלכע זײַנען געשטאַנען הינטער אים האָבן געזוכט אָנצוקניפּן פאַרבינדונגען מיט ענלעכע פראַנצויזישע גרופּעס. אָבער די אַלע באַמיִונגען האָבן ניט געהאַט קיין דערפאָלג. און דאַן זײַנען די אַלע געוועזענע גערמאַנאָפילן אַריבערגעגאַנגען צום ענגלישן צאַד און זיך באַמיט צו פאַרגלעטן זייערע אַלטע כאַטאָים מיט אַן אָפענער געטרײַשאַפט צו די נײַע באַלעבאַטים.

נאָר די אומאָפּהענגיקע און פרײַע שטימע פון די עכטע פאָלקס־דעמאָקראַטישע אָרגאַניזאַציעס, וועלכע האָבן זיך געשטאַרקט און אַנטוויקלט אין דעם גאַנג פון דעם פּאַטריאָטישן קאַמף מיט די דײַטשישע פאַרכאַפּער — און וועלכע האָבן געזען אַ באַגײַסטערנדיקן בײַשפּיל אין דער הייליקער מילכאָמע פון דעם סאָוועטישן פאָלק, — האָט געקלונגען ווי אַ שאַרפער דיסאָנאַנס אין דעם אַלגעמיינעם פראָ־ענגלישן כאָר. דעריבער זײַנען אַלע אָנשטרענגונגען פון דער נײַער בעלגישער רעגירונג, וועלכע איז אָנגעקומען מיטן רעטאַגוואַרד פון דער ענגלישער אַרמיי, געווען אָנגעווענדעט אַף צו דערשטיקן אָט די שטימע.

די רעגירונג פון דעם קאַטאָליק פּיערלאָ, וועלכע האָט דעם 2־טן סעפּטעמבער 1944 פאַרורטײלט דעם אויפרוף פון דעם נאַציאָנאַלן ווידערשטאַנד־קאָמיטעט צו אַן אויפשטאַנד קעגן די דײַטשן (מיט אַ טאָג שפּעטער נאָך אַ געלונגענעם אַרויסטריט פון די בעלגישע פּאַטריאָטן, האָט ער אים גוטגעהייסן), האָט אָנגעהויבן אַן אָפענסיווע קעגן די פּאַטריאָטישע אָרגאַניזאַציעס פון דעם נאַציאָנאַלן אומאָפּהענגיקייטס־פראָנט און קעגן זײַנע באַוואָפנטע קויכעס — די פּאַרטיזאַנער־אָפּטײלונגען. די רעגירונג האָט באַשלאָסן קוידעמקאָל צו אַנטוואָפענען אַלע פּאַטריאָטן און שפּעטער אָנפאַנגען אָפן דורכפירן איר רעאַקציאָנערן פּראָגראַם פון אײַנקלעמען די פאָלקס־רעכטן און פרײַהייטן. די פּאַרטיזאַנער האָבן זיך

אָפּגעזאָגט צו אַנטוואָפּענען: די דייטשן זיינען נאָך געזעסן אין לעאָ־פּאָלדס קאַנאַל און הינטער דער שעלדאַ. אַף וויפל עס איז געווען ריכטיק דער באַשלוס פון די פּאַרטיזאַנער, האָט באַוויזן גאָר אינגיכן די אָרדענער קאָנטראָאָפענסיווע פון די דייטשן. די אַליאירטע קאָמאַנדע איז געווען געצוווּנגען געבן די פּאַרטיזאַנער נאָך מער געווער און זיי אַ וואָרף טאָן אַפן פראָנט. די קאָמוניסטן, וועלכע האָבן זיך מיט רעכט גערעכנט פאַר דער נעשאָמע פון דער פּאַרטיזאַנען־באַוועגונג, האָבן זיך אויך דאָ גע־שטעלט אין דער ערשטער ריי. באַם ערשטן רוף האָבן זיי אויפגעהויבן זייערע אָפּטיילונגען און אַוועק צום קאַמף קעגן די דייטשישע פאַרכאַפּער.

אין דער צייט פון מיין צוריקער קיין בריסל האָט זיך דאָרט געשאַפן זייער אַן אומרואיקע לאַגע. די רעגירונג פלעגט פאַרשפּרייטן פּראָוואָקאַ־טאָרישע קלאַנגען, אַז די פּאַרטיזאַנער קלוימערשט, גרייטן אַ באַוואָפנטן אויפשטאַנד. דער מעכטיקער ענגלישער פּראָפּאַגאַנדע־אַפּאַראַט האָט זיך געשטעלט צו דינסט פון פּיערלאָ און איז צוגעשטאַנען צו דעם קאַמפּיין פון ליגנס און אינסינואַציעס. די קאָמאַנדע פון די אַליאירטע האָט פאַר־געלייגט די אָפיצירן ניט באַווייזן זיך אַפן גאַס אָן געווער, גלייך ווי דער „אויפשטאַנד" וואָלט זיך געגרייט קעגן די אַליאירטע. די קאַדר־אָפיצירן איבערהויפּט יענע, וועלכע האָבן די מילכאָמע מיט די דייטשן באַטראַכט ווי אַ ספּאָרט, האָבן באַשולדיקט די בעלגישע פּאַטריאָטן אין אומדאַנק־באַרקייט. אייניקע האָבן אַפילע געפאָדערט צו מאַכן אַן ענדע מיט די אינערלעכע אומרוען אין לאַנד און „מאַכן אָרדענונג". די מער דעמאָקראַ־טיש־געשטימטע אָפיצירן פון די טעכנישע אָפּטיילונגען, האָבן פאַרור־טיילט דאָס אַריינמישן זיך פון דער ענגלישער אַרמיי אין די בעלגישע אינערלעכע איניאָנים.

ענגלישע מיליטערישע אָפּטיילונגען האָבן זיך געצויגן צו בריסל. אין דעם דאָרעמדיקן טייל פון פאָרשטאָט האָט זיך באַזעצט אַ טאַנקען־בריגאַדע. דער גאַרניזאָן איז ביסלעכווייז איבערגעגאַנגען אין קריגס־צו־שטאַנד. דער שטאַב האָט אויסגעאַרבעט אַ פּלאַן פון באַזעצן די בעלגישע הויפּטשטאָט אין פאַל פון אומרוען. איבערהויפּט האָבן זיך די ענגלענדער זייער ערנסט און זאַכלעך געגרייט צו אַ מילכאָמע קעגן זייערע נעכ־טיקע פאַרבינדעטע. אָבער די שטאַב־באַאַמטע האָבן אָדער פאַרגעסן, אָדער ניט געוואָגט צוגרייטן צו דער אָפּעראַציע די זעלנער. ווייל די זעלנער און אַפילע אַ סאַך אָפיצירן איז ניט געפעלן געוואָרן צו טאָן פּאָליצייאישע אַרבעט און זיי פלעגן גאַנץ אָפן אויסדריקן זייער אומצופרידנקייט. מען האָט מיר אַפילע דערציילט וועגן אומרוען וואָס זיינען פאָרגעקומען אין אייניקע מיליטערישע אָפּטיילונגען וועלכע מען האָט צוגעפירט צו בריסל. אין דער טאַנקען־בריגאַדע פלעגן די זעלנער שמועסן וועגן אָפּזאָגן זיך אויסצופירן דעם באַפעל, אויב מען וועט זיי אַרויספירן אַף די גאַסן פון דער שטאָט. די אָפיצירן האָבן געמוזט געבן זייער ערנוואָרט, אַז עס וועט

ניט דערגיין צום שיסן אַף די בעלגישע פּאַטריאָטן. אַזוי אַרום איז מען געקומען צו אַ געוויסן אויסגלייך: די אָפיצירן וועלן ניט געבן אַזאַ באַפעל, קעדיי די זעלנער זאָלן ניט זיין געצוווּנגען זיך אָפּזאָגן זיך אים אויסצופירן.

אין יענעם נעפּלדיקן טאָג, ווען די בעלגישע פּאַטריאָטן זיינען אַרויס אַף די גאַסן פון דער הויפּטשטאָט, איז בריסל געווען עפּעס מאָדנע שטיל און רואיק. די דעמאָנסטראַנטן האָבן זיך באַוועגט אין לאַנגע שטילע קאָלומנעס, פּונקט ווי זיי וואָלטן געגאַנגען צו אַ לעוויַע. זעלטן פלעגט זיך אַרויסרייסן אַן אויפרוף און דער אוילעם פלעגט אים זייער פויל אונטערכאַפּן. איבער די פּאַרביקע רייען האָבן זיך געהויבן ברייטע פּלאַקאַטן מיט אַן אויפשריפט אַף ענגליש, פראַנצויזיש און פלעמיש: „מיר זיינען ניט קעגן די פּאַרבינדעטע. מיר שטייען פאַר אַן אַקטיווער הילף די אַליאירטע. מיר זיינען נאָר קעגן די דייטשישע אַגענטן און זייערע באַשיצער”. צווישן די דעמאָנסטראַנטן האָבן זיך באַזונדערס אויסגעטיילט מיט זייערע ווייסע און רויטע אָרעמבענדער די קעמפער פון דער אינערלעכער רעזיסטענץ באַוועגונג. זיי האָבן מיט אומרואיקייט געקוקט אַף די ענגלישע זעלנער, וועלכע האָבן אין פולער קריגס־אויסשטאַטונג באַוואַכט די גאַסן.

די טראַמוויי־אַרבעטער האָבן געשטרייקט. אַ געדיכטער פילפאַרביקער אוילעם האָט פאַרפלייצט די גאַסן. אַלע פענימער זיינען געווען מאָרעשכוירעדיק. די בעלגיער האָבן אָפענערהייט געוויזן פון די אַליאירטע. אַפילע גוט באַקאַנטע צווישן זיך האָבן געמאַכט אַן אָנשטעל אַז זיי דערקענען ניט זייערע געסט אין דעם ענגלישן אוניפאָרם. זיי האָבן געקוקט אַף אונדז מיט בייזע בליקן און אייניקע פון זיי פלעגן אַפילע פייפן ווען זיי פלעגן פאַרבייגיין. זיי האָבן אַזוי ווי געשטעלט אַ פראַגע צו די אַליאירטע: ווער איז דאָ אייגנטלעך דער באַלעבאָס — מיר, אָדער איר?

די ערשטע אַרויסצוטרעטן אין אַן אַטאַקע איז געווען די יונגע בעלגישע אַרמיי. זי האָט אָפּגעשלאָסן פאַר די דעמאָנסטראַנטן דעם דורכגאַנג צום צענטער שטאָט. די דעמאָנסטראַנטן האָבן פאַרקערעוועט אין אַ שכייניסדיקער גאַס. די זעלנער האָבן זיך אַ וואָרף געטאָן זיי ווידער אָפּצושניידן דעם וועג. אַריבערלויפנדיק פון גאַס צו גאַס, האָבן זיי מיט אַ שנעלקייט אָנגעהויבן פאַרנעמען די וויכטיקסטע געביַידעס, איינשטעלנדיק דאָרט קוילנוואַרפערס, פּונקט ווי זיי וואָלטן דערוואַרטעט אַז באַלד וועט בריסל ווערן געשטורעמט דורך די דייטשן. זיי האָבן זיך געוואָרפן אַף די דעמאָנסטראַנטן, זיי געשטופּט, שלאָגנדיק זיי מיט די ביקסן און אַרויסלאָזנדיק פון צייט צו צייט, ווייזט אויס אַף אָפּצושרעקן, רייען פון אויטאָמאַט־שאָסן. די „טשווירטשילס” (די שווערע ענגלישע טאַנקען) זיינען דראָענדיק געגאַנגען הינטער די זעלנערישע קייטן; אין זייער שווייגנדיקן גאַנג האָט זיך געפילט עפּעס אַ סימבאָלישקייט; ס'האָט זיך אויסגעוויזן

אַז די טשווירטשילס (דאָ שוין די מענטשן, ניט די טאַנקען) האָבן זיך אויסגעדרייט מיט זייער עמעסן פּאַרצעף צו די אייראָפּעיִשע פעלקער.

איך האָב געזען ווי מען האָט צעיאָגט אַ דעמאָנסטראַציע בײַ דעם באַנהויף גאַרדע־מידי. די זעלנער האָבן מיט קלעפּ געיאָגט די אָפּגעשטאַנענע, זיי האָבן געשלאָגן מיט שטעקנס און מיט די פּריקלאַדן פון זייערע ביקסן יענע וועלכע פּלעגן זיך קעגנשטעלן. די דעמאָנסטראַנטן, וועלכע זיינען פון אָנהויב געווען גוטמוטיק געשטימט, זיינען געוואָרן בייז, זיך געזידלט און גרייט געווען פּאַרפירן אַ געשלעג. אייניקע פון זיי האָבן געענטפערט מיט פּעטש, און דערפאַר האָבן זיי געכאַפּט קלעפּ איבער די קעפּ מיט די ביקסן.

איך בין געשטאַנען אין אַ טויער פון אַ גרויסער געביידע און האָב זיך דערמאָנט יענעם דורכזיכטיקן סעפּטעמבער פרימאָרגן, ווען די אַליירטע זיינען נאָר וואָס אַרויף אַף דער בעלגישער טעריטאָריע ניט ווייט פון טורנע. אַ ליאַרעמדיקע און זאָרגלאָזע מאַכנע וועלכע האָט געיאָגט די דייטשן, האָט זיך פּלוצלינג אָפּגעשטעלט לעבן אַן איינזאַמען הייזל הינטער דער שטאָט ליז. אַפן ברייטן און ווייסן בעטאָן־וועג קימאַט אונטער די פענצטער פון דעם הייזל, זיינען געלעגן עטלעכע ציוויל־געקליידעטע האַרוגים. זיי זיינען ניט לאַנג דערשאָסן געוואָרן, זייער בלוט האָט נאָך געדיכט גערויטלט זיך אַפן נאָר וואָס דורכגעוואַשענעם פון דעם רעגן ווייסן בעטאָן. מיר האָבן געפונען דעם איבערגעשראָקענעם באַלעבאָס פון דעם הייזל. מיט אַ ציטערדיקער פון צאַר און שרעק שטימע, האָט ער אונדז דערציילט די געשיכטע פון דעם אומקום פון זיינע לאַנדסלייט. אַן אָפּטיילונג בעלגישע פּאַרטיזאַנער האָט באַמערקט אין שכיינעסדיקן וועלדל אַ דייטשישן פּאַטרול און האָט באַשלאָסן אים צו אַטאַקירן. די פּאַרטיזאַנער האָבן ניט פּאַרמאָגט קיין שווערע וואָפן, וועלכע די דייטשן האָבן יאָ געהאַט, און דעריבער האָבן זיי באַשלאָסן נאָר צו מאַכן אַ גרויסן טומל קעדיי צו שטערן דעם דייטשישן פּלאַן. זיי האָבן אָבער ניט גוט באַרעכנט זייערע אייגענע קויכעס. די דייטשן האָבן זיי שנעל אַרומגערינגלט, אַנטוואָפנט און צעשאָסן. אָבער דאָס בלוט פון די פּאַטריאָטן איז ניט פּאַרלוירן געגאַנגען. דער פאָדערשטער טאַנק פון דער אַליאירטער קאָלאָנע האָט דערהערט די שיסעריי. מען האָט צום וועלדל, וווּ עס האָט זיך אויסבאַהאַלטן דער דייטשישער פּאַטרול, געשיקט אינפאַנטעריע און זי האָט פּאַרניכטעט די דייטשן...

פון דעם פענצטער פון מיין האָטעל האָב איך לאַנג געקוקט אַפן ליידיקן פּלאַץ „דע־ברוקער", וועלכער איז געווען אַרומגערינגלט דורך ענגלישן מיליטער, און כ'האָב דאַן ווידער זיך דערמאָנט אין די ערשטע טעג פון מאָנאַט סעפּטעמבער. מיט וואָס פאַר אַ באַגייסטערונג האָט בריסל באַגעגנט די אַליאירטע. דער שטורמישער האַמוין האָט מאַמעש פּאַרשפּאַרט דעם דורכגאַנג פאַר די טאַנקען און אויטאָמאָבילן. אומענד־

לעבע קאַראַהאָדן האָבן זיך געדרייט אין דער מיט פון די גאַסן. געטאַנצט האָבן אַלע — גרויס און קליין. ס'האָט געקלונגען די מוזיק. אַ געזאַנג האָט זיך געטראָגן פון דעם אוילעם, פון די באַלקאָנען, פון די פענצטער, פון די פאַנצערס פון טאַנקען און פון די אָמניבוס־דעכער.

דע־ברוקער פּלאַץ איז געווען פאַרשטאָפּט מיט ציווילן אוילעם און מיט מיליטער עטלעכע טעג נאָכאַנאַנד. דער אוילעם האָט געברויזט אין אַ גיגאַנטישן קאַראַהאָד, וועלכער האָט פאַרכאַפּט דעם גאַנצן פּלאַץ. די הויך־ריידער האָבן קלינגענדיק צעטראָגן איבער אַלע ווינקעלעך דאָס לידל פון די ענגלישע זעלנער נאָך פון דער פריקער מילכאָמע:

„עס איז ווייט דער וועג צו טיפּערערי".

דער גאַנצער פּלאַץ האָט מיטגעזונגען די קופּלעטן. דער אוילעם פעלגט זיך פאַרזאַמלען אונטער די פענצטער פון אונדזער האָטעל פון סאַמע פרימאָרגן און זיך צעגיין שפּעט באַנאַכט. און אין מעשעך פון דעם גאַנצן טאָג האָבן זיך פון אונטן געטראָגן קלאַנגען פון לידער, אַ גע־לעכטער, און עס האָט געשאַלט מעכטיק, ענלעך צו אַ קלאַנג פון מעטאַל:

It is long, long way to Tipperery!

איצט איז דער פּלאַץ געווען ליידיק און שטיל. אַ קאַלטער ווינט האָט געיאָגט איבערן ברוק דעם שטויב און עפּעס שטיקלעך פּאַפּיר. נאָר באַ די טירן פון די האָטעלן זיינען קופּקעסווייז געשטאַנען אָפיצירן.

מען האָט אָנגעקלאַפּט אין טיר. עס איז אַריין אַ קאַפּיטאַן פון דער קינאָ־גרופּע. מיר זיינען מיט אים צוזאַמען געפאָרן קיין נאָרמאַנדיע, און פון דעמאָלט אָן זייער זעלטן געטראָפן זיך, נאָר שטענדיק געווען כאַווע־ריש. דער קאַפּיטאַן איז געווען מאָרעשכוירעדיק, זייער בייז, ער איז ניט געווען אימשטאַנד אויסבאַהאַלטן זיין אויפרעגונג, אונטער דער טראַדי־ציאָנעלער ענגלישער איינגעהאַלטנקייט. אין זיינע ערשטע ווערטער איז ער אַרויס מיט אַן אָנפאַל אָף טשוירטשילן, אָפן גענעראַל ערסקין, דעם שעף פון דער שייך־מיסיע אין בריטל, פאַרן אָפּכויזעקן איבער דעם גע־ווים און קאָוועד פון דער אַרמיי. שטייענדיק פּאָנים לעפּאָנים מיטן סוינע — אין בעלגיע זיינען נאָך געזעסן די דייטשן — האָט טשוירטשיל גע־וואָרפן אַן אַרויסרוף דער אַרמיי: ער איז געווען זיכער, אַז די אַרמיי וועט ניט וואַגן ניט אויספאָלגן זיין באַפעל. דער געניטער „פּאָליטיק־פירער" האָט מיט איין שאָס דערהאַרגעט צוויי האָזן. ערשטנס האָט ער דערשטיקט די בעלגישע דעמאָקראַטישע קויכעס און צווייטנס האָט ער אַריינגעהאַקט אַ קליין צווישן דעם ענגלישן פאָלק, אָנגעטאָן אין מיליטערישע קליידער און דעם בעלגישן האָרעפּאַשניק. ער האָט עס געמוזט האָבן, ווייל מיטן פאַרברייטערן זיך פון דער פאַרבינדונג פון די אַליאירטע מיט די באַ־פרייטע פעלקער, איז געוואַקסן די לינקע שטימונג אין דער אַרמיי. די איינוואוינער פון דעם קאָנטינענט האָבן אַזוי צו זאָגן געעפנט די אויגן באַ די פּאָליטיש־קורצזיכטיקע ענגלישע זעלנער און אָפיצירן. איבער־

הויפט האָט דעם קאַפיטאַן אויפגערעגט דאָס פירן זיך פון די לאַבאָריסטן, זיינע פאַרטיי־כאַווערים, וועלכע זיינען געזעסן אין דער ענגלישער רעגירונג, פאַר זייער שטומער נאָר הייסער האַסקאָמע מיט די אַלע רעאַקציאָנערע שריט, וועלכע טשוירטשיל האָט געמאַכט אין אייראָפע.

מיט עטלעכע טעג שפעטער האָט דער גענעראַל ערסקין איינגעלאַדן צו זיך די קריגס־קאָרעספאָנדענטן קעדיי זיי צו מעלדן זיין פולשטענדיקע גרייטקייט צו געבן יעטווידע מיליטערישע הילף דער רעגירונג פון פיערלאָ. די קאָרעספאָנדענטן האָבן מיט כידעש געקוקט אַף דעם גענעראַל.

ניט לאַנג צוריק האָט דער גענעראַל ערסקין אָנגעפירט מיט דער זיבעטער טאַנקען־דיוויזיע, באַקאַנט אונטערן צונעמעניש: „די מידבער־שטשורעס". דאָס איז געווען אַ קעמפערישער גענעראַל, אַ הויכוווּקסיקער, בלאָנדהאָריקער, אַ ליבהאָבער פון אַ שאַרף ווערטל און ענערגישן זשעסט. ער איז פאָפולער געווען צווישן די זעלנער, זיין דיוויזיע האָט זיך אויסגעצייכנט אין די שלאַכטן אין צאָפן־אַפריקע און די פרעסע האָט זיך מיט באַגייסטערונג אָפגערופן וועגן אים. טשוירטשיל האָט באַשלאָסן אים צו באַשטימען אין בעלגיע פאַרן שאַלטער און וואַלטער פון דער פאָליטיק פון דעם באַפרייטן לאַנד. דער עמעסער באַלעבאָס אין בעלגיע איז אָבער געווען ניט דער גענעראַל ערסקין, נאָר דער ענגלישער געזאַנדטער ניטשבעל־היודזשעסן, אַ היפשער זאַקן, אַ גאַנץ באַגרענעצטער און אַ רעאַקציאָנער. (אַמאָל אַף אַ פריוואַטן אָוונטברויט האָב איך געהאַט אַ שמועס מיטן הער ניטשבעל־היודזשעסן אין מעשעך פון אַ שעה צייט און האָב זיך דאַן איבערצייגט, אַז דער מענטש לעבט נאָך אַלץ מיט די צייטן פון ד'איזאַרעלי און פאַלמערסטאָן, וועלכע זיינען פאַר אים געווען, — לויט זיין פערזענלעכן אויסדרוק, — זיינע אַפאָסטאָלן).

די בריסעלער געשעענישן האָבן געמאַכט אַ זייער פיינלעכן איינדרוק אין דער אַרמיי. די אָפיצירן און הויפטזאַכלעך די זעלנער האָבן ניט פאַרבאָרגן זייער אויפרעגונג. די פאָשעטע מענטשן, געקליידטע אין גרינלעכע מיליטערישע שינעלן, וועלכע האָבן דורכמאַרשירט פילע טויזנטער קילאָמעטערס איבער צאָפן־אַפריקע, איטאַליע און מיזרעך־אייראָפע, זיינען געווען ווייט ניט ענלעך צו יענע ענגלישע מענטשעלעך, וועלכע האָבן אין יאָר 1935 אָפגעגעבן זייערע שטימען פאַר דעם באַשאַפער פון מינכען — דעם הער טשעמבערלען און פאַר זיינע רעאַקציאָנערע פריינט. דערצו האָט זיך אויך געענדערט דער פאָליטישער פאַרצעף פון דער אַרמיי, זי איז לינקער געוואָרן, פונקט אַזוי ווי עס איז אויך לינקער געוואָרן גאַנץ אייראָפע.

ווען קורץ נאָך דער בריסעלער דעמאָנסטראַציע האָבן מיר אונטערגענומען אַ רייזע איבערן פראָנט, פלגען די זעלנער און אָפיצירן קוידעם־קאָל פרעגן בא אונדז, וואָס דענקט מאָסקווע וועגן די געשעענישן אין בעלגיע. מאָסקוועס מיינונג איז ווייזט אויס געווען אַף אַזוי פיל וויכטיק,

אז דער דעפּאַרטאַמענט פאַר דער „פּסיכאָלאָגישער מילכאָמע" האָט אויס־געטראַכט אַ שמוציקן טריק, פאַרשפּרייטנדיק צווישן די זעלנער און אויך צווישן דער בעלגישער באַפעלקערונג אַ קלאַנג, אַז מאָסקווע האָט קלוי־מערשט גוטגעהייסן די אויפירונג פון די ענגלענדער אין דער בעלגישער הויפּטשטאָט. „די פּסיכאָלאָגישע שווינדלער" האָבן אפילו צו דעם אויך צוגעפּלאָנטן די קומענדיקע אָפּענסיווע פון דער רויטער אַרמיי, וועלכע וואָלט געווען שלעכט באַווירקט דורך די „אומרוען" אין בעלגיע.

אין אַ טונקעלן, קילן טאָג זיינען מיר אָנגעקומען קיין איינדהאָווען, וווּ עס האָט זיך דאַן געפונען דער „פּרעס־קעמפּ" פון אַוואַנגאַרד. פון יאַם האָט געבלאָזן אַ קאַלטער, פייכטער ווינט, פון צייט צו צייט האָט גע־שפּריצט אַ דורכדרינגענדיקער רעגן. די קאָרעספּאָנדענטן צוזאַמען מיט די אָפיצירן פונעם שטאַב פון דער 2־טער אַרמיי, וועלכער האָט זיך גע־פונען בישכיינעס, זיינען געזעסן אין זאַל פון האָטעל אַרום אַ קעראָסין־אויוונדל און רואיק געשמועסט. זייער אָפּרו איז פּלוצלינג איבערגעריסן געוואָרן דורך אַ מעלדונג פון דער לאָנדאָנער ראַדיאָ, וועלכע האָט איבער־געגעבן די דראַמאַטישע באַשרייבונג פון דעם אָנהויב פון דעם קאַמף אַף די גאַסן פון אַטען. אַלע האָבן זיך אַ וואַרף געטאָן צום ראַדיאָ־אַפּאַראַט וואָס נענטער, געהערט שווייגנדיק מיט מאַרעשכוירע פּענימער, פּונקט מיטן זעלבן מאַרעשכוירע אויסזען ווי זיי האָבן דאָ אָפּן זעלבן פּלאַץ אויס־געהערט מיט צוויי כאָדאָשים צוריק אונדזער יעדיע וועגן דעם אומקום פון דער ערשטער פּאַראַשוטיסטן־דיוויזיע. אָבער ערשט נאָכדעם ווען דער רעדנער איז אַנטשווייגן געוואָרן, האָבן זיי אָנגעהויבן זידלען מיט די ערגס־טע ווערטער. אַ יונגיטשקער מאַיאָר־טאַנקיסט האָט צעקנייטשט אין זיינע הענט די צייטונג, זי אַ וואַרף געטאָן אָן דרערד און אויסגעשריען:

„— טשווירטשיל, וועסט באַצאָלן דערפאַר, די אַרמיי וועט דיר קיינ־מאָל ניט מויכל זיין די שאַנדע וועלכע זי באַגייט, געצוווּנגען דורך דער דיסציפּלין!"

די אָפיצירן און קאָרעספּאָנדענטן האָבן לאַנג און מיט גאַל געזעדט וועגן די אַטענער געשעענישן. און דערביי אויך דערמאָנט בריסל. זיי זיי־נען געקומען צום אויספיר, וועלכער האָט זיי אַליין אויסגעזען אומנאַ־טירלעך: אין אַ שטאַרק לינק־געוואָרענער אייראָפּע, האָבן די ענגלישע רעגירונגס־קרייזן אויפגעהאַלטן די סאַמע עקסטרעם־רעכטסטע קויכעס. זיי האָבן פאַרזיכערט איינער דעם אַנדערן, אַז ווייטער אַזוי קען דאָס ניט גיין, נאָר אַלע זייערע האָפענונגען האָבן זיי געלייגט אַף די צוקונפטיקע וואַלן צום פּאַרלאַמענט, פעסט גלויבנדיק, אַז זיי וועלן, ענדלעך, אריינ־ברענגען אַן ענדערונג אין דער פּאָליטישער ריכטונג פון דעם לאַנד.

די וואַלן, וועלכע זיינען פאָרגעקומען אין זומער פון 1945, האָבן טאַקע ארויסגעוויזן די דעמאָקראַטישע שטרעבונגען פונעם ענגלישן פאָלק.

אָבער די לאַבאָריסטישע רעגירונג האָט ניט דורכגעפירט דעם ווילן פון אירע וויילער.

דראָענדיק טשווירטשילן מיט די וואַל־ליסטעס און צוגעבנדיק צו זיין נאָמען אויך די נעמען פון דעם גערענאַל ערסקין אין בריסל און דעם גענעראַל סקאבבי אין אַטען, האָבן זיך דערמיט די אַפּיצירן באַרואיקט. די זעלנער אָבער פלעגן אַהיימשיקן אויפגערעגטע בריוו, קימאַט פּונקט די זעלבע, וואָס זיי אַליין פלעגן באַקומען פון דער היים. די צענזור האָט פעסטגעשטעלט אַ „לינקן ווינטל" אין דער קאָרעספּאָנדענץ.

די מיליטערישע אָנפירערשאַפט האָט געפּרוווט פּאַנאַנדעריאָגן דעם לינקן ווינטל, מיטן געבן די זעלנער די מעגלעכקייט צו באַזוכן זייערע מישפּאָכעס: מיט אָט דעם קליינעם ביינדל האָט זי געוואָלט ווייך מאַכן די פאַרביטערונג פון דער באַליידיקונג.

3.

מיר זיינען געשטאַנען איבער דער גרויסער מאַפּע פון מייִרעוו־איי־ראָפּע: ווי אַ פּעטע לאַנגע רויטע שלאַנג איז איבער איר געקראָכן די פראָנט־ליניע. אַן אַלטער באַקאַנטער, דער פּאָדפּאָלקאָווניק פון דעם שטאַב פון דער 21־סטער גרופּע האָט געזאָגט מיט אַ געלעכטער:

— אַהאַ, מיר קעמפן איצט אויף צוויי פראָנטן.

באַגעגענענדיק מיין פאַרוווּנדערטן בליק האָט דער פּאָדפּאָלקאָווניק אויפגעהויבן זיין האַנט און אָן ווערטער אָנגעוויזן אויף די זעלאַנד־אינדז־לען, נאָכדעם האָט זיך זיין האַנט אַראָפּגעלאָזן און זיך פאַרהאַלטן אויפן גרויען פלעק פון פּאַריז. עמעס, אַז איך האָב שוין געהערט וועגן די ריי־בונגען וואָס קומען פאָר צווישן דעם „שייף" אין פּאַריז און דעם שטאַב פון דער 21־סטער גרופּע, אָבער אַ „פּאַריזער פראָנט" איז געווען פאַר מיר אַ נייַעס. כ'האָב איינגעלאַדן דעם פּאָדפּאָלקאָווניק אויף נאַכטמאָל.

דער פראָנט אין זעלאַנד איז שוין געווען אַן אַלטער און... אַ רע־טעניש. דאָרט האָבן זיך אויסבאַהאַלטן די רעשטלעך פון איינער אָדער צוויי דייטשישע דיוויזיע, וועלכע זיינען אַנטלאָפן פון די אַליאירטע אי־בער מייִרעוו שעלדא. כוץ זיי זיינען אין די גערוימע שטעטלעך פון זעע־לאַנד געשטאַנען קליינע גאַרניזאָנען אויף צו באַשיצן די אינדזלען פון ענג־ליש־אַמעריקאַנער דעסאַנט־מיליטער. פאַרלאָזן די אינדזלען האָבן די דייטשן ניט געקענט, ווייל דעם אַרויסגאַנג צום קאָנטינענט האָבן די אַלי־אירטע פאַרשפּאַרט. אָבער דערלאַנגען צו די היטלעריסטן איז אויך גע־ווען שווער. צו די אינדזלען האָט געפירט אַ גאָר שמאָלער ערד־פּאַס, וועל־כער פלעגט זייער לייכט פאַרטרונקען ווערן.

פונדעסטוועגן האָט מען ניט געטאָרט אַ מאָך טאָן מיט דער האַנט אויף דעם שטיקל פראָנט, ווייל קאָלזמאַן די דייטשן האָבן באַלעבאַטעוועט

אף די אינדזלען איז געווען געשלאסן פאר די אליאירטע דער וועג צו אנטווערפן. די דייטשישע פארפעסטיקונגען בא פליסינגען האבן ניט דורכ־געלאזט קיין שיפן אין מייַרעוו שעלדא. די טויערן צו אנטווערפן האבן די דייטשן זייער פעסט פארשלאסן. אזוי ארום, ניט געקוקט וואס דער וויכטיקסטער פארט אפן קאנטינענט איז געווען אין די הענט פון די אליאירטע, האבן זיי דאך ניט געקענט אים נוצן. דער „שייף" האט בא־פוילן דעם פעלדמארשאל מאנטגאמערי, קאמענדאנט פון דער 21־סטער גרופע, ער זאל אין דעם קירצסטן טערמין אפרייניקן די אינדזלען, קעדיי דורכצולייגן פאר די שיפן א וועג צום פארט. די ענגלענדער אבער, האבן זיך ניט געאיילט אויספירן דעם באפעל. לויט דעם אלגעמיינעם פלאן איז אנטווערפן געווען באשטימט פאר די אמעריקאנער. די ענגלענדער האבן גערעכנט אז עס איז ניט יוישערדיק, זיי זאלן דעראבערן דעם פארט פאר די אמעריקאנער, וועלכע האבן שוין צופיל פאריסן די נעזער. דא האט שוין די געפאר פאר גרויסע פארלוסטן אפגעטראטן איר פלאץ פאר דער מוירע אז די אמעריקאנער זאלן ניט ווערן צו שטארק אין אייראפע. אנט־ווערפן האט געפירט די אמעריקאנער גלייך צום הארץ פון דעם קאנטי־נענט. די ענגלישע געשעפטס־לייט, ארייננקוקנדיק אין דער צוקונפט, האבן זיך געשראקן אז נאך דער מילכאמע וועט דורך אנטווערפן אנקומען א שטראם פון אמעריקאנער סכוירעס קיין אייראפע און וועט אינגאנצן ארויסשטויסן דעם ענגלישן מיסכער.

ווי מיר האט דערציילט אין יענעם אוונט דער פאדפאלקאווניק, האט מאנטגאמערי זיך ניט אפגעזאגט אויסצופירן דעם באפעל פון דעם הויפט־קאמענדאנט אייזענהאוער, ער האט נאר געגעבן אנווייזונגען אז מען זאל „גרינטלעך" אויסשטודירן די לאגע און „אלזייטיק" צוגרייטן די אפערא־ציע. דער פעלדמארשאל האט געלייגט דעם טראפ אפן ווארט „גרינטלעך". דער שעף פון דעם שטאב, באם איבערגעבן די אפעראטארס דעם באפעל, האט פארטייטשט די צווייזייטיקע אנווייזונג פון דעם קאמענדאנט אף א מער קלארן לאשן: „קיין איילעניש. נאך ארנעם קענען מיר ניט דער־לאזן אפילע א שעמעץ פון ריזיקע". די אפעראטארס האבן אויסגעארבעט דעם געפאדערטן פלאן און צוגעטראגן צו זיין אויספירונג מיט אזא מין „קילקייט", אז דער גענעראל אייזענהאוער איז אזש ווילד געווארן (דאס פלעגט מיט אים זייער זעלטן טרעפן).

דער פאדפאלקאווניק האט פארזיכערט, אז מאנטגאמערי האט גאר־ניט געוואלט קאמפליצירן זיינע באציונגען מיטן הויפט־קאמענדאנט (ווייל די אמעריקאנער האבן געקענט פאדערן און אויספועלן זיין דימיסיע), נאר ער איז ניט געווען פריי זעלבסטשטענדיק אנפירן מיט זיין גרופע — טשווירטשיל האט זיך ארייגעמישט אין אלעם. טשווירטשיל האט גע־רעכנט, אז פאר ענגלאנד לוינט זיך ניט פאליטיש, אז די מילכאמע אין אייראפע זאל זיך שנעל ענדיקן. נאך דער נידערלאגע בא ארנעם איז דער

ענגלישער מיליטערישער פּרעסטיזש און אויך ענגלאַנדס ספּעציפישע וואָג צווישן די אַליאירטע געווען זייער אַ נידעריקער, און דאָס פאַרשטאַרקן זיך פון די אַמעריקאַנער האָט דאָס געמאַכט נאָך נידעריקער. די שטאַב־אָפיצירן האָבן דאָס גוט געוווּסט און האָבן געזוכט אַ מעגלעכקייט זיך אויספּיינען פאַרן פּרעמיער־מיניסטער. די זאַך איז דערגאַנגען דערצו, אַז די 21־סטע גרופּע האָט פּאַשעט אָנגעפאַנגען צו איגנאָרירן דעם „שייף".

אַן אָפיציר פון דער אָפּטיילונג „פּסיכאָלאָגישע מילכאָמע", וועלכער האָט מיך מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער איינגעלאַדן אַף מיטיק, האָט גע־געבן גאָר אַן אַנדער אויפקלערונג דער אַנטשטייאונג פון דעם קאַמף צווישן בריסל און פּאַריז. ווי ער האָט פאַרזיכערט איז דער קאַמף אַנטשטאַנען אַלס אויסדרוק פון פּראָטעסט מיצאַד די ענגלענדער צוליב דעם אומפּאַר־שעמטן באַלעבאַטעווען פון די אַמעריקאַנער אין די באַפרייטע לענדער. אין אַ גאָר קורצער צייט האָבן די אַמעריקאַנער געשאַפן די פאָרבאַדינ־גונגען אַף צו פאַרכאַפּן דעם פראַנצויזישן אויסלענדישן האַנדל. קימאַט אַלע באַדייטנדיקע אַמעריקאַנישע געשעפטס־אונטערנעמונגען האָבן אויפ־געעפנט אין פּאַריז זייערע אָפּטיילונגען. זייער אָפט פלעגט טרעפן אַז פאַרשטייער פון אַמעריקאַנער קאָמערציעלע געזעלשאַפטן פלעגן באַגלייטן די אַמעריקאַנער אַרמיי, ווי אָפיצירן פון פאַרשיידענע ראַנגען. אָנקומענ־דיק קיין פּאַריז, פלעגן זיי זיך דאָרט באַזעצן, אַרומקוקן זיך און אָנקניפּן געשעפטלעכע פאַרבינדונגען. די אַמעריקאַנער זיינען אַרומגעפאָרן איבערן לאַנד, פלעגן אויסשטודירן די באַדערפענישן און פלעגן מאַכן געשעפט־לעכע אָנבאָטן. דער אָפיציר האָט מיר געאייצעט, אַז איך זאָל באַ אַ גע־לעגנהייט אַריינקוקן אין די געראַוימע לאָקאַלן פון דעם פּאַסאַזש אַף דעם וואַנדאָמער פּלאַץ, אין פּאַריז, קעדיי זיך איבערצייגן אין דער ריכטיקייט פון זיין דערציילונג. איבערהויפּט איז ער געווען אויפגערעגט ניט נאָר פון דעם, וואָס דער „שייף" האָט מיטגעבראַכט די סאָחרים צוזאַמען מיט דער אַרמיי, פּונקט ווי אַמאָל פלעגט מען מיטפירן מאַרקיטאַנטן, נאָר ער באַשיצט זיי נאָך אין פּאַריז. דערביי האָט דער „שייף" פאַרבאָטן דעם אַריינפאָר אין דער הויפּטשטאָט פון פראַנקרייך פאַר די פאָרשטייער פון דער ענגלישער קאָמערץ. דער ענגלישער אָפיציר האָט מיט פאַראַכטונג דאָס געשטעמפּלט פאַר אַ „ניט אָרנטלעכן שפּיל", וועלכער איז לעהייפּעך צו די היסכייווען פון פאַרבינדעטע. מיין „פּסיכאָלאָג" האָט גערעכנט, אַז דער שטאַב פון דער 21־סטער גרופּע וויל נאָר אַריינפירן אַ גלייכ־געוויכט אין דער טעטיקייט פון דעם שוין דורך און דורך אַמעריקאַניזירטן „שייף", הינטער וועמענס פּלייצעס עס איז געשטאַנען אייזענהאַוערס ראַטגעבער — מערפי. דער דאָזיקער מערפי, זייענדיק אַן אָנפירער פון דער אַמעריקאַנער אויסשפּיר־נעץ אין צאָפן־אַפריקע, האָט צוגעגרייט פאַר די אַליאירטע ניט נאָר דאָס בלוטלאָזע פאַרכאַפּן פון דאַקאַר, אַלזשיר, אָראַן און פיל אַנדערע אַפריקאַנער שטעט, נאָר אויך אַ באָדן פאַרן פאַר־

שפרייטן דעם „אמעריקאנער ביזנעס" אין אפריקע. איצט האט דער זעל־בער מערפי געהאט בעדייע אפטאן דאס זעלבע שטיקל ארבעט אין פראנק־רייך. זוכנדיק א מאסן־באזע פאר דער אמעריקאנער עקספּאנסיע־פּאליטיק אין אייראפּע, האט דער קאטוילישער מערפי געשטיצט זייער ענערגיש אלע קאטוילישע ארגאניזאציעס, אין קעגנזאץ צו אלע סאציאליסטישע פּארטייען, וועלכע האבן זיך אריענטירט אף דער צוקונפטיקער לאבאר־ריסטישער ענגלאנד, ווי אויך קעגן די לינקע ארגאניזאציעס פון דעם הארעפּאשנעם פאלק, וועלכע האבן געזוכט וועגן זיך צו פּארבינדן קוידעם קאל מיטן מעכטיקן ראטנפארבאנד.

ס'איז ניט לייכט געווען נאכצופאלגן די אלע טראנסן פון דער „מיל־כאמע" צווישן בריסל און פּאריז. די ענגלענדער האבן זיך באקלאגט אף די אמעריקאנער; די אמעריקאנער פלעגן מיט קאס און ביטל זיך אפּ־רופן וועגן יעדן ענגלישן טראט. מיר פלעגן זיך צוקוקן צום גאנג פון די פּיינטלעכע אפּעראציעס פוןביידע „פליגלען": דא פון פּאריז און דא פון בריסל. און בלויז פון צייט צו צייט פלעגן מיר א בליק טאן אפן עמעסן פראנט אין דער געגנט פון די אינדזלען — ער האט דאן געטראגן דעם נאמען פון „וואסער־פראנט". נאר פּונקט דארט איז געווען שטיל און רואיק. נאר ווען ניט ווען האבן זיך געהערט קאנאנען־שאסן פון דער ארטילעריע. זיי פלעגן פּונקט אזוי פּלוצלינג אנטשווייגן ווערן ווי זיי פלעגן אנטשטיין: זייער זעלטן פלעגן די ארטילעריסטן באשיסן די וועגן.

אין די הינטערלאנד־שטעטלעך פון בעלגיע און פראנקרייך, דורך וועלכע עס פלעגט אונדז אויסקומען דורכצופארן איז געגאנגען א רעגל־מעסיקער גארניזאן־לעבן. מען האט פּאטרולירט, גערייניקט די מאשינען, דאס געווער. אין די אוונטן פלעגט מען גיין אין די קינאס אדער אף פּאר־שטעלונגען. די ביר־הייזער און קאפע־הייזער פלעגן איבערפולט זיין פון זעלנער און אפיצירן. טאנץ־זאלן און טאנץ־קלאסן פלעגן טומלען דורך גאנצע נעכט. די ארמיי האט זיך אפּגערוט גאנץ זארגלאז, עס האט גערוט אויך איר אנפירערשאפט, אפּווארטנדיק די געשעענישן אפן מיזרעך־פראנט. לויט דער העפטיקער רעקלאמע, וועלכע האט באגלייט דאס אוועקגיין פון דער ענגלישער און טיילווייז אויך פון דער אמעריקאנער ארמייען אף ווינטער־אפּרו, האבן די דייטשן באדארפט — ווי עמיצן פון מײַערוו האט זיך געדוכט — גאנץ רואיק קאנצענטרירן זייערע קויכעס אפן מיזרעך־פראנט. (די רעקלאמע האט אייגנטלעך פארפאלגט דעם ציל איבערצייגן די דייטשן אז אין מײַערוו זיינען זיי מיט קיין שום זאך ניט באדראט). די דייטשן אבער האבן אפּגענארט די קאלטע אויסרעכענונגען און די הייסע האפענונגען פון די אלע טשווירטשילס.

# די אַרדענער „פֿאַרשטעלונג"

.1

אָנפֿאַנג דעצעמבער זיינען מיר אָפּגעפֿאָרן צום פֿראָנט. די נודנע פּאַנימלאָזע שטאַב־פּרעסע־קאָנפֿערענצן זיינען אַף אַזוי פֿיל נימעס געוואָרן אַלעמען, אַז אַפֿילע די אַגענטור־קאָרעספּאָנדענטן האָבן זיי אויפֿגעהערט צו באַזוכן. די טעגלעכע אינפֿאָרמאַציעס האָבן טאָג נאָך טאָג נודנע אינפֿאָרמירט אַז פֿון פֿראָנט איז ניטאָ קיין נײַעס. אין זוניקע טעג פֿלעגט זיך באַ אונדז באַווייזן אַן אָפֿיציר פֿונעם שטאַב פֿון דער טעכנישער אַוויאַציע און פּונקט ווי אַ גלאָקנקלינגער פֿלעגט ער אָנהייבן מיט אַ שנעלן טעמפּ אויסרעכענען וויפֿל אַוויאָן־אויספֿלוגן זיינען פֿאָרגעקומען, וויפֿל וואַגאָנען פֿאַרברענט, לאָקאָמאָטיוון צעשעדיקט און בריקן אויפֿגעריסן. די ציפֿערן זיינען שטענדיק געווען דערשטוינענדע, נאָר צוליבן צו אָפֿטן איבערכאַזערן זיי, האָט עס שוין ניט געמאַכט קיין איינדרוק.

פֿון בריסל ביז מאַאַסטריכט, ווו עס איז געשטאַנען דער שטאַב פֿון דער 9־טער אַמעריקאַנער אַרמיי, איז דער וועג געווען אונדז שוין גוט באַקאַנט. ער האָט זיך געצויגן דורך ליידיקע בעלגישע שטעטלעך, וועלכע זיינען געבליבן אומבאַרירט פֿון דער מילכאָמע. אַף זייערע געסלעך פֿלעגן גאָר זעלטן הילכן די וועגענער מיט קריגס־מאַטעריאַל און פּראָוויאַנט און אַמאָל פֿלעגן אַדורכפֿליען שטאַב־אויטאָמאָבילן, שפּריצנדיק מיט בלאָטע.

דער שעף פֿון דעם „פּרעס־קעמפּ" פֿון דער 9־טער אַרמיי, אַ גאַנץ יונגער, פֿריילעכער און געזעלשאַפֿטלעכער פּאָדפּאָלקאָווניק, האָט אונדז אויפֿגענומען זייער וואַרעם. באַווייזנדיק אונדז דעם קאַמפּ, וועלכער איז געווען באַקוועם איינגעאָרדנט אין אַ גערוימען פּראָווינציעלן האָטעל (אין האָלאַנד איז אַלץ גערוים און ראַכוועסדיק כוץ דאָס לאַנד גופֿע) האָט זיך דער פּאָדפּאָלקאָווניק געוויצלט:

— דאָס איז ניט קיין פּרעס־קאַמפּ, נאָר אַן אַפּרו־קאַמפּ.

אַף אונדזער פֿראַגע, וואָס איז דאָ עפּעס אינטערעסאַנטעס אַפֿן פֿראָנט פֿון דער אַרמיי, האָט דער פּאָדפּאָלקאָווניק ווידער געענטפֿערט מיט אַ וויץ:

— די כורוועס פֿון אַאַכען. אַהינצו פֿאָרן איצט אַלע קאָרעספּאָנדענטן און אויך די שטאַב־אָפֿיצירן.

מיר האָבן באַשלאָסן פֿאָרן קיין אַאַכען אַפֿן אַנדערן טאָג. דערווייל

זיינען מיר אַוועק אין שטאַב פון דעם 30־טן קאָרפּוס. אין אַ קאַלטער שולגעביידע האָט אונדז דער אויסשפּיר־קאָמענדאַנט, קאַפּיטאַן הופּער, זייער גערן אַנגעצייכנט די אַלגעמיינע לאַגע. די אויסשפּיר־דינסט פון די אַליאירטע האָט פעסטגעשטעלט, אַז אויף יענער זייט האָבן די דייטשן קאָנצענטרירט אין באַצירק פון קעלן די 5־טע טאַנקען אַרמיי. איר באַוואָפענונג איז געווען אַ שוואַכע, ניט מער ווי אַ הונדערט טאַנקען, דאָס רוב „מאַרק 4"; „טיגערס" און „פּאַנטעראַס" זיינען פאַראַן איינצלנע. צו צאָפן פון דער 5־טער אַרמיי האָט זיך קאָנצענטרירט, אויף יענעם ברעג, די 6־טע ס. ס. טאַנקען־אַרמיי. פיל בעסער באַוואָפנט איז זי ביז איצט געווען פאַרעכנט אין רעזערוו פון דער דייטשישער אויבערקאָמאַנדע. דאָס איבערגעבן פון אָט דער אַרמיי אין רעשוס פון דעם קאָמענדאַנט פון מיַירעוו־פראָנט רונדשטעדט האָט, לויט דער מיינונג פון דעם קאַפּיטאַן הופּער, אָפן אַנטפּלעקט, אַז די דייטשן גרייטן זיך דערלאַנגען אַ קלאַפּ די אַליאירטע אין דעם אַזוי גערופענעם קעלנער פּליין. אָבער די אַליאירטע, אויב מען האָט נאָר געמעגט גלויבן הופּערן, האָבן זיך ווייניק וואָס געשראָקן פאַר אָט דעם קלאַפּ. זיי האָבן איצט געהאַט אַזאַ גרויסן איבערגעוויכט אין טאַנקען, אויטאָ־קאַנאָנען, ניט רעכענענדיק שוין זייער פולשטענדיקע הערשאַפט אין דער לופטן, אַז די צוויי טאַנקען אַרמייען האָבן זיי ניט געשראָקן, נאָר גערייצט. די אָנפירערשאַפט פון די אַליאירטע האָט נאָר פאַרדראָסן וואָס די דייטשן באַהאַלטן זיך הינטער דעם זיכערן באַריער פון טייך ריין. אַ... ווען זיי וואָלטן אַריבער אויף דער זייט טייך...

מיט צוויי טעג שפּעטער, נאָך אונדזער רייזע צו די אַאַכענער כורוועס, האָבן מיר ווידער באַזוכט דעם שטאַב פון דעם 30־טן קאָרפּוס. דער קאַפּיטאַן הופּער איז ניט געווען אימשטאַנד אויסצובאַהאַלטן זיין כימכע: די דייטשישע 5־טע טאַנקען־אַרמיי האָט אָנגעפאַנגען אַריבערגיין דעם ריין, די 6־סטע ס. ס. טאַנקען־אַרמיי לאָזט זיך אַראָפּ צו קעלן. אַ שטאַב־פּאָלקאָווניק פון דער 2־טער בריטישער אַרמיי, וועלכער האָט זיך דאָ געפונען, האָט מיט אַנטציקונג נאָכגעפאָלגט דעם בלייפעדער פון אויסשפּירונגס־שעף, וועלכער האָט אָנגעמערקט דעם גאַנג פון דעם דייטשישן מיליטער.

— גוט, זייער גוט, — האָט צוגעבאָמקעט דער פּאָלקאָווניק. — מיר וועלן ניט דאַרפן איבערגיין דעם ריין, קעדיי זיי צו פאַרניכטן.

די באַהויפּטונגען פון די אַנגלאָ־אַמעריקאַנער פּובליציסטן און די מיליטער־פירערס, ביפּראַט פון דעם גענעראַל מאַרשאַל (זע זיין „באַריכט" צום קריגס־מיניסטער) און פון דעם זשורנאַליסט ראַלף אינגערסאָל (זע זיין ביכל „זייער געהיים"), אַז דער אָנפירערשאַפט פון דער אַליאירטער אַרמיי איז ניט געווען באַוווּסט דער צוגעגרייטער קלאַפּ פון די דייטשן — איז פאַלש. די אויסשפּיר־דינסט פון די אַליאירטע, ווי עס זיך מוידע געווען דער שעף פון אויסשפּיר־דינסט פון דער 21־סטער גרופּע, בריגאַדיר

וויליאמס, האָט נאָכגעשפּירט אַלע שטופּעס פון די דייטשישע צוגרייטונ־גען. זי האָט פאַרלוירן פון די אויגן די ביידע דייטשישע אַרמייען ערשט אין די פּאָר טעג דירעקט פאַרן שטורם, ווייל די ערד איז באַדעקט גע־וואָרן מיט אַ שטאַרקן נעפּל, פּונקט ווי מיט אַ געדיכטן שלייער. די אַלי־אירטע האָבן נאָר געהאַט אַ טאָעס אין דעם אויסרעכענען פון דער ריכטונג פון דעם דייטשישן קלאַפּ. אָנעמענדיק פאַר אַ הייליקן עמעס היטלערס שוועע צוריק דעראָבערן אַאַכען, האָבן זיי דערוואַרט די דייטשן צו צאַפּן פון יענער שטאָט.

אַ שטאַב־אָפיציר פון דער 9־טע ראַרמיי, וועמען מיר האָבן באַגעגנט אין מאַאַסטריכט, האָט אונדז געראָטן איבערוואַרטן דאָ. ער איז געווען אייזן־שטאַרק זיכער, אַז די קומענדיקע „פאַרשטעלונג" וועט פאָרקומען אָפּן פראָנט פון דער 9־טער אַרמיי. מיר האָבן אים צוגעזאָגט זיך גלייך צוריקקערן, אויב נאָר זיין נעוויעס וועט מעקויעם ווערן. אונדז האָט שטאַרק געצויגן צום שטאַב פון דער ערשטער אַמעריקאַנער אַרמיי, וועלכער איז געשטאַנען אין דעם באַרימטן ספּאַ, ווו אין דער פאַריקער וועלט־מיל־כאָמע האָט זיך געפונען די הויפּט־קוואַרטיר פון דעם קייזער ווילהעלם.

מיר זיינען שנעל אָנגעקומען אין שטאָט איבער אַ גלענצנדיקן באַרג־וועג. עס האָט זיך אונדז גלייך געוואָרפן אין די אויגן, אַז ביידע זייטן פון דעם שאָסיי־וועג און די לאָנקעס צווישן דעם טייך און וועג זיינען געווען פאַרשטאָפּט מיט אַמעריקאַנער קריגס־מאַטעריאַל, לאַגערן און אַמו־ניציע, ברענשטאָף און פּראָוויאַנט. בערג מיט פעסער בענזין און קאַסטנס מיט קאָנאָנען־קוילן האָבן זיך געצויגן אויף לאַנגע קילאָמעטערס. דער טי־פער טאָל, איבער וועלכן עס שלענגלט זיך דער וועג ווערוויע־ספּאַ איז געווען פאַרשטעלט מיט לאַסט־מאַשינען און שפּאָגל־נייע טאַנקען, צוגע־דעקטע מיט ברעזענטן. פון ספּאַ ביז סטאַוולאָ, פון סטאַוולאָ ביז באָווין, און פון באָווין ביז אויפּאַלעז, האָבן מיר געזען אַלץ דעם זעלבן בילד. די קאָנצענטראַציע פון אַ ריזיקער צאָל פון קריגס־מאַטעריאַל און טעכניק. דאָס בילד האָט זיך ניט געענדערט ווען מיר האָבן אויסגעקערעוועט צו צאָפן — צו לאַראָש, מאַרש און אויך ווייטער צו נאַמיור. אַרדען האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ ריזיקן סקלאַד אָנגעפּראָפּט מיט דעם אַלעמען וואָס איז געווען נויטיק פאַר דער אָפענסיווע פון דער 12־טער אַמעריקאַ־נער גרופּע.

ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן שפּעטער, האָבן די דייטשן גאַנץ גוט געוווּסט וועגן דעם. פאַרניכטן בלויז דאָס אַליין פון אָט דעם מיליטער־רישן סקלאַד האָט געמוזט אויטאָמאַטיש אָפּרוקן די אַמעריקאַנער אָפענ־סיווע. אָבער די גוט־אויסגערעכנטע באַשן זיינען געגאַנגען נאָך ווייטער: זיי האָבן געהאַט בעדייע פאַרכאַפּן אינגאַנצן אומגעשעדיקט דאָס אַלץ און שפּעטער אויסנוצן די אַמעריקאַנער רעזערוון אויף צו שלאָגן מיט זייער הילף די אַליאירטע אַליין. אין געהיימע וועלדלעך אויף יענער זייט ריין

האָבן זיי געלערנט זייערע טאַנקיסטן אָנצופירן מיט אַמעריקאַנער טאַנקען. עס פאַרשטייט זיך, אַז די טאַנקען האָבן באַדאַרפט באַשפּייזט ווערן מיטן אַמעריקאַנער ברענשטאָף און שיסן מיט אַמעריקאַנער קוילן. די אַרטילע־ריסטן האָבן זיך געלערנט שיסן פון אַמעריקאַנער קאַנאָנען — די קוילן־וואַרפער — פון די אַמעריקאַנער מאַשין־געווער. שאָפערן האָבן איַיליק שטודירט די מאַרקעס פון אַמעריקאַנער לאַסט־ און טראַנספּאָרט־אויטאָ־מאָבילן. די פריצן זיינען געווען אַף אַזוי פיל ווייטזיכטיק, אַז זיי האָבן אַפילע אויסגעלערנט זייערע קוכער, קאָכן אַן „אַריער שפּייז" פון אַמערי־קאַנער פּראָדוקטן.

אַרדען, איבער וועלכער מיר האָבן זיך דאַן אַרומגעדרייט דריי טעג האָט געמאַכט זייער אַ מאָדנעם איינדרוק. אַף געדרייטע און פאַרוואָר־פענע וועגן האָבן זיך געצויגן פורן, אָנגעלאָדן מיט שטובּיקע כּפּייצים, קופּקעסווייז האָבן זיך געשלעפּט פאַרמאַטערטע מענטשן אָנגעטאָן אין קאָלירטע אָבער אָרעמע קליידער, עס האָבן געשפּאַנט איינזאַמע פוסגייער מיט זעק אַף די פּלייצעס. דאָס האָבן זיך צוריקגעקערט אַהיים פראַנצויזן און בעלגיער, באַפרייטע פון דייטשישער פאַרשקלאַפונג. זיי אַנטקעגן האָבן פּונקט אַזוי מעלאַנכאָליש געשטראָמט בעלגיער אין דער ריכטונג צו אייפּען און מאַלמעדי, וועלכע זיינען פאַרכאַפּט געוואָרן דורך די דייטשן אין יאָר 1940 באַ בעלגיע און וועלכע מען האָט איר איצט צו־ריקגעקערט. קיינער האָט ניט פאַרהאַלטן אָט די וואַנדערער און קיינער האָט באַ זיי ניט רעווידירט זייערע דאָקומענטן. צווישן זיי האָבן זיך אויסבאַהאַלטן פיל דייטשישע אַגענטן, וועלכע פלעגן אויסקוקן אַלץ וואָס קומט פאָר אין אַרדען, פלעגן פאַרצייכענען אַלע אַמעריקאַנער סקלאַדן און אָנמערקן זיך די פּלעצער און באַשטאַנד פון די מיליטערישע אָפּטיי־לונגען פון די אַליאירטע.

דאָס אַמעריקאַנער מיליטער, איינקוואַרטירט אין אַרדען האָט זיך געפילט פּונקט ווי באַ זיך אינדערהיים. די זעלנער האָבן אַרומגעשפּאַנט איבער די גאַסן פון די קליינע שיינע שטעטלעך, פאַרפולט די קאַפע־ און ביר־הייזער, פאַרפירט בעלגישע מיידלעך. דאָ האָט געהערשט עפּעס אַן אַטמאָספער פון אַ פוסטער זאָרגלאָזיקייט. די זעלנער פלעגן מיט קינע ריידן וועגן די אורלויבן וועלכע מען האָט געמאָלדן אין דער ענגלישער אַרמיי אַף ווינטער; די אָפיצירן האָבן געטרוימט וועגן פּאַריז. מען האָט צוזאַמענגעשטעלט רעשימעס פון די באַגליקטע, וועלכע האָבן באַקומען דאָס רעכט צו פאַרברענגען די ווייַנאַכט־אורלויבן אין דער פריילעכער פראַנצויזישער הויפּטשטאָט. די זעלנער און די אָפיצירן, ניט געקוקט אַף דעם וואָס זיי האָבן זיך ניט געשיידט פון זייערע שטאָלענע העלמען, האָבן געהאַט זייערע געדאַנקען גאָר ווייט פון דער מילכאָמע.

## .2

ערעוו דעם אָנגריף אין אַרדען זיינען מיר אָפּגעפאָרן קיין צאָפּן־פראַנקרייך, צו דונקערק, אַהין ווו אַ טשעכישע פּאַנצער־בריגאַדע האָט געוואַכט איבער אַ 16־טויזנט־קעפּיקן דייטשישן גאַרניזאָן. די דייטשן האָבן זיך איינגעאָרדנט אין דונקערק גאָר היימיש, געמיטלעך און פעסט: זיי זיינען געווען באַשיצט פון אַן איבערפאַל פון יאַם דורך שטאַרקע פעסטונגען, פון דער לופטן — אַנטיאַוויאַציע־קאַנאָנען און זיכערע באַהעלטענישן און פון דער יאַבאָשע — וואַסער.

זיי האָבן געעפנט די דאַמבע, וועלכע האָט געשיצט דעם צאָפּן־טאָל פון פראַנקרייך קעגן יאַם־אָנגריף, און האָבן פאַרטרונקען אַ ריזיקן שעטעך ביז קיוסעל, וועלכער האָט זיך אַרויפגעכאַפּט אַף אַ הויכן באַרג, פונקט ווי ער וואָלט געהאַט אַנטלאָפן פון וואַסער. אָט דער באַרג און אַנדערע גרויע בערגלעך צו מיזרעך פון דונקערק האָבן זיך געהויבן איבער דער מוטנער פלאַכקייט פון די פאַרטרונקענע פעלדער.

די טשעכאָסלאָוואַקן, באַוואָפנטע מיט ביקסן און אַלטע טאַנקען און פּאַנצער־אויטאָמאָבילן, זיינען געשטאַנען בילדנדיק אַ גרויסן האַלבערינג אַרום דונקערק. פאַר זייערע אויגן האָט געגלאַנצט דאָס וואַסער, פון דעם וואַסער האָבן אַרויסגעשטאַרצט דעכער פון איינצלנע פאַרמס, נאַקעטע ביימער־שפּיצן, ענלעך צו פאַרקריפּלטע הענט פון אַ דערטרונקענעם. דאָס וואַסער האָט, אָפּפאַלנדיק, לאַנגזאַם אָפּגעטראָטן אַף צוריק, די בריגאַדע, באַוועגנדיק זיך נאָך איר, איז אויך אַזוי לאַנגזאַם געגאַנגען פאָרויס. באַנאַכט פלעגן די טאַנקיסטן זיך פאַרוואַנדלען אין ווענעציאַנישע גאָנדאָליערן זיי פלעגן זיך אַריינזעצן אין שיפלעך און אַוועקפאָרן אַף אַ ראַנדעוווּ אין די וויטע דערפער און הויפן. אַמאָל פלעגן זיי אַף צוריקוועגס מיטברענגען אַ צוויי־דריי צעכישטע פריצן — „צינגער״. אַמאָל פלעגן זיי אַליין פאַרפאַלן ווערן. אַזוי אַרום פלעגט טאָג־טעגלעך גרעסער ווערן די רעשימע פון די פאַרלוירן־געגאַנגענע.

אין דעם טאָג פון אונדזער אָנקומען אין דער בריגאַדע האָבן די „גאָנדאָליערס״ מיטגעשלעפּט פון אַ ווייטער פאַרם, צום דאַרם פון בעריזשע, צוויי דייטשן. באַם אויספרעגן זיי האָבן זיי זיך מוידע געווען, אַז דער קאָמענדאַנט פון דעם גאַרניזאָן פון דונקערק האָט אַרויסגעלאָזט אַ באַפעל מיט אַ צוזאָג אַז אינגיכן וועט זיך פאַרענדיקן די באַלאַגערונג פון דער שטאָט. אַלע טשעכאָסלאָוואַקישע אָפיצירן, וועלכע האָבן צוזאַמען מיט אונדז געגעסן מיטיק באַם בריגאַדע־קאָמענדאַנט גענעראַל לישקא, האָבן זיך הילכיק צעלאַכט דערהערנדיק די יעדיע. זיי האָבן געמיינט אַז דער דייטשישער אַדמיראַל האָט אַביסל איבערגעכאַפּט די מאָס: וועלנדיק הויבן די מאָראַל פון די דייטשן, האָט ער זיך נאָר געמאַכט לעכערלעך אין די אויגן פון די פאַרבינדעטע. אונדזערע מיטשפּייזער האָבן זיך פאַר־

לאָזט ניט אַזוי פיל אָפּן קויעך פון זייער בריגאַדע, וויפל אַף דער פיזי־שער אומעגלעכקייט אַראָפּצונעמען די באַלאַגערונג פון אַ שטאָט, וואָס געפינט זיך אין טיפסטן הינטערלאַנד. כוץ דעם איז צו הילף פון די טשעכאָסלאָוואַקן שטענדיק אָנגעקומען פרישע אָפּטיילונגען פון דער יונ־גער פראַנצויזישער אַרמיי. די אָפיצירן, מאַכנדיק אַ שנאַפּס, האָבן זייער לאַנג געכויזעקט איבערן באַפעל פון דעם דייטשישן קאָמענדאַנט פון דונקערק: ס'איז אַ נאַרישער טריק און מער גאַרניט.

אָבער, ווי מיר האָבן זיך אין דעם איבערצייגט אַף מאָרגן, איז דער טריק גאָרניט געווען קיין נאַרישער. פאָרנדיק איבער דעם וואַסער־פראָנט, זיינען מיר אַריין צום קאָמענדאַנט פון אַן ענגלישן אַרטילעריע דיוויזיאָן, וועלכער האָט מיט זיין פייער אונטערגעשטיצט די טשעכאָסלאָוואַקן און די פראַנצויזן. אין אַ קליין דאַטשע־הייזעלע, באַלויכטן פון דער פאַר־גייענדיקער זון, האָבן זיך פלוצלינג פאַרזאַמלט אָפיצירן פון זעקס פאַר־בינדעטע נאַציעס: אַ פראַנצויזישער גענעראַל — אַ רויטפּנימדיקער, מיט טונקל־געלע וואָנצעס ענלעך אַף אַ צוגעברוינטן לעקעך; אַ טשעכי־שער פּאָלקאָווניק, אַ גלייכער, אַ ריז, וועלכער האָט פאַרנומען קימאַט אַ האַלבן צימער; אַ סאָוועטישער פּאָלקאָווניק; אַן ענגלישער מאַיאָר, אַ יונגער, איינגעגלויבטער אין זיך און אַ שטאָלצער; און, צום סאָף, צוויי קאַפּיטאַנען, איינער אַ קאַנאַדער און דער צווייטער אַן אַמעריקאַנער, אָן שום אויסצייכענונגען, אויסער די וואָס די זיינען געווען אָנגעניית אַף זייערע אַרבל.

דער טשעכישער פּאָלקאָווניק האָט דערציילט וועגן דעם דייטשישן באַפעל. און אויך דאָס מאָל האָבן די פאָרשטייער פון די אַלע זעקס פעל־קער זיך פריילעך צעלאַכט.

אָבער די פריילעכקייט האָט געדויערט גאָר ניט לאַנג. מען האָט גע־בראַכט אַ ראַדיאָ־דעפּעשע דעם מאַיאָר. ער האָט זי דורכגעלייענט און זי איבערגעגעבן דעם פראַנצויזישן גענעראַל, פון אים איז זי איבערגעגאַנגען צום טשעכישן פּאָלקאָווניק און דערנאָך שוין אוועק איבער אַלעמענס הענט. דער אַרמיי־שטאַב האָט באַפוילן אַלע אָפּטיילונגען וועלכע האָבן באַלאַגערט דונקערק, איינפירן בא זיך אַלאַרעם־צושטאַנד פון ערשטן גראַד. אין דעם באַפעל האָט מען פאַרטייטשט, אַז דעם זעלבן טאָג בא־גינען האָבן די דייטשן דורכגעבראָכן דעם אַמעריקאַנער פראָנט אין אַר־דען. אין דעם דורכברוך זיינען געוואָרפן געוואָרן מעכטיקע טאַנקען־קאָ־לאָנעס, וועלכע רוקן זיך צו ליעזש און נאַמיור קעדיי זיך דערשלאָגן צום יאָם, און אַף זייער וועג ווישן זיי אָפּ די שיטערע און שוואַכע אַמעריקאַ־נישע באַשיצונגען. דער שטאַב האָט דערוואַרט, אַז אין פאַל ווען די דייטשן וועט זיך איינגעבן איבערגיין דעם טייך מאַאַס, וועט דער פיינט־לעכער גאַרניזאָן פון דונקערק מאַכן אַ פּרווו דורכצורייסן די באַלאַגע־רונג און אַרויסטרעטן אַף צו באַגעגענען זיך מיט די זייניקע. איצט האָט

שוין דער באַפעל פון דעם דייטשישן אַדמיראַל גאָר ניט אויסגעזען אַזוי לעכערלעך. ער האָט נאָר באַשטעטיקט די אומרואיקייט פון דעם שטאַב.

מיר האָבן זיך שנעל געזעגנט און פאַרלאָזט דעם קאָמאַנדע־פונקט פון דעם דיוויזיאָן. פון שפּיץ קאסעלער באַרג האָבן מיר זיך אומגעקוקט אַפן דונקערקער טאָל. איבער דונקערק האָט געבליצט, דאָס האָט דער רעכטער פליגל פון די באַלאַגערנדע באַשאָסן די שטאָט מיט ראַקעט־כּנאַריאַדן, וועלכע מען האָט פאַרכאַפּט בא די דייטשן.

איך וועל אַביסל פאָרויסגיין און דערקלערן, אַז דער דונקערקער גאַרניזאָן איז ניט געווען אימשטאַנד אַרויסרייסן זיך פון דער באַלאַגערונג, אָבער ער האָט זיך אויך ניט אונטערגעגעבן ביז דער פולקאָמער קאַפּיטולאַציע פון דייטשלאַנד.

אין בריסל איז געווען אומרואיק. די פּאַניק־קלאַנגען זיינען דערגאַנגען צו דער בעלגישער הויפּטשטאָט, ווייזט אויס, נאָך פריער ווי די אָפּעראַטיווע דעפּעשן. שוין אַף מאָרגן אינדערפרי האָבן זיך באַוויזן אַף די גאַסן די ערשטע פּליטים. זייער אויסזען, אַן אויסגעמאַטערטער, אַן אָפּגעריסענער, האָט גערעדט בעסער ווי מיט ווערטער: די דייטשן זיינען נאָענט! די בעלגיער האָבן נאָך גוט געדענקט די שנעלקייט פון די דייטשישע קלעפּ. זיי זיינען דאָך געקומען אין לאַנד אין 1940 און דורך דעם זעלבן וועג. דאַן האָבן די היטלעריסטן באַדאַרפט ניט מער ווי אַ פּאָר טעג אַף אָנצוקומען ביז בריסל. די פּאַניק־טרייבער האָבן זיך געקליבן צו אַנטלויפן נאָך ווייטער אַף מיַירעוו קיין פראַנקרייך.

אין פאָדערהויז פון אונדזער האָטעל איז שנעל געוואַקסן אַ בערגל פון רייזע־בעטלעך, האַנט־טאַשן און טשעמאָדאַנעס פון די קריגס־קאָרעספּאָנדענטן. זיי אַליין פלעגן אַריינפאַלן מידע, ניט קיין ראַזירטע אין עסצימער און געפאָדערט קאָניאַק. מיינע קאָלעגן זיינען געלאָפן פון סטפּאַ צוזאַמען מיטן שטאַב פון דער 1־טער אַרמיי. אַף דער פראַגע, וואָס אַזוינס איז פאָרגעקומען אין אַרדען, פלעגן זיי נאָר מיד אַ מאַך טאָן מיט דער האַנט און אַ הויב־טאָן מיט די פּלייצעס.

פאַר די אַליאירטע איז געווען אַן אומאַנגענעמער סיורפּריז ניט נאָר די ריכטונג, נאָר אויך דער קויעך פון דעם דייטשישן קלאַפּ. אינדערפרי דעם 16־טן דעצעמבער 1944 האָבן די דייטשן אַטאַקירט דעם גאַנצן אַמעריקאַנער פראָנט פון מאַנשאו (אַף דאָרעם־מיזרעך פון אייפּען) ביז עכטערנאַך (צו צאָפן־מיַירעוו פון טריר). אָן גרויסע אָנשטרענגונגען און ניט פאַרלירנדיק קיין צייט האָבן זיי דורכגעבראָכן עטלעכע ברייטע טויערן אין דער אַמעריקאַנער באַשיצונג און זיך געעפנט אַ וועג צו די גרויסע וועג־קנופּן מאַלמעדי — סען וויט. אין אָט־די טויערן האָבן אַ שטראָם געטאָן די געפּאַנצערטע קאָלאָנעס פון דער 5־טער דייטשישער טאַנקען־אַרמיי און פון דער זעקסטער ס. ס. טאַנקען־אַרמיי. אַרויסגעריסן זיך אַף די גערוימע וועגן האָבן די טאַנקען זיך אַ וואָרף געטאָן פאָרויס, און

צעשפּרייט ווי אַ פּעכער, זיך אַ לאָז געטאָן צו סעדאַן, זשיווע, נאַמיור און ליעזש. די געפּאַנצערטע נעגל האָבן זיך געצויגן קוידעם־קאָל צו ווערוויע, וועלכע האָט געהאַלטן פאַרשפּאַרט דעם וועג אַף ליעזש, צו מאַרש צו, וואָס איז געלעגן פּונקט אַפן מיטן וועג צו נאַמיור און צו דעם לוק־סעמבורגער שטעטל באַסטאָן; נאָך באַסטאָן האָבן די דייטשן געכאַלעמט וועגן אַן אַנטוואָפּנטער סעדאַן, און רעכטס פון איר — ברייטע טויערן פאַר אַ דורכגאַנג הינטער דער מאַזשינאָ־ליניע. פאָרויס פון די טאַנקען־קאָלאָנעס האָבן די דייטשן אַראָפּגעוואָרפן אָפּטיילונגען פון פּאַראַשו־טיסטן. די פּאַראַשוטיסטן האָבן פאַרכאַפּט די בריקן, און די קליינע, אָבער גאָר וויכטיקע אין סטראַטעגישן זין, באַוואוינטע פּונקטן. זיי צו הילף זיינען געשיקט געוואָרן מאָטאָריזירטע דיווערסאַנטן. די גרופּעס פון די־ווערסאַנטן זיינען באַשטאַנען פון ס. ס. לייט וואָס האָבן גוט גערעדט ענגליש. זיי האָבן אַ לאַנגע צייט געוואוינט אַלס קריגס־געפאַנגענע אין די אַמעריקאַנער לאַגערן און דאָרט האָבן זיי זיך איינגעאיבט אין דער ענגלישער שפּראַך מיט אַן אַמעריקאַנער אַקצענט און איינגעזאַפּט אין זיך דעם אַמעריקאַנער מיליטערישן זשאַרגאָן. ערעוו דעם אָנגריף האָט מען זיי אָנגעטאָן אין אַמעריקאַנער אוניפאָרמען, באַוואָפנט מיט אַמעריקאַנער געווער און זיי אַ וואָרף געטאָן פאָרויס, ווי נאָר די דייטשישע טאַנקען האָבן זיך דורכגעריסן דורך דער פראָנט־ליניע. זייער אויפגאַבע איז גע־ווען: דורך אָפּנאַרעריי, אָדער אַף קויעך אַריינדרינגען אין האַרץ פון די אַמעריקאַנער אָפּטיילונגען, צו זייערע שטאַבן, צעשמעטערן זיי און אויס־האַרגענען די אָפיצירן. יעדע דיווערסיע־טעראָריסטישע גרופּע האָט באַקו־מען אַ צעטל, ווו עס זיינען געווען אויסגערעכנט די שטאַבן וועלכע מען האָט באַדאַרפט פאַרניכטן. דאָס אויסמאָרדן פון די העכערע אָפיצירן איז אָנפאַרטרויט געוואָרן באַזונדער אויסגעטיילטע פאַר דעם צוועק, געניטע טעראָריסטן. אין דער שפּיץ פון דעם אַלעמען איז געשטאַנען הימ־לערס געהילף, אַן אויסשפּירער און דיווערסאַנט, פּאָדפּאָלקאָווניק סקאָר־טשעני, וועלכער האָט באַפרייט מוסאָליניען פון דער טפיסע.

פאַרכאַפּנדיק אַמעריקאַנישע אויטאָמאָבילן האָבן די דיווערסאַנטן זיך אַ לאָז געטאָן איבער די אָרדענער וועגן, זייענדיק איבעראַל טויט און פּאַ־כעד. זיי פלעגן אויסמאָרדן איינצלנע זעלנער און אָפיצירן, פאַרניכטן די גאַרניזאָנען פון די קליינע אָרדענער שטעטלעך. זיי האָבן פאַרשפּרייט אַ פּאַניק אין דעם טיפן הינטערלאַנד און פּאַראַליזירט די פאַרבינדונג צווישן באַזונדערע אָפּטיילונגען און מיליטערישער אָנפירערשאַפט. די פּאָסטן־וועכטער פון די פאַרבינדעטע האָבן אָפטמאָל ניט געקענט אונטער־שיידן זייערע אייגענע זעלנער און אָפיצירן פון די באַנדיטן פון סקאָר־טשעני, אָנגעטאָנענע אין אַמעריקאַנער אוניפאָרמס. זיי פלעגן טעראָריזירן די וואַכפּאָסטן. באַם פאָדערן פון זיי דאָקומענטן, פלעגן זיי פון טאַש אַרויסשלעפּן בלעזלעך מיט אַ שטאַרקן גיפט, אַ שפּריץ טאָן אין פּאָנים

פוו וועכטער און יענער פלעגט גלייך אומפאלן א טויטער. די פּאָסטנס האָט מען געמוזט פאַרטאָפּלען: איין וועכטער פלעגט דורכקוקן די דאָקומענטן און דער אַנדערער פלעגט אייך האַלטן אונטערן ציל פון זיין אויטאָמאַטישן ביקס.

די אומאָרדענונג, וואָס האָט געהערשט אין די פאַרבינדעטע אַרמייען, האָט צוגעהאָלפן דער טעטיקייט פון די דיווערסאַנטן. יעדער מיליטערישער אויטאָמאָביל, באַזעצט מיט מענטשן אין דער אוניפאָרם פון די פאַרבינדעטע האָט געקענט לייכט באַקומען אין יעדן סקלאַד אַזוי פיל ברענשטאָף, וויפל ער האָט עס נאָר פאַרלאַנגט. אַגעוו, טיילמאָל איז גאָר ניט געווען קיין נויטווענדיקייט צו בעטן ברענשטאָף, ער איז געלעגן אין פעלד איינגאַנצן ניט באַוואַכט.

די טאַנקען־קאָלאָנעס פון די אַנגרייפער האָבן זיך געריסן פאָרויס, אָפּווישנדיק די שלאַבעריקע פאַרטיידיקונגס־פּאָסטנס, און אומגייענדיק דורך א זייטיקן וועג די מער פעסטערע קנופּן. זיי האָבן פאַרפולט אַלע וועגן, פלעגן איבערשטייגן די בערג, זיך אַראָפּלאָזן אין די טאָלן און פונקט ווי א שטראָם, פלעגן זיי אויסזוכן די מער שוואַכערע פּלעצער. ווען די דייטשישע טאַנקען זיינען ניט געווען בעקויעך דורכצוברעכן דעם באַריער, וואָס איז אַנטשטאַנען אַפן וועג צו ליעזש, האָבן זיי אַנגעהויבן דורכברעכן א וועג צו נאַמיור. אַנטרעפנדיק אויך דאָרט א פעסטן ווידערשטאַנד, האָבן זיי ווידער געביטן די ריכטונג פון דעם הויפּט־שטויס און זיך א לאָז געטאָן צו דינאַן און זשיווע, אַפן טייך מאַאַס, אין יענעם פלאַץ ווו דער טייך נעמט אַרום מיט א קוואַדראַט די שטאָט אַרדען און שפּעטער ציט זיך אויס אין א גלייכער ליניע פון נאַמיור ביז מעזיער. צום שלוס פון די ערשטע צען שלאַכט־טעג האָבן זיי פאַרנומען די שטעט ראָשפאָר און אַממאַן, ניט ווייט פון דעם דערמאָנטן אויסבויג.

די פאַרבינדעטע, צעטומלט פון דעם קלאַפּ, האָבן זיך פון אָנהויב איינגאַנצן פאַרלוירן. די ערשטע אַרמיי איז געוואָרן צעשניטן אַף צוויי טיילן. זי האָט פאַרלוירן אַלע אירע לאַגערן מיט ברענשטאָף, אַמוניציע, פּראָוויאַנט און קריגס־מאַטעריאַל. מיר קענען ניט זאָגן וויפל מען האָט דאָן פאַרלוירן. וועגן דעם ווייסט נאָר די אָנפירערשאַפט פון דער 12־טער גרופּע. פון די ווערטער פון דעם שעף פון אויספּפיר־דינסט פון דער 21־סטער גרופּע, בריגאַדיר וויליאַמס, איז אונדז באַקאַנט געוואָרן, אַז בלויז אין איינעם פון די פאַרכאַפּטע דורך די דייטשן סקלאַדן, האָבן די אַמעריקאַנער פאַרלוירן מער ווי דריי הונדערט טויזנט ליטער בענזין. די צאָל פון די פאַרלוירענע סנאַריאַדן האָט זיך געציילט אין מיליאָנען, לאַסט־אויטאָמאָבילן אין די טויזנטער, טאַנקען אין די הונדערטער. דער פאַרלוסט פון מענטשן אין דער 1־טער אַרמיי, לויט דעם אָפּשאַצן פון די ענגלענדער, האָט צווישן טויטע און געפאַנגענע (איבערהויפּט געפאַנגענע) דערגרייכט ביז הונדערט טויזנט מאַן.

בא די אליאירטע האט זיך ניט געפונען גענוג קויעך צו פארמאכן דעם אפענעם דורכברוך. זיי האבן אויסגעדרייט די ניינטע ארמיי, וואס איז געשטאנען צום צאפן פון ארדען, מיטן פאנים צום דארעם, און איבערגערוקט די דריטע ארמיי, וואס האט זיך געפונען אין דארעם פון ארדען, עטוואס צאפנדיקער. פון אנפאנג האבן די ביידע ארמייען בלויז געפרווט איינהאלטן דעם דייטשישן שטראם אין די גרענעצן פון דעם ארדענער ארויסטריט, וואס איז באשאפן געווארן דורך דעם טייך מאאס; שפעטער האבן זיי אנגעפאנגען צו דריקן אף דעם שוירעש פון דעם דייטשישן קלין. די צווייטע בריטישע ארמיי האט צוהילף די אמעריקאנער, אויסגעטיילט דעם 30־טן קארפוס, וועלכער האט אבער ניט גענומען קיין שום אנטייל אין די שלאכטן אין דער ערשטער סטאדיע פון ארדענער קאמף. זיינע דיוויזיעס האבן זיך אויסגעצויגן אין דער לענג פון דעם צאפנדיקן ברעג פון טייך מאאס, צווישן ליעזש און נאמיור. די 6־טע ענגלישע פאראשוטיסטן־דיוויזיע, וועלכע איז דורך לופט געבראכט געווארן פון ענגלאנד, האט זיך פארגראבן אין טראנשייען אפן מייערעוודיקן ברעג פון מאאס. אין דער מיט פון דעם בויגן, אין ארדען, האבן געקעמפט די צעשעדיקטע און צעווארפענע אפטיילונגען פון דער ערשטער ארמיי, וועלכע האבן דאן ארויסגעוויזן א מוסטער פון העלדישקייט און קאמפסבעיקייט.

צום אנפאנג פון דער צווייטער וואך נאך דעם דורכברוך איז צו הילף די אליאירטע געקומען דער וועטער. דער הימל האט געגלאנצט מיט זיין בלויקייט, און אין דעם בלויען הימל האבן זיך באוויזן טויזנטער אליאירטע אוויאנען. די שווערע באמבארדיר־אוויאנען האבן צעטראגן אף פיצלעך עטלעכע קליינע ארדענער שטעטלעך, וועלכע האבן געהאט דאס אומגליק אויפצובויען גוטע בריקן איבער די בערג־טייכלעך. כמארעס פון פארניכטערס און שטורמערס האבן זיך געשלענגלט איבער די וועגן פארטרייבנדיק די דייטשן אין די וועלדער אריין. איצט האבן די היטלעריסטן זיך באוועגט נאר בא דער נאכט. די נעכט אבער זיינען געווען אזעלכע לאנגע, אז די דייטשן פלעגן באווייזן אריבערוווארפן די נויטיקע רעזערוון און קריגס־מאטעריאל און אף צומארגנס האבן זייערע טאנקען געהילכט אלץ נענטער און נענטער צו דינאן און זשיווע.

דער שטאב פון דער 21־סטער גרופע, וואס האט איצט אנגעפירט מיט די שלאכטן אין דער צאפנדיקער העלפט פון ארדען, איז נאך אלץ געווען נערוועז. און כאטש צום ענדע פון דעצעמבער האט זיך פאקטיש אפגעשטעלט דער אוואנס פון די דייטשן (ער האט זיך געציילט בלויז אין הונדערטער יארד) דאך האבן די אליאירטע נאך אלץ ניט געוואגט ארויסקריכן צום טייך. די אויסשפיר־דינסט האט געמאלדן, אז די 6־סטע ס. ס. טאנקען־ארמיי, וועלכע איז פארהאלטן געווארן אפן רעכטן פליגל פון דעם דייטשן אוואנס, פארענדיקט איר איבערגרופירונג. איר טאנקען־

קאָרפּוס האָט זיך אַרויסגערוקט צום שפּיץ פון דעם דייטשישן אַרויס־שפּאַר, געריכטעט צום הויפּט־קלאַפּ. קעדיי צוגרייטן פּאַר אים אַ וועג, האָבן די דייטשן, לויטן אַלטן סיידער, אַרויסגעוואָרפן פּאַרויס פּאַראַשו־טיסטן. איין אָפּטיילונג האָט פאַרכאַפּט אַ דערפל ניט ווייט פון דעם פראַנצויזישן שטעטל זשיווע און אַרויסגערופן אַ דערשיטערונג צווישן די שטאַב־אָפיצירן פון דער 21־סטער גרופּע. דער וועג פון אַרדען צו מאַאָס איז זיך באַ יענעם דערפל צעגאַנגען אין צוויי ריכטונגען: צו זשיווע און צו דינאַן. מיטן פאַרנעמען פון אָט די צוויי שטעטלעך, וועלכע זיינען געלעגן אַפן מיזרעך־ברעג פון טייך, האָבן די אַליאירטע דערוואַרט פון די דייטשן דעם נעקסטן און דערצו אַ פאַרניכטנדיקן שטויס איבערן טייך מאַאָס.

איידער אַ שפּרונג טאָן פאָרויס מיט די טאַנקען האָבן די דייטשן דערלאַנגט אַ קלאַפּ פון דער לופט, דאָס איז אַגעוו געווען דער איינציקער לופט־קלאַפּ אין מעשעך פון דעם גאַנצן קאַמפּיין אַפן מײַרעוו־אייראָפּעישן פראָנט. אַפן פרימאָרגן פון דעם 1־טן יאַנואַר, וואָס איז געווען אויסער־געוויינלעך אַ גינסטיקער, האָבן די דייטשישע אַוויאָנען דורכגעפירט אַן איבערפאַל אַף די עראָדראָמען און סקלאַדן פון ברענשטאָף און קריגס־מאַטעריאַל איבערן גאַנצן פראָנט פון האָלאַנד ביז סאַאַר. זייער געווינס איז טאַקע ניט געווען קיין איבעריק גרויסער, נאָר אין מעשעך פון דעם ערשטן טאָג פון 1945 האָבן זיי זיך געפילט ווי באַלעבאַטים פון דער לופט איבערן מײַרעוו־פראָנט. זיי האָבן זיך געדרייט איבער די שטעטלעך פון די נאָרוואָס באַפרייטע לענדער, באַשאָסן די גאַסן און זיך נאָכגעיאָגט נאָך די אויטאָמאָבילן איבער די וועגן. ס'איז געווען אַזוי מאָדנע צו זען צענדליקער אַוויאָנען מיט דער סוואַסטיק שוועבנדיק איבער דער שטאָט בריסל, ניט ווייט פון וועלכער עס האָט זיך אויסבאַהאַלטן דאַן דער שטאַב פון דער 21־סטער גרופּע. די דייטשן האָבן פּיקירט אַף די געביידעס, וווּ עס זיינען געווען איינגעשטעלט די מיליטערישע אַמטן. ניט ווייט פון דער געביידע וווּ עס האָט זיך געפונען די „שייף"־מיסיע איז אַנטשטאַנען אַ סריפּע. איבער דער אומגעגנט האָט זיך אויפגעהויבן אַ זייל פון שוואַרצן רויך — דאָס האָט געברענט אַ לאַגער מיט ברענשטאָף. אין בריוגגע איז געלונגען די דייטשן אונטערצוצינדן עטלעכע טראַנספּאָרט־אַוויאָנען און אַ סקלאַד.

די אַליאירטע אַוויאַציע האָט אָפּגעענטפערט די דייטשן בלויז באַ די גרויסע שטעט, ווי בריסל און אַנטווערפּן. אָבער שוין גלייך אַפן אַנ־דערן טאָג זיינען די אַליאירטע געווען גרייט צו קעמפן מיט די דייטשן פאַר דער אויבערמאַכט אין דער לופטן איבער דער גאַנצער לענג פון פראָנט. די דייטשישע אַוויאָנען האָבן זיך אָבער ניט באַוויזן אַף אונטער־צוהאַלטן זייערע יאַבאָשע־קויכעס וואָס האָבן געפירט אַן אָנגריף אַף דינאַן און זשיווע.

אגעוו איז דער קלאפּ גופא ניט צושטאנד געקומען. דער טאנקען־קארפּוס פון דער 6־סטער דייטשישער ס. ס. ארמיי האט זיך אפּגעשטעלט אין סאמע צענטער פון ארדען, ניט דערגייענדיק צו זיינע פּאזיציעס צום מייַרעוו פון ראשפאר ־ אמאאן, און האט זיך אנגעהויבן אייליק צו לאנדן אין עשעלאנען. די עשעלאנען זיינען געגאנגען אף מיזרעך. עטלעכע טעג שפּעטער איז זיי נאכגעגאנגען אויך די גאנצע 6־סטע ס. ס. ארמיי. שוין דעם 20־טן יאנואר האבן 9 פון 12 ס. ס. דיוויזיעס ניט נאר פארלאזט די גרענעצן פון ארדען, נאר אינגאנצן פארשוואונדן געווארן פון די אויגן פון דער אויסשפּיר־דינסט פון די אליאירטע; די איבעריקע דיוויזיעס האבן זיך געפונען אפן וועג פון ארדען צום ריין.

גענעראל מארשאלס יעדיע אין זיין „באריכט", און אויך די באהויפּטונג פון ראלף אינגערסאל אין זיין ביכל „זייער געהיים", אז די 6־סטע ס. ס. טאנקען ארמיי איז געווען צעקלאפּט דורך די אמעריקאנער אין ארדען, שטימט ניט מיט דערווירקלעכקייט. אף א פּרעסע־קאנפערענץ באַ פארמאכטע טירן, וועלכע איז פארגעקומען דעם 23־טן יאנואר, האט זיך דער שעף פון אויסשפּיר־דינסט פון דער 21־סטער גרופּע, בריגאדיר וויליאמס מודיע געווען, אז די זעקסטע ארמיי איז אוועק פון ארדען אן שום בארירונג מיט די אליאירטע הויפּט־קויכעס, נאך איר ניט געלונגענעם אוואנס אפן רעכטן פליגל. און דער שעף פון שטאב פון דער 21־סטער גרופּע האט דערקלערט דעם 4־טן מערץ, אז די 6־סטע ס. ס. טאנקען־ארמיי איז אוועקגעגאנגען פון ארדען גלייך צום מיזרעך־פראנט. לויט זיינע ווערטער, האט די דייטשישע אנפירערשאפט גערעכנט פון אנהויב פארשטארקן איר מיזרעך־פראנט אפן כעזשבן פון די מיליטער־אָפּטיילונגען אין איטאליע. אבער צום סאף פון דעצעמבער, ווען די דייטשן האבן פעסטגעשטעלט דעם פארנעם און די ערנסטקייט פון די סאוועטישע צוגרייטונגען צו א נייער אפענסיווע, האט זיך ארויסגעוויזן אז די איטאליענישע כאיאלעס וועלן ניט אימשטאנד זיין אנצוקומען צו דער צייט. דערפאר האט היטלער געמוזט זיך אפּזאגן פון דער אנטוויקלונג פון זיין דערפאלג אין ארדען און ווי אמשנעלסטן אריבערווארפן די 6־סטע ס. ס. ארמיי און נאך איר נאך אנדערע אפּטיילונגען צום מיזרעך־פראנט — ווייל דארט איז דאן געגאנגען אין קאן דער גורל פון דייטשלאנד.

די אליאירטע, אויפגעמונטערטע פון דעם אפּשטעלן זיך פון די דייטשן, האבן דאן געפּרוווט אטאקירן זיי פון דעם צאפּן, אבער דער אוואנס פון דער ערשטער ארמיי האט צו גארניט ניט געבראכט. ער האט זיך פארכלינעט שוין אפן אנדערן טאג. דאן איז אף א געוויסער צייט געווארן איינגעשטעלט א פולשטענדיקער שטילשטאנד. און פּלוצלינג, איז פונקט ווי פון א בליץ, דער שטילשטאנד געווארן דורכגעשניטן מיט א מעלדונג פון דער דייטשישער ראדיא וועגן דעם אנהויב פון דער סאוועטישער ווינטערדיקער אפענסיווע. וועלנדיק איינהאלטן דעם אנקומענדיקן שטורעם

ווי ווייט מעגלעך אַף אַ ווייטערן שעטעך פון די גרענעצן פון דער פאַשיסטישער נאָרע, האָט די היטלעריסטישע אויבערקאָמאַנדע אַ וואָרף געטאָן קעגן דער רויטער אַרמיי אַלץ, וואָס זי האָט נאָר געקענט אויסקראָבען אַף אַלע איבעריקע פראָנטן. די דייטשן האָט זיך איינגעגעבן ייִער שנעל און פלינק אַרויסשלעפּן פון אַרדען גלייך נאָך דער זעקסטער, אויך די פינפטע טאַנקען־אַרמיי. די שלאָגלערישע אָפּטיילונגען זיינען פאַרביטן געוואָרן מיט צווייטראַנגיקן מיליטער: פאָלקס־גרענאַדירן און פאָלקס־שטורמער.

די אַליאירטע האָבן זיי אַ יאָג געטאָן אַף צוריק צו דער דייטשישער גרענעץ, האַגאַם די אָנפירערשאַפט פון די פאַרבינדעטע האָט אויך איצט פונקט ווי פריער זיך ניט געאיילט: דאָס מאָל האָט איר מיטגעהאָלפן ניט נאָר די צייט, נאָר אויך דער וועטער. אין די בערג איז אויסגעפאַלן אַ שניי און עס זיינען אָנגעקומען פרעסט, גאָר ניט קיין געוויינלעכע פאַר דער געגנט. קעדיי די פאָלקס־גראַנאַדירן און שטורמער זאָלן ניט אָפּטרעטן צו שנעל האָט די דייטשישע קאָמאַנדע באַזאָרגט יעדע אָפּטיילונג מיט אַן ס. ס. פאַרשפּאַרער. אָט די פאַרשפּאַרערס פלעגן אָפּטרעטן לויט דער אָנגעוויזענער שנעלקייט און די ס. ס.־לייט האָבן באַקומען אַ באַפעל שיסן יעדן איינעם, ווער עס וועט נאָר וואַגן זיי איבעריאָגן. די גראַנאַדירן און שטורמער, וועלכע האָבן כוץ זייערע שרייאיקע נעמען, ניט פאַרמאָגט גאָרניט, האָבן פאַרזייט מיט זייערע טויטע קערפּערס אַלע מיט שניי פאַרשאָטענע בערג־וועגן און האָבן פאַרפולט די לאַגערן פאַר די קריגס־געפאַנגענע.

צום סאָף פון יאַנואַר האָט זיך שוין פאַרענדיקט די „אַרדענער פאָרשטעלונג", ווי דאָס האָבן אַ נאָמען געגעבן די ענגלענדער און די אַמעריקאַנער. די אָפּגעפרוירענע און אָנגעשראָקענע גראַנאַדירן און שטורמער האָבן זיך אויסבאַהאַלטן הינטער דער זיגפריד־ליניע: אַזוי אַרום האָט זיך צוריקגעשטעלט דער אַלטער פראָנט קימאַט אָן שום ענדערונגען אין זיינע אַמאָליקע ליניעס.

די דינסט פאַר געזעלשאַפטלעכער פאַרבינדונג, אָדער אַנדערש גערעדט, די פּראָפּאַגאַנדע־דינסט האָט פאַרזיכערט, אַז די דייטשן האָבן געוואָלט מיט זייער קלאַפּ אַף ליעזש, צעשמעטערן די ערשטע אַמעריקאַנער אַרמיי, אַרויסגיין צו אַנטווערפּן, אָפּשניידן די 9־טע אַמעריקאַנער, 2־טע ענגלישע און די ערשטע קאַנאַדער אַרמייען און שאַפן פאַר די אַליאירטע אַ צווייטן דונקערק, קעדיי צו באַזייטיקן אינגאַנצן ענגלאַנד פון דער מילכאָמע.

אָט אַזאַ מין ווערסיע, פאַרשפּרייט דורך דעם גענעראַל מאַרשאַל אין זיין „באַריכט" און דורך ראַלף אינגערסאָל אין זיין ביכל „זייער געהיים" איז גאָר ניט איבערצייגנדיק און באַשטעטיקט זיך אויך ניט מיט קיינע פאַקטן. צוויי און צוואַנציק דייטשישע דיוויזיעס, דערצו נאָך ניט אין

פולן באשטאנד, וועלכע זיינען ארויסגערוקט געוואָרן צום אָרדענער אָנ־
גריף האָבן בעשום אויפן ניט געקענט פאַרניכטן, אַרומרינגלען און אַריינ־
שטויסן אין יאַם אַריין פיר פולע אַרמייען, אין באשטאַנד פון אַנדערהאַלבן
מיליאָן מאַן און וועלכע באַהערשן נאָך דערצו פולשטענדיק דעם יאַם
און די לופט. דער דייטשישער פראָנט פון דיורען (צו מיזרעך פון אַאַכען)
ביז אַרנעם (האָלאַנד) איז געווען אינגאַנצן אָנטבלויזט. נאָר אין דער
צאָפּנדיקער און מיירעוודיקער טייל האָלאַנד, הינטער וואַסער־שטערונגען
האָבן זיך אויסבאַהאַלטן עלף פיינטלעכע פאַראַשוטיסטן באַטאַליאָנען,
וועלכע האָבן אַגעוו ניט געהאַט קיין מעגלעכקייט אָן ריזיקע צו קומען
צו הילף די אָנגרייפער, ווייל דאָס פעלן פון וועגן אין האָלאַנד איז געווען
אַ שווערד מיט צוויי שאַרפן.

די דייטשן אַליין האָבן מוידע געווען, אַז זיי האָבן נאָר געהאַט בע־
דייע אָפּרוקן די צוגעגרייטע אַמעריקאַנישע אָפּענסיווע, קעדיי באַפרייען
וואָס מער קויכעס אַף צו קענען שטעלן אַ ווידערשטאַנד דער קומענדיקער
כאַוועטישער ווינטער־אָפּענסיווע. זייער דערקלערונג שטייט שוין אַ סאַך
נענטער צום עמעס. מיטן פאַרכאַפּן און פאַרניכטן פון דער אַמעריקאַנער
באַזע אין אַרדען האָט מען איבערגעלאָזט די גאַנצע צענטראַלע גרופּע פון
די אַליאירטע אַרמייען אַף אַ לאַנגן טערמין אָן געווער, אָן קריגס־מאַטע־
ריאַל און אָן פּראָוויאַנט. אויב די קאַלקולאַציעס פון דער זעקסטער ס. ס. טאַנ־
קען־אַרמיי וואָלטן אַרויס אַף די ברייטן פון די בעלגישע טאָלן צו צאָפּן
פון מאַאַס, וואָלטן די דייטשן באַקומען אַ ניט קלענערן געווינס ווי אין
אַרדען; ווייל דאָרט איז געווען דער רעטאַגוואַרד פון דריי פאַרבינדעטע
אַרמייען און דער שטאַב פון דער 21־טער גרופּע. אַ דורכבריים צו די פראַנ־
צויזישע טאָלן, צו מיירעוו פון מאַאַס, צווישן נאַמיור און סעדאַן (אַף דעם
אַלט־דייטשישן וועג קיין פראַנקרייך) וואָלט געעפנט פאַר די דייטשן דעם
שפּייכלער פון אַלע אַמעריקאַנער אַרמייען, וואָס האָבן זיך געפונען צווישן
פּאַריז און דער דייטשישער גרענעץ. אַזאַ מין קלאַפּ וואָלט פּאַראַליזירט
די פאַרבינדעטע אַף לאַנגע כאַדאָשים, וויניקסטנס ביז צו דעם קומענ־
דיקן פרילינג.

דער פּלאַן איז אָבער דורכגעפירט געוואָרן בלויז טיילווייז.

דער גענעראַל מאַרשאַל האָט מוידע געווען אַז דער דייטשישער קעגנ־
קלאַפּ האָט אָפּגערוקט די אָנגעמערקטע אַמעריקאַנער אָפּענסיווע אַף זעקס
וואָכן. די שטאַב־אָפיצירן אָבער האָבן גערעכנט דעם טערמין ניט וויני־
קער ווי אַכט־צען וואָכן.

אַ סאַך סיבעס האָבן געשטערט די דייטשן צו דערגרייכן דעם אָנגע־
מערקטן ציל. די אַמעריקאַנער, קומענדיק צו זיך נאָכן ערשטן צוזאַמענ־
ברוך האָבן גלייך געשטעלט אַ ווידערשטאַנד. אין דער געשיכטע פון דער
מילכאָמע וועט זיין פאַרצייכנט, ווי אַ מוסטער פון העלדישקייט און כאַ־
ווערלעכער טריישאַפט אין קאַמף, דער העראָיזם פון דער — אַרומגע־

רינגלטער לעבן סען־וויט — 7־טער און 10־טער טאנקען־דיוויזיעס און 101־ער פאראשוטיסטן דיוויזיע, וועלכע מען האט ארומגערינגלט אין באסטאן. די אפטיילונגען פון דער ערשטער ארמיי האבן אויך געקעמפט מיט אן אקשאנעס און גרענעצלאזער פארביטערטקייט.

דאך האט די פעסטקייט פון די באזונדערע אמעריקאנישע אפטיילונגען און אפילע גרופירונגען געקענט נאר פארהאלטן דעם דייטשישן אנגריף, אבער בעשום אויפן ניט אינגאנצן אים צונישט מאכן. אפגעשטעלט האט דעם אנגריף נאר דער מעכטיקער קלאפ אין פוילן. די רויטע ארמיי, האנדלענדיק אין דעם גייסט פון כאווערלעכער מיטארבעט מיט די פארבינדעטע, האט אנגעכאפט די דייטשן פארן גארגל פונקט אין יענעם מאמענט, ווען זיי האבן אויפגעהויבן זייער פויסט קעגן די אליאירטע אף צו דערלאנגען דעם צווייטן קלאפ. די איבערגרופירטע 6־סטע טאנקען ארמיי פון די ס. ס.־לייט, וועלכע איז געווען אנגעצילט אפן הויפט פונקט דינאן - זשיווע, איז אפגעשטעלט געווארן אינמיטן וועג און שנעל אריבערגעווארפן אפן מיזרעך־פראנט. אהין האט מען אויך אנגעהויבן אפשיקן אלע רעזערוון פון דעם דייטשישן מיירעוו־פראנט.

פונקט לעהייפעך די אלע שפעטערדיקע שמירעכצן פון די אנגלא־אמעריקאנישע פראפאגאנדיסטן און גענעראלן, האט אין יענער צייט די אליאירטע הויפט־קאמאנדע ניט איין מאל אונטערגעשטראכן און באצייכנט די אויסערגעוויינלעכע וויכטיקייט פון דער טעטיקייט פון דער רויטער ארמיי פארן גאנצן גאנג פון די געשעענישן אפן מיירעוו. דער דורכפאל פון די דייטשישע פלענער און פון דעם ארדענער אנגריף איז דאן געווען ענג פארבונדן מיט די רוסישע אוואנס־אפעראציעס אפן מיזרעך. אן אפיציר פון דער 21־סטער גרופע האט אף דער פרעסע־קאנפערענץ דעם 16־טן יאנואר 1945, דערקלערט: „דער שטארקער ווינט פון רוסלאנד, הויבט אן אפצורייניקן די שווערע לופט אפן מיירעוו און עפנט די מעגלעכקייטן פאר אנהייבן אפענסיווע אפעראציעס אף אונדזער פראנט". דעם 23־טן יאנואר 1945, האט דער בריגאדיר גענעראל וויליאמס, דער שעף פון אויסשפיר־דינסט פון דער 21־סטער גרופע, אנערקענט, אז דער דייטשישער טאנקען־פויסט, וואס האט זיך אויפגעהויבן איבער די קעפ פון די אמעריקאנישע קויכעס איז געווארן אפגעווענדעט דורך די רוסן. דעם 31־טן יאנואר 1945 האט דער בריגאדע־גענעראל פירד (אויסשפיר־דינסט פון שייף) באשטעטיקט אף דער פרעסע־קאנפערענץ אין פאריז, אז „די רוסישע אפענסיווע האט זיך זייער ערנסט אפגערופן אף דעם צושטאנד פון דעם מיירעוו־פראנט. די פולשטענדיקע איניציאטיווע וואס האט זיך געפונען בא די דייטשן אין די הענט איז ארויסגעפאלן פון זיי. זיי זיינען געווען געצוווּנגען זיך אויסדרייען צו אונדז מיט דער פלייצע און איבערגיין פון אנגריף צו פארטיידיקונג". דער שעף פון שטאב פון דער 21־סטער גרופע, גענעראל גיואינגען, האט אנגע־

פאנגען זיין באריכט דעם 4־טן מערץ 1945 מיט א דערקלערונג, אז די קויכעס־פּראָפּאַרץ אפן מײַרעוו־פראָנט און איבערהויפּט אין גאַנץ אייראָפּע האָט זיך ווינטער־צייט שאַרף געענדערט און אין גרונט א דאַנק דער אָפּענסיווע פון דער רויטער אַרמיי. (די אַלע ווידעס זיינען געמאַכט געוואָרן אַף געשלאָסענע פרעסע־קאָנפערענצן, זיי זיינען ניט געווען באַשטימט פאַר דער ברייטער עפנטלעכקייט; די מיליטערלייט האָבן נאָר פעסטגעשטעלט דעם פאַקט און האָבן אָפּגעגעבן דאָס זייניקע דער מיטאַרבעט פון דעם פאַרבינדעטן וואָס האָט געוויזן די דייטשן וואָס אַזוינס עס באַדייט פירן א מילכאָמע אַף צוויי פראָנטן). אין אָנהויב פעברואַר האָבן מיר זיך ווידער באַגעגנט מיטן גענעראַל פּאַטאָן אין לוקסעמבורג. און יענער האָט אונדז געפרעגט מיט א געלעכטער: „איר קומט ניט פון מיזרעך? (מיר זיינען דאָן געפאָרן פון שטראַסבורג). די דייטשן זיינען אַזוי שנעל געלאָפן פון דאָרט, אַז איך האָב יעדע מינוט דערוואַרט אייערע יאָטן פון הינטער דעם שכיינעסדיקן בערגל...”.

די סאָוועטישע אָפּענסיווע, וועלכע איז דורך אַלעמען דערוואַרט געווען, אָנהויבנדיק פון אַרמיי־קאָמענדאַנטן ביזן געוויינלעכן זעלנער, האָט אַרויסגערופן א געפיל פון פאַרלייכטערונג. קעדיי אויפהויבן די שטימונג בא די קעמפער, האָבן די אָפיצירן געמאָלדן אַלע זייערע זעלנער וועגן דער אָנגעהויבענער סאָוועטישער אָפּענסיווע אין דעם זעלבן טאָג, ווען דער שטאַב פון די אַליאירטע האָט באַקומען א געהיימע מעלדונג וועגן דעם. זיי האָבן באַשלאָסן ניט צו וואַרטן אַף דער אָפיציעלער סאָוועטישער מעלדונג. אַן אָפיציר האָט דערקלערט: „די רוסן קענען אַזוי שווייגן עטלעכע וואָכן און דערנאָך מעלדן אַז בערלין איז פאַרנומען און די מילכאָמע האָט זיך שוין געענדיקט. מיר קענען ניט וואַרטן אַזוי לאַנג...” די זעלנער האָבן באַקומען א באַפעל צו גיין די רוסן אַנטקעגן: זיי האָבן זיך געפונען אַזוי האָבן אַלע געמיינט, גאָר, גאָר ניט ווייט, דאָס באַווייזן זיך פון דער רויטער אַרמיי אין רוקן פון יענע דייטשן, וואָס האָבן נאָך אָנגעהאַלטן דעם מײַרעוו־פראָנט, האָט זיך שוין פיזיש געפילט.

.3

אונדזער פרווו אַריינצוכאַפּן זיך אין אַרדען אין ברען פון די שלאַכטן האָט זיך אונדז ניט איינגעגעבן. די אַמעריקאַנער מיליטערישע מאַכט, ווי מען האָט עס אונדז אויפגעקלערט אין דעם שטאַב פון דער 21־סטער גרופּע, איז געווען קאַטעגאָריש קעגן דער רייזע פון די קאָרעספּאָנדענטן צום פראָנט. מיר פלעגן יעדן טאָג גיין אַף פרעסע־קאָנפערענצן, די מעלדונגען פאַר דער עפנטלעכקייט האָבן געדויערט צוויי־דריי מינוט, און א געשלאָסענע קאָנפערענץ פלעגט זיך פאַרציען אַף א האַלבער שאָ. פון אָנפאַנג פלעגן די שטאַב־אָפיצירן זיך באַציען צו דער אַרדענער שלאַכט

ווי צו אַ ריין אַמעריקאַנער איניען. זיי פלעגן שטענדיק קוידעם־קאָל אונדז אינפאָרמירן וועגן די אַלע קליינע געשעענישן אַפן ענגלישן און אַפן קאַנאַדער פראָנט און שפּעטער פלעגן זיי אַריבערגיין צום אַמעריקאַנער. אַ סאַך מאָל פלעגן זיי מאַכן גאַנץ דורכזיכטיקע אַנדייטונגען, אַז די אַמעריקאַנער אינפאָרמירן זיי שלעכט. איינער אַן אָפיציר, וועלכער האָט געהאַט אַ שעם פון אַ וויצלער האָט אָנגעהויבן איינמאָל זיין באַריכט אויף אַזאַ מין אופן: „לויט די ידיעות פון לאָנדאָנער ראַדיאָ איז די לאַגע אַפן פראָנט די פאָלגנדיקע...“

דעם 21־טן יאַנואַר 1945 האָט זיך באַוויזן אויף דער פּרעסע־קאָנפערענץ דער שעף פון דער דינסט פאַר געזעלשאַפטלעכער פאַרבינדונג פון דער גרופּע, דער בריגאַדיר נעוויל, אַן אויפגעראַמטער און פייערלעכער: דער גענעראַל אייזענהאַוער האָט באַשטימט דעם פעלדמאַרשאַל מאָנטגאָמערי אַלס קאָמענדאַנט פון 4 אַרמייען: פון אַן ענגלישער, קאַנאַדער און צוויי אַמעריקאַנער.

— זיי זיינען געצוואונגען זיך אומקערן צו יענער לאַגע, וואָס איז געווען אין נאָרמאַנדיע.

דער בריגאַדיר האָט, פאַרשטענדלעך, זיך אָפּגעהאַלטן צו פּאַרטייטשן וועמען ער מיינט אונטערן וואָרט „זיי“, נאָר מיר האָבן גאַנץ גוט פאַרשטאַנען, אַז ער האָט געהאַט אינזינען די אַמעריקאַנער.

אַזאַ מין אויספיר פון בריגאַדיר נעוויל איז געווען אויף אַזוי פילבאַדייטנדיק, אַז אַלע אַמעריקאַנער קאָרעספּאָנדענטן, — וועמענס צאָל עס איז שטאַרק אויסגעוואַקסן, — זיינען אויפגעבראַכט געוואָרן.

אין דער ערשטער וואָך פון יאַנואַר האָבן די קריגס־קאָרעספּאָנדענטן אין בריסל איינגעאָרדנט אַן אָוונטברויט פאַר דער אָנפירערשאַפט פון דער 21־סטער גרופּע. אין האָטעל „קאַנטערבערי“ זיינען אָנגעקומען גענעראַלן, געזאַנדטע פון די אַליאירטע מעלוכעס און מיניסטאָרן. איך האָב מיך געפונען בײַ איין טיש מיטן בריגאַדיר וויליאַמס און מיטן אַמעריקאַנער געזאַנדטן אין בריסל. נאָכן אָוונטברויט האָט דער געזאַנדטער מיך אָפּגעפירט אָן אַ זייט און האָט אָנגעפאַנגען זיך צו וויצלען איבער די ענגלענדער.

— האַגאַם מאָנטגאָמערי האָט נאָך ניט געוווּנען די שלאַכט — האָט ער געזאָגט — פירן זיי זיך אויף אַזאַ אופן, פונקט ווי דער ניצאָכן זאָל שוין ליגן בײַ זיי אין די קעשענעס. אויף וויפל מיר איז באַקאַנט, האָבן די ענגלענדער נאָך ניט אַרויסגעלאָזט קיין איין שאָס אין אַרדען.

איבערן אָנגעפּאַקטן מיט מענטשן און דורך און דורך אָנגערויכערטן זאַל האָט זיך באַוועגט אַ הויכער, דאַרער, גרויער מאַן. ווייזנדיק מיט די אויגן אויף אים האָט מיר דער געזאַנדטער געזאָגט:

— דער מאַן וואָס שטייט הינטער דעם גענעראַל ערסקין איז ניטש־

בעל־היודזשעסען, דער ענגלישער געזאַנדטער. איר זענט באַקאַנט מיט אים?

ניטשבעל־היודזשעסען איז געווען אויסערגעוויינלעך העפלעך. מיך איינגעלאַדן צו זיך אַף טיי, אַף אַ שמועס. ער האָט מיך אויך באַקאַנט מיט זיין פרעסע־אַטאַשע — סאָזמאַרעז, אַן אַלטער טוישעוו אין בריסל, וועלכער איז געווען דער שטילער דירעזשאָר פון דעם פאַלשן כאָר פון דער בעלגישער פרעסע. סאָזמאַרעז האָט מיר פאָרגעשלאָגן באַהילפיק צו זיין אין מיט וואָס נאָר מעגלעך. פאַר אַן אָנהויב האָב איך אים פראָסט און פּאָשעט געפרעגט, צי איז דען ניט מעגלעך פאַרמינערן די אַנטיסאָ־וועטישע קעלט, וואָס שפּאַצירט אום איבער די זייטן פון די בעלגישע צייטונגען, זינט עס איז אָנגעקומען קיין בריסל די ענגלישע געזאַנדשאַפט. דער פרעסע־אַטאַשע האָט זיך דאַן גלייך פאַרופן אַף דער פרייהייט פון געדרוקטן וואָרט אין בעלגיע, נאָר האָט מיר צוגעזאָגט אויסנוצן זיין „פּערזענלעכן איינפלוס” לעשעם דער אַנגלאָ־סאָוועטישער פריינטשאַפט.

דער אַמעריקאַנער געזאַנדטער האָט מיט אַ געלעכטער געפרעגט בא אים, עפשער וואָלט ער אויך געקענט אַזוי איינאָרדענען אַז די בעלגישע פרעסע, זאָל מער אָביעקטיוו באַלויכטן דעם גאַנג פון די שלאַכטן אין אַרדען. סאָזמאַרעז האָט מיט פאַרווונדערונג אַ קוק געטאָן אַפן געזאַנדטן, אָבער האָט אים גאָרניט געענטפערט.

אַפן אַנדערן טאָג האָט דער קאָמענדאַנט פון דער 21־סטער גרופּע איינגעלאַדן צו זיך אין אַ קליין בעלגיש שטעטל צענהאַווען, די קריגס־קאָרעספּאָנדענטן.

קוידעם־קאָל האָט מאָנטגאָמערי באַמערקט, אַז די דייטשן האָבן פאַר־כאַפּט די אַמעריקאַנער אומדערוואַרטעט און האָבן צעשפּאָלטן אַף צווייען די ערשטע אַרמיי. דער דייטשישער שטראָם האָט זיך אַ לאָז געטאָן צום טייך מאַאַס. צוליב פּאָרזיכטס־מיטלען האָט ער, מאָנטגאָמערי, עטוואָס איבערגרופּירט דאָס מיליטער, קעדיי ניט צו דערלאָזן אַז די דייטשן זאָלן דורכקרייצן דעם טייך. די לאַגע אָבער האָט זיך אָנגעהויבן צו פאַרשאַרפן. אַ דאַנק דעם „האָט גוויוועער געווען בא די פאַרבינדעטע דער געפיל פון סאָלידאַריטעט”, און דער גענעראַל אייזענהאַוער האָט באַשטימט מאָנט־גאָמערין אַלס קאָמענדאַנט פון דעם גאַנצן צאָפן־פראָנט פון די אַליאירטע. דער פעלדמאַרשאַל האָט זייער שנעל רעאָרגאַניזירט די אַמעריקאַנער אָפּ־טיילונגען, וועלכע האָבן אָפּגעטראָטן, זיי אָנגעוויזן זייערע פּאָזיציעס, אַ וואָרף געטאָן צו הילף די יאַבאָשע־קויכעס, די לופט־קויכעס און די לאַגע איז געוואָרן געראַטעוועט. דער דייטשישער קאָמענדאַנט אַפן מיי־ערוו רונדשטעדט איז געצווונגען געוואָרן זיך אָפּצוזאָגן פון פאַרכאַפּן די פון אים אָנגעצייכנטע פּלעצער.

מאָנטגאָמערי האָט דאַן אויסגעדריקט זיין אַנטציקונג פאַר דער קאַמפּס־פעיקייט פון די אַמעריקאַנער זעלנער, וואָס האָבן זיך אַזוי העל־

דיש געשלאָגן אונטער זיין קאָמאַנדע. ער האָט זיך אויך גערעכנט פאַר אַן אַמעריקאַנער זעלנער: מען האָט דאָך אים אַרויסגעגעבן אַן אַמעריקאַנער באַשטעטיקונג און „די אָפּדרוקן פון זיינע פינגער זיינען פאַרצייכנט אין דעם קריגס־מיניסטעריום אין וואַשינגטאָן, וואָס איז פיל כּאַשעווער ווי צו האָבן זיי פאַרצייכנט אין סקאָטלאַנד־יאַרד! !" (איך גיב דאָס איבער בוכשטעבלעך, אַריינגערעכנט אויך די צוויי אויסרוף־צייכנס, ווי דאָס איז אָנגעשריבן געוואָרן אין דעם קאָנספּעקט פון מאָנטגאָמערים באַריכט, וועלכן מען האָט פאַרטיילט צווישן די קריגס־קאָרעספּאָנדענטן אויף דער פרעסע־קאָנפערענץ).

זיין באַריכט האָט דער פעלדמאַרשאַל פאַרענדיקט מיט אַ באַקאָשע צו די קריגס־קאָנרעספּאָנדענטן, אַז זיי זאָלן אַרויסטרעטן אין דער פּרעסע מיט אַ רוף צו פאַרשטאַרקן די סאָלידאַריטעט צווישן די אַליאירטע, און דערביי האָט ער אָנגעדייט, אַז עפּעס עמעצער אַ בייזוויליקער און אַ שטאַרקער, האָט בעדייע זי אונטערצורייסן. ער האָט פאַרזיכערט אַז אויף דער וועלט איז נישטאָ קיין נענטערע און געטרייערע פריינט, ווי מאָנטגאָמערי און אייזענהאַוער, וועמען ער האָט גערופן נישט אַנדערש ווי נאָר „אייק" (דאָס איז אַזאַ ליבלעכער אייזענהאַוערס צונעמעניש).

מאָנטגאָמערים באַריכט האָט שטאַרק באַרירט די אַמעריקאַנער. זיי האָבן ווייזט אויס גאָר נישט דערוואַרט, אַז די ענגלענדער שלאַכט וועט נאָך פאַרגרעסערן זייערע באַליידיקונגען מיט נאָך אַ קלאַפּ מיצאַד זייערע ענגלישע פאַרבינדעטע. אָפּן וועג צום פּאַרשטאַט, ווו עס זיינען געשטאַנען אונדזערע אויטאָמאָבילן, האָט מיך אָנגעיאָגט אַן אָפיציר פון דער אָפּטיילונג פון „פּסיכאָלאָגישער מילכאָמע" און האָט דאָ אָפּן אָרט מיך געפרעגט וויפל ווערטער רעכן איך שיקן קיין מאָסקווע וועגן מאָנטגאָמערים באַריכט. איך האָב אויסגעדריקט מיין מוירע, אַז די „קריגס־פילאָזאָפיע", וועלכער עס איז געווען געווידמעט דער גרעסטער טייל פון דעם באַריכט פון גרופּן־קאָמענדאַנט, קען זיך אויסווייזן ווייניק אינטערעסאַנט פאַר מיינע לייענער.

— אָבער די הויפּטזאַך אין דעם באַריכט איז דאָך געווען נישט דאָס, — האָט אויף גיך באַמערקט דער אָפיציר. — די הויפּטזאַך איז דאָך די שטרעבונג פון די ענגלענדער פאַר דער צוזאַמענאַרבעט פון די אַליאירטע.

— פּרוּווט דען עמעצער אויפרייסן אונדזער צוזאַמענאַרבעט?

— אָט אין דעם באַשטייט דאָך דער זין פון דעם באַריכט. די יענקים האָבן אינגאַנצן פאַרכאַפּט דעם שייך, זיי באַלעבאַטעווען דאָרט פונקט ווי אויף בראָדוויי. זיי האָבן בעדייע צו דיקטירן אַלע פאַרבינדעטע זייער ווילן, באַשטימען און אָראָפּזעצן זייער אָנפירערשאַפט, דערהויבן און דערנידעריקן זייערע גענעראַלן . . .

מיר האָבן זיך געזעגנט און באַשלאָסן זיך צו טרעפן אין דעם נאָנטסטן אָוונט. אַזאַ אָוונט איז אָבער נישט אַזוי שנעל געקומען.

די אַמעריקאַנער האָבן אונדז איינגעלאַדן קיין לוקסעמבורג אויף אַ פּרעסע־קאָנפערענץ באַם קאָמענדאַנט פון דער 12־טער גרופּע, גענעראַל אָמאַר בראַדלי. דער וועג ביז לוקסעמבורג איז דאָן געווען אַ לאַנגער און אַ שווערער; עס איז אונדז אויסגעקומען פאָרן ביז ריימס און נאָכער זיך אויסקערעווען קימאַט דירעקט אויף מיזרעך.

בראַדלי האָט גערעדט מיט אַ שטילער און רואיקער אַזש לאַנגווייליקער שטימע, אָן שום אויסדרוק און אָן זעשסטן. זיין לאַנגער פּאָנים מיט גרויסע קינבאָקן איז געווען באַצירט מיט אַ פּאָרברילן אין אייזערנע רעמלעך, זיינע גרויע האָר קורץ געשוירן. רואיק און מיט אַ פּינקטלעכקייט פון אַ שול־לערער האָט דער גענעראַל באַריכטעט וועגן דעם צושטאַנד אויפן פראָנט, אָנערקענענדיק די אומדערוואַרטקייט פון דער ריכטונג און פון דעם קויעך פון דעם דייטשישן שטויס. בראַדלי האָט קאַטעגאָריש אונטערגעשטראָכן, אַז דאָס אַמעריקאַנער מיליטער האָט זעלבסטשטענדיק און אָן דער הילף פון די ענגלענדער, זיך אָן אייצע געגעבן מיט דער לאַגע. דער 30־סטער ענגלישער קאָרפּוס וועלכער איז געשיקט געוואָרן צו הילף די אַמעריקאַנער, איז אַריבער דעם טייך מאַאַס און איז אַריינגעדרונגען אין אַרדען, שוין נאָך דעם ווען עס איז פּאַר אַלעמען געוואָרן קלאָר, אַז די דייטשן האָבן אָנגעפאַנגען זייער ריקצוג.

אַ פּאָר טעג שפּעטער זיינען מיר אָפּגעפאָרן קיין אַרדען. הינטער מאַאַסטריכט האָט אונדז באַגעגנט אָן עמעסער גֿעוויטער. וואָס ווייטער מיר זיינען אַריינגעדרונגען אין די בערג אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער האָט ער געבושעוועט. דער שניי האָט זייער שנעל פאַרשאָטן די שפּורן פון די לאַסט־מאַשינען, וועלכע זיינען פאַר אונדז געפאָרן, מיט קייטן; מיר האָבן געמוזט זיי נאָכפאָרן האַרט באַם לעצטן לאַסט־וואָגן, קעדיי ניט פאַרבלייבן שטעקן אין די בערג. אין די שוואַרצע גערטנער וואָס האָבן זיך געצויגן פון ביידע זייטן וועג האָט געדרייט און געפייפט אַ ווינט, שווערע שנייאיקע וואָלקנס האָבן זיך געטראָגן נידעריק איבער די שפּיצן פון די ביימער. דער טאָל צווישן ווערוויע און ספּאַ, וועלכער איז מיט אַנדערהאַלבן מאָנאַטן צוריק געווען פאַרשטאָפּט מיט אַמעריקאַנישן קריגס־מאַטעריאַל, איז איצט געווען פּוסט, ווי אַ שפּייכלער פּאַר אַ נייעם שניט.

ספּאַ, וווּהין עס האָט זיך צוריקגעקערט דער שטאַב פון דער ערשטער אַרמיי, האָט אונדז פאַרוווּנדערט מיט איר שטילקייט און... קעלט. דער שעף פון דעם פּרעס־קאַמפּ, וועמען מיר האָבן נאָך געקענט פון דער צייט פון די שלאַכטן אין נאָרמאַנדיע, האָט אונדז דערמאָנט אונדזער באַזוך אין דעם קליינעם שטעטל מאַריני, צו מיירעוו פון סען־לאָ, ווען מיר האָבן זיך קיין אָרט ניט געקענט געפינען, אויף אויסצובאַהאַלטן זיך פון דער אומבעראַכמאָנעסדיקער היץ, קעדיי צו כאַפּן אַ געמיטלעכן שמועס. ער האָט זיך געוויצלט, אַז מיר זיינען סאַפּקאָלסאַף אַריינגעפאַלן אין אונדזער אַמטסאָפּער. וואָס שייעך אים אַליין, איז דער פּאָלקאָווניק געווען גרייט

אנטלויפן אין עק־וועלט אבי זיך ראטעווען פון די קעלטן: אין שטאט איז קיין איין בנין ניט געווארן באהייצט.

— איצט פארשטיי איך שוין, פארוואס די פארכאפערס האבן ניט ליב דעם רוסישן ווינטער.

אין ספא האבן מיר געמוזט אויסטוישן אונדזער ווארעמע און באקוועמע שטאב־מאשין, אויף אן אפענעם דזשיפ. דער ווינט פון די בערג האט אונדז דורכגענומען דורך און דורך, און מיר פלעגן זיך בעטעמס פרייען יעדעס מאל ווען דער וועג בארג־ארויף איז געווען גליטשיק און דער שאפער האט אונדז געצוואונגען אונטערצושטופן די מאשין. עמעס, דאס האט ניט פארשנעלערט אונדזער רייזע צום פראנט, אבער דערפאר האט עס אונדז געווארעמט. פונקט אפן העלפט וועג צווישן ספא און מאלמעדי האבן מיר געפונען דעם שטאב פון דעם 8־טן פאראשוטיסטן קארפוס, וועלכער איז אנגעקומען קיין ארדען דורך לופט. די שטאב־מיטארבעטער האבן אונדז באגעגנט זייער ווארעם.

א פאלקאווניק פון ארמיי־שטאב, וועלכער האט זיך דארטן צופעליק געפונען האט זיך אונטערגענומען אונדז אויפקלערן די לאגע: די דייטשן זיינען אפגעטראטן קיין דייטשלאנד, פארזייענדיק די וועגן מיט מינעס, קעדיי פארהאלטן די באוועגונג פון די אמעריקאנער. די שלאכטן האבן פאקטיש אויפגעהערט. די באריהרונג מיט די אפטיילונגען פון דער 5־טער טאנקען־ארמיי איז שוין פון לאנג אן פארלוירן. פאר די אוואנסירנדיקע אפטיילונגען פון דעם פאראשוטיסטן־קארפוס, וועלכע זיינען געגאנגען אין דער הויפט־ריכטונג, האבן אפגעטראטן די „פאלקס־גראנאדירן", פארשטעלנדיק מיט זייערע פלייצעס די זיך צוריקציענדיקע ס. ס. אפטיילונגען. די גראנאדירן האבן מוירע געהאט, האט אונדז געזאגט דער פאלקאווניק, אין א גלייכער מאס אי פאר די ס. ס.־לייט, אי פאר די אמעריקאנער, אי פאר די ארדענער פרעסט. ווען די ס. ס.־לייט פלעגן זיך געפינען נאנט פלעגן זיי זיך נאך אפשלאגן, נאר גלייך ווי זיי פלעגן בלייבן אפגעשניטן פון זייער רעטאגווארד, פלעגן זיי זיך אונטערגעבן מיט אזא אויסערגעוויינלעכער גרייטקייט, אז די אמעריקאנער פלעגן אזש אויפגעבראכט ווערן.

מיר האבן זיך א לאז געטאן פארויס אין דער ריכטונג צו דייטשלאנד, אויף א פוסטן און קאלטן וועג. מיר זיינען געפארן דורך א פארשנייטן וואלד. די פעלדער, די ווייטע בלויע בערג, וואס האבן זיך געהויבן צום מוטנעם הימל, אלץ האט געאטעמט מיט קעלט און מיט אומעט. ערגעץ ווו האבן געברומט קאנאנען, זייער קלאנג איז געווען א טויבער, פונקט ווי די קלעפ פון פארפרוירענער ערד אין דעם דעקל פון אן ארון. אין די קליינע כארעווע דערפלעך פלעגן די זעלנער בלייבן אויף איבערנאכט: זיי האבן געזעגט די ביימער, אנגעצונדן שייטערס. זייער קליי־

דונג האָט זיי אינגאַנצן ניט געשיצט פון דער קעלט; דאָס געפרוירן ווערן איז געווען די הויפּט־סיבה פון די פאַרלוסטן.

פאַרנאַכט, נאָכן האָבן דעריאָגט דעם אוואַנגאַרד־באַטאַליאָן אין דעם שטעטל רעכט, האָבן מיר אויסגעדרייט אַף צוריק. פאַר אונדזערע אויגן האָט זיך געשפּרייט אַ פּיאָלעט־בלויער הימל, דער ווינט האָט געטריבן דעם שניי־שטויב, דין אַזוי ווי רויך. ווייסט האָבן זיך געשפּרייט ווייטע פאַרשנייטע פעלדער, שוואַרצע וועלדער זיינען געשטאַנען שטום און פּיינטלעך — אין זיי האָבן זיך נאָך אויסבאַהאַלטן די דייטשן. איבער די בורוועס פון די דערפלעך האָט זיך געהויבן אַ רויך, די רעשטלעך פון די ווענט זיינען באַלויכטן געווען פון שייטערן, ליכט האָט אויך דורכגעשלאָגן דורך די שוואַרצע פענצטער־לעכער. אונדז אַנטקעגן האָט זיך לאַנגזאַם גערוקט דער אָבאָז. ניט קוקנדיק אַף די רעדער־קייטן האָבן די לאַסט־מאַשינען זיך געגליטשט באַרגאַ־ראָפּ, זיי האָבן זיך געגליטשט זייטיק צום ראַנד פון וועג און אָפט זיך איבערגעקערט.

אַפן אַנדערן טאָג האָבן מיר געמאַכט אַ רייזע איבער אַרדען. דער מיליטערישער סקלאַד פון די אַמעריקאַנער איז געווען אָפּגערייניקט מיט אַן עכט דייטשישער פּינקטלעכקייט. אַפילע דעם אייזן־ברוך, וועלכן זיי אַליין האָבן איבערגעלאָזט באַם אַנטלויפן דעם פאָריקן הארבסט, האָבן זיי דאָס מאָל אויך מיטגענומען. מיר האָבן ניט געפונען אַפילע דעם מינדעסטן סימען פון די אויסערגעוויינלעכע פאַרלוסטן אין טאַנקען, וועלכע — לויט די פאַרזיכערונגען פון אַמעריקאַניש־ענגלישער פּראָפּאַגאַנדע, — האָבן געזאָלט ליידן די היטלעריסטן אין אַרדען. עמעס, עטוואָס צאָפּנדיקער פון באַסטאָן האָבן געשוואַרצט אַ פּאָר פאַרברענטע „מ־4” און אַמאָל האָט מען אָנגעטראָפן אַף אַ פאַרלאָזטן און צעבראָכענעם טראַנספּאָרט־אויטאָמאָביל. אָבער עס האָט גאָר קיין רייד ניט געקענט זיין פון אַנדערהאַלבן טויזנט טאַנקען און אויטאָמאָביל־קאַנאָנען, וועלכע עס האָט, אין זיין „באַריכט”, אָראָפּגערעכנט פון דייטשישן אַקטיוו דער גענעראַל מאַרשאַל. די שלאַכטן האָבן זיך געפירט אין אַרדען לענגוים די וועגן — און די וועגן זיינען געווען ריין. די אינספּעקציע פון אַרדען האָט באַשטעטיקט די באַהויפּטונגען פון דעם בריגאַדיר וויליאַמס, אַז די 6־סטע ס. ס. טאַנקען־אַרמיי איז אַוועק ניט קומענדיק אין באַרירונג מיט די אַליאירטע הויפּט־קויכעס און די 5־טע טאַנקען־אַרמיי האָט באַוויזן אַרויסצושלעפּן אַלע אירע מאַשינען פון אונטער דעם קלאַפּ.

# דערוואַרטנדיק דעם אויסגאַנג

.1

דאָס מאָל איז די רייזע קיין פּאַריז געווען אויסערגעוויינלעך לאַנג און אויסמאַטערנדיק. דער שניי האָט אָנגעהויבן פֿאַלן ווען מיר זײַנען נאָך געווען אין דער אומגעגנט פֿון בריסל. ביים אָנקומען קיין וואַטערלאָאָ האָט דער שניי זיך פֿאַרוואַנדלט אין אַ זאַווערוכע. אַ ווייסער, מוטנער שלייער האָט פֿאַרדעקט די רויטע ווענט און רויטע דעכער פֿון דעם שטעטל מיטן גרויסן היסטאָרישן נאָמען, ער האָט פֿאַרשטעלט דאָס וועלדל וואָס האָט זיך געפֿונען ניט ווייט פֿון שטעטל און געמאַכט אינגאַנצן אומזיכטבאַר די וועג־צייכנס. באַ שאַרלערואַ האָט זיך דאָס געוויטער אַביסל איינגעשטילט, אָבער די שניי־כמאַרעס האָבן זיך געטראָגן גלייך איבער אונדזערע קעפּ, פֿאַרטשעפּענדיק זיך אין די וואַלדיקע בערגלעך פֿון מײַרעוו אַרדען. דער שניי איז גאָר שנעל פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ רעגן, און דער רעגן ווידער אין שניי. די שויץ־שויב פֿון אויטאָמאָביל האָט זיך באַדעקט מיט אַן אייז־הייטל. אונדז איז אויסגעקומען זיך אָפּשטעלן יעדע פּאָר מינוט, קעדיי אַראָפּקראַצן דאָס אייז. צום סוף האָבן מיר באַשלאָסן אינגאַנצן אויפֿהויבן דאָס גלאָז, אָבער דאַן האָט דער רעגן גענומען פּאַטשן אין אויטאָמאָביל אַריין — איצט האָבן גענומען פֿרירן אויף אונדז די קליידער. פֿאַרנאַכט, קוים דערגרייכט די פֿאָרשטאָט פֿון ריימס, זײַנען מיר אַריינגעלאָפֿן אין ערשטן בעסטן קאַפֿע קעדיי זיך דערוואַרעמען. די פֿראַנצויזן האָבן מיט גרויס פֿאַרוווּנדערונג און אַפֿילע מיט שרעק געקוקט אויף די פֿיר אַליאירטע אָפֿיצירן, וואָס האָבן זיך פּלוצלינג באַוויזן פֿון אַרדען באַדעקט מיט אייז־פּאַנצערס. נאָך דער ניט לאַנגסטיקער דייטשישער אינוואַזיע, האָט זיך די אַלגעמיינע זאָרגלאָזיקייט פֿאַרוואַנדלט אין אַן אַלגעמיינער שפּיאָנען־מאַניע. אַפֿילע די ציווילע באַפֿעלקערונג האָט מוירע באַקומען פֿאַר די דייטשישע דיווערסאַנטן, באַוואָפֿנטע מיט שרעקלעכע סאַמען און קלאַנגלאָזע פּיסטאָלעטן. די קאַפֿע־באַזוכער האָבן זיך אָנגעהויבן אָפּרוקן פֿון אונדז אַלץ נענטער און נענטער צו דער אַרויסגאַנגס־טיר, און די באַלעבאָסטע, מיט מוירע, אָבער מיט גרויסער גרייטקייט האָט אונדז באַדינט. עמעצער האָט זיך אַרויסגעגאַנוועט דורך דער טיר און האָט וועגן אונדז געמאָלדן דעם נאָענטסטן פֿראַנצויזישן וואַך־פּאָסטן.

איינִיקע מיטגלידער פון דער אָפּטיילונג פון אינערלעכע קרעפטן, וועלכע האָבן נִיט געוואַגט אַריינדרינגען אין קאַפּע, האָבן געכאַפּט אונדזער שאָפער, אים צוגעשפּאַרט צו דער וואַנט און רעווידירט זיינע פּאַפּירן. איבערצייגנדיק זיך אַז פאַר זיי שטייט אַן ענגלישער שאָפער האָבן זיי אונדז געלאָזט צו רו.

איבער די שוואַרצע גאַסן פון ריימס — ווייל דורך די פאַרטונקלונגס־פאָרהאַנגען האָבן זיך דורכגעריסן בלויז קליינע געלע ליכט־שטראַלן — זיינען מיר אַרויס אָפן פּאַריזער וועג. נאָר ערגעץ הינטער דער שטאָט זיינען מיר נִיט באַמערקטערהייט אַראָפּ פון וועג און ערשט אין צוויי שאָ אַרום באַמערקט, אַז מיר געפינען זיך אָפן וועג קיין סואַסאָן. אין סואַסאָן האָבן מיר ווייטער אַ טאָעס געהאַט, און אָנשטאָט פאָרן קיין פּאַריז, האָבן מיר זיך געלאָזט צו קאָמפּיען. אַרום עלף אַזייגער באַנאַכט זיינען מיר דורכגעפאָרן דאָס קליינע שלאָפנדיקע שטעטל און אַריין אין דעם באַרימטן קאָמפּיענער וואַלד, וווּ אין יאָר 1918 האָט דער מאַרשאַל פאָש אונטערגעשריבן דעם שטילשטאַנד־אָפּמאַך מיט דעם באַזיגטן דייטשלאַנד, און ווו אין 1940 האָט היטלער אונטערגעכאַסמעט אַן אָפּמאַך מיט ווישיפראַנקרייך. דער וואַלד איז געשטאַנען ווי אַ שוואַרצע, שטומע וואַנט פון ביידע זייטן וועג. ס'האָט ווידער אָנגעהויבן שפּריצן אַ רעגנדל, דער אויטאָמאָביל האָט גענומען זיך גליטשן און נאָך סען־ליס, איז ער אינגאַנצן שטיין געבליבן, ס'האָט זיך אויסגעלאָזט דער בענזין. די אַמעריקאַנער, איידער זיי האָבן אונדז געגעבן בענזין, האָבן לאַנג און מיט אומצוטרוי רעווידירט אונדזערע דאָקומענטן. אין מעשעך פון בלויז איין מאָנאַט, האָבן די דייטשן זיי אויסגעלערנט צו האַלטן אָרדענונג אַ סאַך בעסער ווי פילע יאָרן פון מיליטערישער איבונג.

אין פּאַריז זיינען מיר אָנגעקומען ערשט 4 אַזייגער פאַרטאָג. די ליידיקע גאַסן זיינען געווען פאַרגאָסן מיט גרויסע קאַלוזשעס ווי אָזיערעס. אַף די ראָגן זיינען געשטאַנען איינצלנע פּאָליציאַנטן, די קעפּ פאַרהילט אין שוואַרצע מאַנטלען האָבן זיי אויסגעזען ווי קראָען. דער וועג האָט אונדז אַרויסגעפירט אַף אַרסייער ברעג־גאַס, פון דאָרט האָבן מיר שוין גאַנץ שנעל געפונען דעם וואַנדאָמער פּלאַץ, וואָס איז באַוואַכט געווען בלויז דורך נאַפּאָלעאָנען, וועלכער האָט נאָך אַלץ געהאַלטן זיין קראַנץ איבער דער פאַרשנייטער שלאָפנדיקער שטאָט.

אָפן פרימאָרגן איז אין מיין צימער אין סקריבע אַריינגעפאַלן אַ יונגער אַמעריקאַנער אונטעראָפיציר מיט אַן אָפּצייכענונג פון אַ קאָרעספּאָנדענט פון דער אַרמיי־צייטונג „סטאַרס ענד סטרייפּס". מיר האָבן זיך מיט אַ צוויי וואָכן צוריק געזען אין מאַאַסטריכט (האָלאַנד), ווו ער האָט מיך געבעטן דורכקוקן זיין באַריכט וועגן די קריגס־געשעענישן אָפן מיזרעך־פראָנט. איצט איז ער געקומען צולויפן נאָך פרישע נייעס. איך האָב אים געהאָלפן: די צייטונג „סטאַרס ענד סטרייפּס" האָט אַ גאַנץ לאַנגע

צייט זיך געהאַלטן זייער אָביעקטיוו אין איר באַהאַנדלען דעם גאַנג פון דער מילכאָמע. זי האָט געדרוקט אַרטיקלען וועגן דער רויטער אַרמיי, וועגן ראַטנפאַרבאַנד, וועגן דעם לעבן פון די ראַטנפאַרבאַנדישע פעלקער, קעדיי מעקאַרעוו צו זײַן די אַמעריקאַנער מיט די רוסן. די רעאַקציאָנערע גענעראַלן פון דער אַמעריקאַנער אַרמיי האָבן מיט אויפרעגונג געבורטשעט אַף דער „רויטקייט" פון דער צייטונג, אָבער אָפן האָבן זיי זי ניט פאַרפאָלגט. ערשט באַם סאָף פון דער מילכאָמע, נאָכן טויט פון דעם פרעזידענט רוזוועלט, האָט זיך גענומען מערקן אין דער אַמעריקאַנער פּאָליטיק אַ שאַרפער בויג אַף רעכטס, דאַן האָבן די גענעראַלן אונטערגענומען אַן אָנגריף קעגן דער צייטונג, זיי האָבן צעיאָגט די מיטאַרבעטער, וועלכע האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייערע דעמאָקראַטישע טענדענצן און גענומען שלאָגן מיט דיסציפּלינאַרע רעפּרעסיעס די מער איינגעאַקשנטע, ד. ה. די דעמאָקראַטיש־דענקענדיקע מיטאַרבעטער.

דער אונטעראָפיציר איז געווען זייער פריילעך געשטימט, ער האָט אָנדערציילט אַ יאַם מיט פאַרשיידענע נייעס וועגן דעם לעבן פון סקריבהאָטעל, ווו עס איז איינגעשטאַנען דער פרעס־קאַמפּ פון „שייף". ער האָט באַמערקט אַז די באַציונג צווישן די אַמעריקאַנער און די ענגלענדער איז נאָך אַלץ אַן אָנגעצויגענע, און דאָס באַמערקט זיך אַמייסטן אין דעם „שייף", ווו, ווי עס דוכט זיך, „אייק" אַליין איז באַרויגעז פאַר דער „רעקלאַמע" וועלכע די ענגלענדער האָבן פאַר זיך געשאַפן פאַר זייערע אַרדענער העלדן־טאַטן.

באַם מיטיק האָט זיך צו מיר צוגעזעצט דער קאָרעספּאָנדענט פון אַן ענגלישער ליבעראַלער צייטונג, מיט וועלכן איך בין געווען באַקאַנט נאָך פון לאָנדאָן. דאָס איז געווען אַן עלטערער מענטש, וועלכער האָט אין זײַן לעבן דורכגעפרווט אַ סאַך פאַכן און אויסגעפּרובירט אַ סאַך פּאָליטישע גלויבנס. איידער ער האָט זיך פּראָקלאַמירט אַלס „אומאָפהענגיקער", איז ער שוין אַדורך עטלעכע פאַרטייען. ער איז געווען פון יענעם סאָרט באָדנלאָזע טרוימער, וועלכע באַגרענעצן זייער סאָציאַלע פליכט בלויז צו טרוימעריען: דאָס פאַרפליכטעט צו גאָרניט און גיט דאָך גלייכצייטיק אַ געוויסע מאָראַלישע באַפרידיקונג. אָבער אין זײַן אויפריכטיקייט האָט מען ניט געקענט צווייפלען: האָט ער געגלויבט — איז מיט אַנטציקונג, אויב ער האָט קריטיקירט — איז מיט סאַם, גאַל און סינע. איצט איז ער געווען אויפגעבראַכט פאַר דער אומטעטיקייט, וועלכע האָט פאַקטיש געהערשט אַפן גאַנצן מײַרעוו־פראָנט. ער האָט פּינקטלעך געוווּסט, אַז די דייטשן נעמען אַרונטער פון דעם מײַרעוו־פראָנט איין דיוויזיע נאָך דער צווייטער און שיקן זיי אָפּ אַף מיזרעך. אַפילע די קלענסטע אָנשטרענגונג אַפן מײַרעוו־פראָנט, קעדיי צו צווינגען די דייטשן אָפּשטעלן דאָס אַריבערוואַרפן זייערע קויכעס אַף מיזרעך, וואָלט געהאָלפן דער רויטער אַרמיי אַ סאַך מער, ווי די פּרילינג־אָפענסיווע, צו וועלכער עס גרייטן זיך די

אנגלא־אמעריקאנער פארבינדעטע און וועגן וועלכער מען רעדט אזוי פיל. ער האט קריטיקירט די סטראטעגיע פון דעם „שייף", ארויפלייגנדיק די גאנצע שולד אף די אמעריקאנער. דערלאזנדיק דעם געדאנק, אז נאך דער ארדענער „פארשטעלונג", איז די ערשטע אמעריקאנער ארמיי ניט אימשטאנד אונטערצונעמען אן אפענסיווע, האט דער ענגלענדער געפרעגט: „און וואס טוען די איבעריקע זעקס אליאירטע ארמייען?"

עס האט זיך דערנענטערט צו אונדז דער קארעספאנדענט פון דער לאנדאנער „דיילי ניוס" — הער מאטיוס. ער האט זייער אויפמערקזאם אויסגעהערט אונדזער געמיינזאמען באקאנטן און דערנאך, ווענדנדיק זיך צו מיר האט ער געפרעגט, אויב איך האב עפעס געהערט וועגן די אונטערהאנדלונגען צווישן רונדשטעדט און אייזענהאואער. עס האבן זיך טאקע בעעמעס ארומגעטראגן קלאנגען וועגן דעם צווישן די עטלעכע הונדערט איינוואוינער פון סקריבע־האטעל. אייניקע האבן פארזיכערט, אז רונדשטעדטס אדיוטאנט איז געקומען צו פליען קיין פאריז מיט א ספעציעלן בריוו פון דעם הויפט־קאמענדאנט, אין וועלכן ער האט פארגעלייגט א וואפן־שטילשטאנד. אנדערע האבן געזאגט, אז דאס איז געוועזן רונדשטעדטס זון, אבער אלע האבן זיך געאייניקט אין דעם קלאנג, אז די קליקע דייטשישע גענעראלן האבן פארגעשלאגן אייזענהאוערן עפענען פאר די אליאירטע דעם מייַרעוו־פראנט. די דייטשישע גענעראלן האבן געשטעלט בלויז איין באדינגונג: די מייַרעוו־פארבינדעטע זאלן דערלאזן צונעמען דאס דייטשישע מיליטער פון דעם מייַרעוו־פראנט קעדיי אפצושלאגן די סאוועטישע אפענסיווע. ווי עס האבן דערקלערט די קארעספאנדענטן, וואס זיינען געווען פארבונדן מיטן „שייף" — האט גענעראל אייזענהאואער זיך אפגעזאגט צו פירן מיט די דייטשן וועלכע עס איז ניט אונטערהאנדלונגען. אבער דאך האט דער הויפט־קאמאנדיר פון די אליאירטע קויכעס אפן מייַרעוו־פראנט געאייצעט די דייטשישע גענעראלן צו האנדלען אזוי, ווי עס איז פאר זיי מער נוצלעך. דאס הייסט, זיי מעגן עפענען דעם פראנט פאר די מייַרעוו־אליאירטע, אבער אן קיין שום באדינגונגען. די מיטארבעטער פון אייזענהאוערס שטאב האבן זיך אפגעזאגט וועגן דעם צו ריידן. דער בריגאדיר פורד (אויסשפיר־דינסט פון „שייף") איז דעם זעלבן אוונט ארויסגעטראטן מיט א באריכט אין פרעס־קאמפ, אבער אף מאטיוסעס אנפראגע וועגן די פארהאנדלונגען האט ער ניט געענטפערט. ער האט זיך אפגעזאגט צו באשטעטיקן אדער אפצולייקענען די פארשפרייטע קלאנגען.

צום באריכט פון בריגאדיר פורד האבן זיך פארזאמלט עטלעכע הונדערט מאן: קריגס־קארעספאנדענטן, אפיצירן פון אייזענהאוערס שטאב און גענעראלן. דער גרויסער קאנפערענץ־זאל פון דעם פרעס־קאמפ אפן ערשטן שטאק פון האטעל איז געווען געפאקט. דער באריכט איז געווען א געהיימער, נאר אזוי ווי דער בריגאדיר פורד האט צוגעזאגט געבן אן

אלגעמיינעם בילד פון דער מיליטערישער לאגע אפן מייַרעוו נאכן אפשטויסן פון דער דייטשישער קאנטראפענסיווע אין ארדען, זיינען אין פאריז געקומען צופארן אים הערן די שטאב־אפיצירן פון די ווייטסטע ארמיי־פארבינדונגען.

פורד האט אנגעהויבן זיין באריכט מיט אן אנווייזונג אף דעם, וואס דער סאוועטישער אוואנס אין פוילן האט גרינטלעך געענדערט די אלגעמיינע אל־אייראפעישע לאגע. דער רוסישער דורכברוך האט ארויסגעשלאגן פון די דייטשישע הענט די איניציאטיוו, וועלכע זיי האבן פארכאפט אין זייערע הענט אפן מייַרעוו־פראנט צום ערשטן מאל זינט זיין אנטשטייאונג. אט די איניציאטיוו האט דערלויבט די דייטשן פאראליזירן די טעטיקייט פון דעם גאנצן מייַרעוו־פראנט פון די אליאירטע, ניט געקוקט אף דעם וואס לויט דער צאל פון מענטשן און טעכניק האבן די אליאירטע פילפאכיק איבערגעשטיגן די דייטשישע קויכעס אפן מייַרעוו. דער בריגאדיר האט גענוי און גרינטלעך אפגעשאצט די סיבעס פון דעם סוינעס דורכפאל אין ארדען, אונטערשטרייכנדיק די פעסטקייט פון די ארומגערינגלטע אמעריקאנער אפטיילונגען, ווי אויך די אויבערמאכט פון די אליאירטע אין דער לופטן. די דייטשישע הויפט־קאמאנדע האט ניט געקענט אויסברייטערן דעם דערפאלג פון זייער דורכברוך אין ארדען און דערלאנגען א פעסטן און ערנסטן קלאפ די אליאירטע, נאר דערפאר ווייל די סאוועטישע אפענסיווע האט געצווּנגען היטלערן אנפאנגען אן איילִיקע איבערגרופירונג פון זיין מיליטער און איבערווארפן אף מיזרעך די מער קאמפס־פעיקע און טעכניש־באוואפנטע 6־סטע טאנקען ארמיי פון ס. ס. די ארמיי איז שוין דעם 20־טן יאנואר אינגאנצן פארשווּנדן פון דעם מייַרעוו־פראנט. נאך איר האט אנגעפאנגען אוועקגיין די 5־טע דייטשישע טאנקען־ארמיי, וועלכע האט באוויזן זיך אפצורייסן פון דעם אליאירטן אוואנגארד מער אדער ווייניקער מיט א וואך צוריק. (פורדס באריכט איז פארגעקומען דעם 31־טן יאנואר 1945). די דייטשישע קאמאנדע אפן מייַרעוו האט זיך פארנומען מיט איבערפארמירן אירע אפטיילונגען. די קאמפס־פעיקסטע דיוויזיעס ווערן מיט פארשנעלערטע טעמפן איבערגעווארפן אף מיזרעך.

דער באריכט־אפגעבער אליין איז געווען פארווּנדערט פון דעם, וואס די דייטשן האבן געשיקט אף מיזרעך דאס מיליטער פון מייַרעוו און ניט פון איטאליענישן פראנט, ווו מען וואלט געקענט גאר לייכט „אפשפארן" א 10־12 דיוויזיעס. ער האט גערעכנט, אז דער סוינע, איבערגעשראקן פון דער סאוועטישער אפענסיווע האט אינגאנצן אנטבלויזט דעם מייַרעוו־פראנט מיט דער האפענונג אים צו דעקן מיטן מיליטער פון איטאליע. דערווייל האט רונדשטעדט פאנאנדערגעצויגן זיין מיליטער לענגויס דעם פראנט אין א דינער קייטעלע, וועלכע איז אין פיל ערטער איבערגעריסן געווארן, שאפנדיק גרויסע לעכער.

דאָס בילד, געמאָלט פון דעם בריגאַדיר פורד, איז געווען אַף אַזוי פיל אָפּטימיסטיש, אַז די צוהערער האָבן געשטעלט די פראַגע וועגן דער ענדע פון דער מילכאָמע אין אייראָפּע. די אַליאירטע זיינען געווען בע־קויעך שוין צו געבן די דייטשן אַ פעסטן קלאַפּ, אָפּווישן רונדשטעדטס נעבעכדיקע קייטעלע און זיך אַ וואָרף טאָן די רוסן אַנטקעגן, וועמענס לאַווע עס האָט זיך שוין דערקייקלט צום טייך אָדער, און אין איינציקע ער־טער שוין אַפילע אַריבער דעם טייך און געפירט שלאַכטן אַף די הינטער־אָדערישע פּלאַצדאַרמען. דער בריגאַדיר האָט זיך אויסגעדרייט פון אַ קלאָרן ענטפער. ער האָט נאָר צוגעזאָגט אין די נאָענטסטע טעג צו באַפרייען דאָס לעצטע רעשטל פון דער פראַנצויזישער ערד אין דער געגנט פון קאָל־מאַר. ער האָט געגעבן דער דאָזיקער אָפּעראַציע צוויי וואָכן צייט. עס איז קעדייַ צו באַמערקן, אַז דער „קאָלמאַרער זאַק" איז געוואָרן אָפּגע־רייניקט אין לויף פון צוויי טעג.

.2

מיט עטלעכע טעג שפּעטער האָט אונדזער מאַשין, אויסמיידנדיק די גרויסע בולוואַרן, לאָזנדיק הינטער זיך דעם וואָלטער־בולוואַר און דעם „פּלאַץ פון דער נאַציאָן", זיך אַרויסגעקליבן אַפן ווענסענער וועג און איז אַוועק אין דער ריכטונג פון דאָרעם־מיזרעך פון פראַנקרייך: מיר האָבן געוואָלט באַזוכן די ליקווידאַציע פון דעם „קאָלמאַרער זאַק" דורכ־געפירט דורך די אָפּטיילונגען פון דער 6־סטער אַרמיי־גרופּירונג (די 7־טע אַמעריקאַנער און 1־טע פראַנצויזישע אַרמייען). דער וועג איז געווען אומ־באַשרייבלעך טרויעריק. מיר פלעגן פאַרבייפאָרן שטעטלעך אינגאַנצן פאַר־ניכטעט אָדער פון די דייטשן, אָדער פון די אַליאירטע, אָדער גאָר פוןביידע צדאָדים צוזאַמען. לעננויס די גאַסן האָבן געסטאַרטשעט רעשטלעך פון ווענט און אָפּגעברענטע קוימענס. עס האָבן זיך געהויבן בערג מיסט און הינטער זיי שוואַרצע גערטנער.

אַ באַזונדערס שווערן בילד האָבן מיר דערזען אין דער שטאָט וויטרי. באַם בריקל איבער אַ מוטנעם טייכל איז געשטאַנען אַ געלער וועג־צייכן: „וויטרי". הינטערן בריקל האָבן זיך געזען אַ פּאָר אָרעמע, עלנטע הייזקעס און הינטער זיי האָט זיך געצויגן אַ פוסטער פּלאַץ פאַרוואַקסן מיט רויט־לעכן ווילדגראָז. באַם ראַנד פון דעם פּלאַץ זיינען נאָך געשטאַנען עטלעכע באַראַקן פון סמאָלע־קאָליר. איבערן נאַסן וועג, וואָס איז אַמאָל געווען אַ גאַס, האָבן אַרומגעבלאָנקעט עטלעכע איינוואוינער, אָרעם געקליידעט און בוילעט הונגעריקע. זיי פלעגן גלייכגילטיק פאַרבייגיין, ניט אויס־דרייענדיק אַפילע זייערע קעפּ: זיי האָבן זיך אָנגעזען מיט אַזויפיל זעל־נער, אין אַזויפיל פאַרשיידענע אוניפאָרמען, אַז זיי האָבן זיך שוין צו דעם אַלעמען צוגעוואוינט פונקט ווי צום שטאָטישן ווילדגראָז.

דער פּייזאַזש איז ניט געוואָרן פריילעכער, ווען פון וויטרי האָבן מיר זיך געלאָזט צו סען־דיזיע און פון דאָרט צו זשואַנוויל, רימאָקור און ניאַרשאַטאַ. אַפן וועג האָט זיך אַראָפּגעלאָזט פון די מיט וועלדלעך באַוואַקסענע בערג אַ נעפּל, וועלכער איז געווען אַזוי געדיכט, אַז אָפטמאָל זיינען מיר געקראָכן מיט אונדזער מאַשין פּונקט ווי די טשערעפּאַכעס און די גאַנצע צייט געטרובעט, געטרובעט און געטרובעט. די פּויערישע קליאַטשעס פלעגן אָפּשפּרינגען אָן אַ זייט, קימאַט באַ די לאַמטערנעס פון אונדזער מאַשין; אין די דערפער פלעגן די קינדער זיך צעלויפן קימאַט ווי פון אונטער אונדזערע רעדער.

דער שטאַב פון דער זעקסטער גרופּע איז געשטאַנען דאַן אין אַ גרויסן האָטעל פון דעם קוראָרט־שטעטל וויטטעל אין די וואַגעז בערג. אַרום און אַרום האָבן זיך געצויגן בערגלעך, באַדעקט מיט סאָסנע וועלדער, אין דעם טאָל האָט געבלויט אַ טייכעלע, וואָס האָט זיך צעגאָסן פונעם צעגאַנגענעם שניי. אונדז האָט באַגעגנט דער שעף פון דער אָפּטיילונג פאַר געזעלשאַפטלעכער פאַרבינדונג פונעם שטאַב, דאָס איז געווען אַ גאָר יונגער פּאָלקאָווניק, אַ קליינטשיקער און אַ שיינער, ענלעך צו אַ פרוי. ער האָט אונדז גלייך געמאָלדן, אַז מיר האָבן פאַרשפּעטיקט. דער „קאָל־מאַרער זאַק", וועמענס ליקווידאַציע מיר האָבן געוואָלט זען מיט די אייגענע אויגן, איז שוין געווען אויסגעלייִדיקט און די אַלע דייטשישע אָפּטיילונגען, וועלכע האָבן ניט באַוויזן צו אַנטלויפן אַפן מיזרעך־ברעג פון דעם ריין, זיינען אַרומגערינגלט געוואָרן. נאָר קיינער האָט ניט געוווּסט גענוי זייער צאָל. „אָדער דריי דיוויזיעס, אָדער גאָר דריי קוכערס", האָט ער פאַרענדיקט מיט אַ געלעכטער.

נאָכן מיטיק זיינען די אַמעריקאַנער אָפיצירן אונדז באַפאַלן און געפאָדערט אַז מיר זאָלן זיי אויסגעבן דעם „סאָד פון די סאָוועטישע קלעפּ", לויט די ווערטער פון אַ מאַיאָר פון דער אָפּעראַטיווער אָפּטיילונג, האָט די רויטע אַרמיי געהאַט אַף יעדן קילאָמעטער פון פראָנט פיל ווייניקער מענטשן און טעכנישע איינריכטונגען, ווי די אַליאירטע. און דאָך האָט זי באַוויזן צו מאַכן אַזעלכע שפּרונגען פאָרויס, וועגן וועלכע די פאַרבינדעטע קויכעס אַפן מייִרעוו האָבן אַפילע ניט געוואַגט צו כאָלעמען.

אָפטמאָל פלעגט אויסקומען פאַר די ענגליש־אַמעריקאַנער אַרמייען צו אַוואַנסירן ניט אָנטרעפנדיק אַף קיין ווידערשטאַנד, ווי דאָס איז געשען לעמאָשל אין צאָפן־פראַנקרייך אָדער אין ברעטאַן. דער מאַיאָר אָבער האָט גאַנץ גוט געוווּסט אַז די רויטע אַרמיי מוז בייקומען אַ שטאַרקן און אָפטמאָל פּאַשעטע אַ ווילדן ווידערשטאַנד פון די דייטשן. אַ פראַנצויזישער אָפיציר האָט פאַרפירט אַ שמועס וועגן דער „פּסיכאָלאָגישער נידערלאַגע" פון די דייטשן אַף די שלאַכטפעלדער אין ראַטנפאַרבאַנד, וועלכע, לויט זיין מיינונג, האָט פאַרניכטעט באַ די דייטשן זייער מאָראַלישע פעסטקייט. ווען די דייטשן האָבן ניט געקענט איינהאַלטן אַ באַשטימטן פאַר־

טיידיקונגס־פונקט, לויפן זיי און קענען זיך שוין ניט אפשטעלן ביז א צווייטן פונקט.

אין א נעפלדיקן און קאלטן פרימארגן, האבן מיר פארלאזט וויטטעל, אף צו פארן קיין סאווערן, א קליין עלזאסער שטעטל אף יענער זייט פון די וואגעזן. די בערג זיינען געווען שיין אפילע אין מאנאט פעברואר. אף זייערע שפיצן איז נאך געלעגן א פרישער שניי, די טייכלעך האבן געשטראמט בא דער זייט פון דעם בארג־וועג און די וועלדער זיינען געשטאנען שווארצע און נאסע. פון אויבן האבן זיך געזען די קליינע דערפלעך, וועלכע זיינען געלעגן אין די טיפע טאלן, אין יעדן דערפל אומבאדינגט א הילצערנער קלויסטער און דערביי א בייסוילעם, וועמענס מאצייוועס האבן געבלאנקט פונדערווייטנס. דעם אריבערגאנג האבן די דייטשן פארשפארט מיט א פעסטן הילצערנעם וואל פון ביימער. לינקס פון אים האט געשווארצט א טיפער אפגרונט און פון דער רעכטער זייט איז געוואקסן א מעכטיקער וואלד. צווישן די אנגעווארפענע ביימער זיינען געווען איינגעארדנט גרויסע נעסטן פאר די טאנקען און אויך פענצטער פאר אנטיטאנק־הארמאטן. אבער די דייטשן איז ניט אויסגעקומען אויסנוצן אט די דראענדיקע באפעסטיקונג, מען האט זי אויסגעמיטן.

דער וועג בארג־אראפ צום טאל באם טייך ריין האט אף זיך געטראגן א בוילעטן שטעמפל פון דער דייטשישער הערשאפט: אף אלע וועגן האט מען געזען געלע דייטשישע וועגווייזערס, די שילדן פון די דערבייאיקע האטעלן און רעסטאראנען האבן געהאט דייטשישע נעמען, אף די ווענט אין פארקאנס פון די שטעטלעך האבן זיך נאך געזען גרויע שטיקלעך פאפיר־רעשטלעך פון די דייטשישע באפעלן.

דער טאל, צווישן די וואגעזער בערג און דעם טייך ריין, האט איבערראשט מיט זיין שטילקייט, רואיקייט און פרידלעכקייט. די פויערים האבן באארבעט זייערע פעלדער, זיך געגראבן אין זייערע סעדער און גערטנער. די פרויען און מיידלעך האבן מיט נייגיר געקוקט אף די אויסלענדישע אויטאמאבילן מיט פענעמער גרייט צו שמייכלען. אבער די אמעריקאנער, שוין אנגעלערנט דורך דער ביטערער דערפארונג אין ארדען, האבן מארעשכווירעדיק געקוקט פארויס און הארטנעקיק איגנארירט די אונטערטעניקע שמייכלען.

באם סאמע אריינפאר אין סאווערן, ווו עס איז געשטאנען דער שטאב פון דער 7־טער אמעריקאנער ארמיי, איז געשטאנען א ריזיקער טאוול מיט אווארענונג, צו אלע אפיצירן און זעלנער פון די פארבינדעטע ארמייען, אז זיי זאלן זיך ניט באווייזן אן געוועהר אף די גאסן פון דער שטאט. א צווייטער טאוול האט זיי פארווערט צו פירן פאליטישע אדער מיליטערישע שמועסן אף די גאסן אדער אין די דייטשישע הייזער ווו עס זיינען איינגעשטאנען די אפיצירן. א דריטער טאוול האט אויפגעפאדערט אלעמען זיך צו געפינען הינטער א זיכערער וואנט איידער עס פאלט נאך

צו די נאַכט. די לעצטע אויפֿאָדערונג האָט געקלונגען קימאַט ווי אַ דראָונג. אָבער אונדזער שרעק איז געווען גאָר אַן אומזיסטע. די דייטשן האָבן זיך געפֿירט רואיק און שטיל, ווי קעלבלעך. די זיכערקייטס־אָרגאַנען פֿון די אַליאירטע האָבן ניט פֿאַרצייכנט דערווייל קיין איין איינציקן פֿאַל אַפֿילו פֿון דעם מינדעסטן טעראָר.

אין דעם שטאַב פֿון דעם קאָרפּוס האָט אַ יונגער אויסשפּירער, זייער אַן ערנסטער און אַ קלוגער, וועלכער האָט גערעדט אויסגעצייכנט ניט נאָר פֿראַנצויזיש, נאָר אויך דייטש, אונדז קלאָר געמאַכט די לאַגע אויפֿן פֿראָנט. לויט זיינע ווערטער, באַשטעטיקט דורך דער מאַפּע, האָבן אויף דעם שעטעך פֿון קאָרפּוס־באַצירק, וואָס האָט פֿאַרנומען מער ווי 30 קילאָ־מעטער, די דייטשן געהאַט אינגאַנצן נאָר 9 טויזנט מאַן. אַלע זייערע טאַנקען אָפּטיילונגען זיינען אַראָפּגענומען געוואָרן און אָפּגעשיקט אויפֿן מיזרעך־פֿראָנט. די דייטשן האָבן אָפּגעטראָטן הינטערן ריין, קעדיי זיי זאָלן האָבן די מעגלעכקייט באַפֿרייען וואָס מער קויכעס פֿאַרן מיזרעך־פֿראָנט און אַליין זיך קענען שיצן הינטער דעם ברייטן וואַסער־באַריער.

אין אַ שכיינעסדיקן צימער, וואָס איז אינגאַנצן באַהאָנגען געווען מיט פֿאַרשיידענע מאַפּעס, האָט אַ פּאָלקאָווניק פֿון דעם אַרמיי־שטאַב, איבער־געכאַזערט וואָרט אין וואָרט די דערקלערונגען פֿון דעם אויסשפּירער, אַז די דייטשן ציען אָפּ זייער מיליטער פֿון דעם מײַרעוו־פֿראָנט. די לופֿט־אויסשפּיר־דינסט האָט פֿעסטגעשטעלט אַז צענדליקער עשעלאָנען גייען אײַליק אָפּ אין דער ריכטונג צו מיזרעך. אויף אייניקע באַן־וועגן זיינען די עשעלאָנען געגאַנגען אין איינער און דער זעלבער ריכטונג אויף ביידע לי־ניעס. איינער פֿון די אַמעריקאַנער קאָרעספּאָנדענטן האָט געשטעלט אַ פֿראַגע, וואָס דענקען איצט צו טאָן די אַליאירטע. זיין ענגלישער קאָלעגע האָט אים דאַן שנעל געענטפֿערט:

„באַקומען אַן אורלויב, און אוועקפֿאָרן אויף אָפּרו אין די וואַגעזן".

אַלע האָבן זיך צעלאַכט, צעלאַכט האָט זיך אויך דער פּאָלקאָווניק. דערביי האָט ער דערציילט, אַז איינע פֿון די אַמעריקאַנער דיוויזיעס, וועל־כע האָט מיטגעאַרבעט מיט די פֿראַנצויזן באַם ליקווידירן דעם „קאָלמאַ־רערזאַק", ווערט איבערגעפֿירט אויפֿן צאָפֿן־פֿליגל פֿון דעם אַרמיי־פֿראָנט. די פֿראַנצויזן ווילן, ווייזט אויס, פֿאַרוואַנדלען אָט דעם בילדערישן און קימאַט ניט באַרירטן קאָלמאַר־באַצירק אין אַ זאָנע פֿון אָפּרו פֿאַר דער אַרמיי. דער זעלבער ענגלענדער האָט דאַן אַרויסגעזאָגט, באַגלייט פֿון אַן אַלגעמיינעם געלעכטער:

— איך באַשולדיק זיי גאָר ניט. ס'איז אַ סאַך בעסער זיך אָפּרוען מיטן גאַנצן קאָמפֿאָרט, איידער אַזוי ווי מיר אינגאַנצן אָן קאָמפֿאָרט.

דעם נעקסטן טאָג האָבן די קאָרעספּאָנדענטן געמאַכט אַ גרויסע רייזע לענגאויס דעם פֿראָנט פֿון דער 7־טער אַרמיי. דער פֿראָנט האָט געשוויגן. אויף יענער זייט ריין און סאַאַר, איבער די בלויע וועלדער באַצויגענע מיט

אַ מוטנעם שלייער פון נעפּל, האָבן זיך געהויבן זײַלן רויך. דאָס האָבן, ווייזט אויס, געברענט די סקלאַדן, אונטערגעצונדענע דורך דעם אָפּטרעטנ־דיקן סוינע. פון דער זייט טייך האָבן זיך געצויגן די טראַנספּאָרטן פון די אַליאירטע. די פאַרבינדעטע האָבן זיך באַזאָרגט מיט געווער און פּראָוויאַנט. מען האָט צוגעבראַכט טאַנקען. און דאָך האָבן זיי נאָך אַלץ ניט געוואַגט אויסצונוצן זייער ריזיקע איבערגעוויכט אין די קויכעס אויף אַ קלאַפּ צו טאָן די דייטשן. עס האָט זיך אויסגעדוכט, אַז די אַליאירטע קאָמאַנדע האָט אָפּגעוואַרט דעם רעזולטאַט פון דער גרויסער שלאַכט אויפן מיזרעך־פראָנט. די אָנפירערשאַפט האָט גוט געוווּסט, אַז נאָך יענער שלאַכט, וועט דער דייטשישער אַרמיי פעלן אַ סאַך פון אירע געקליבענע דיוויזיעס. די פּרילינג־אָפּענסיווע פון די אַליאירטע, וועגן וועלכער עס האָבן אַזויפיל גערעדט די אָפיצירן, האָט צוגעזאָגט צו זיין אַ לייכטע.

שפּעט בײַנאַכט זיינען מיר אָנגעקומען צו דעם קליינעם לוקסענבורגער שטעטל — עש. ערשט דאָ האָבן מיר אַנטדעקט, אַז עס האָט זיך אונדז איינגעגעבן זיך דורכצושמוגלען אומבאַמערקטערהייט אונטערן סאַמע נאָז פון די דייטשן, וועלכע זיינען נאָך געזעסן אין די פעסטונגען פון מעץ. מיר האָבן געגלויבט דער אָפיציעלער מעלדונג וועגן פאַרנעמען מעץ דורך די אַמעריקאַנער קויכעס און דעריבער האָבן מיר זיך ניט אָנגעפרעגט אין דעם שטאַב פון דער 7־טער אַרמיי אויב עס איז שוין פריי דער וועג וועלכן מיר האָבן אויסגעקליבן. צום סאָף האָט זיך אויסגעלאָזט, אַז דער וועג האָט זיך געפונען אונטערן קעסיידערדיקן פייער פון די דייטשן. איינס פון די צוויי: אָדער די דייטשן האָבן פאַרזען, אָדער זיי האָבן באַשלאָסן אַז עס איז ניט קעדײַ צו פּאַטערן קיין קוילן. דער איקער איז, מיר זיינען בעשאָלעם דורך צווישן צוויי פעסטונגען, וועלכע זיינען געווען באַזעצט דורך די דייטשן.

אין דעם שטאַב פון דער דריטער אַרמיי, אין לוקסעמבורג, האָט מען אונדז באַגעגנט זייער פריינטלעך און וואַרעם. דער גענעראַל פּאַטאָן, וועלכער האָט אין יענעם טאָג געמאַכט אַן אויפנאַמע פאַר די קאָרעס־פּאָנדענטן, האָט געמאַכט עטלעכע באַגייסטערטע קאָמפּלימענטן אויף דעם כעזשבן פון דער רויטער אַרמיי, און דערביי צוגעגעבן, אַז די סאָוועטישע אויבערקאָמאַנדע אָרגאַניזירט מיט גרויס קענטעניש דאָס שנעלע אַריבער־וואַרפן פון באַדייטנדיקע מיליטערישע מאַסן און נוצט אויס אויף אַ זייער קלוגן אויפן די גרויסע טאַנקען־פאָרמאַציעס. ווען דער גענעראַל פּאַטאָן האָט אין אַ וויץ געזאָגט אַז ער האָט אונדז דערוואַרט פון מיזרעך און ניט פון דאָרעם־זייט, האָט זיך אַ שאָט געטאָן מיצאַד די קאָרעספּאָנדענטן און די אָפיצירן אַ רייע אַנעקדאָטן אויף דער טעמע.

מען האָט דערציילט אַ מייסע וועגן עפּעס אַ קאַפּיטאַן, וועלכער האָט באַם געבן אַ באַפעל צו באַזעצן אַ באַרג, געוואָרנט זיינע זעלנער: „זייט

נאָר פאַרזיכטיק באַם אַראָפּלאָזן זיך אַף דעם מיזורעך־אָפּהאַנג. עס קען מעגלעך זיין אַז דאָרטן רוען זיך אָפּ די רוסן".

א קאָמענדאַנט פון איינער אַ דיוויזיע האָט אַרויסגעלאָזט אַ באַפעל אין וועלכן ער האָט צוגעזאָגט אַ כוידעש אורלויב די יעניקע וועלכע וועלן די ערשטע באַגעגענען און ברענגען צו אים אַ רוס. שוין אַף צו מאָרגן האָבן אַ פּאָר דורכגעטריבענע זעלנער געבראַכט צום קאָמענדאַנט פון דער דיוויזיע אַ האַלב טויט רוסן, וועלכע זיינען אַנטלאָפן פון דייטשישן געפאַנגענלאַגער, און האָבן געפאָדערט בא אים די צוגעזאָגטע באַלוינונג. דער קאָמאַנדיר האָט געמוזט מאַכן אַ צוגאָב צום באַפעל מיט דער אויפקלערונג וועלכע רוסן ער האָט געהאַט אין זינען.

די פרעסע־קאָנפערענץ האָט געדויערט ניט מער ווי צוויי־דריי מינוט. אַפן פראָנט פון דער דריטער אַרמיי האָט געהערשט אַ שטילשטאַנד. פון אַלע אירע 14 דיוויזיעס האָט עפּעס געטאָן בלויז איינע און דאָס אויך אין לאָקאַלן זין. וועגן אָט די אָפּעראַציעס האָט אונדז דערציילט דער שטאַב־אָפיציר. נאָך זיין רייזע האָט דער פאָרשטייער פון צענזור דערקלערט אַזוי ווי שטענדיק, אַז עס ווערט ניט דערלויבט צו דערמאָנען וועגן דעם און וועגן יענעם א. א. וו. עמעצער האָט מיט כויזעק אַ זאָג געטאָן:

— און איבערהויפּט ווערט פאַרבאָטן צו דערמאָנען, אַז מיר פירן אַ מילכאָמע.

אַלע קאָרעספּאָנדענטן האָבן אָנגעהויבן צו טומלען:

— עס איז שוין אַלט, מיר האָבן דאָס שוין געהערט נעכטן.

און דאָך האָבן מיר זיך געלאָזט צו יענער דיוויזיע, וועלכע האָט געפירט אירע אָפּעראַציעס אַף דער לוקסעמבורג־דייטשישער גרענעץ, עטוואָס צו צאָפן פון דעם שטעטל עכטערנאַך. דער וועג האָט זיך געצויגן דורך אַ הויכן שטומען און טרויעריקן וואַלד. דאָ זיינען גאָר ניט לאַנג אָנגעגאַנגען שלאַכטן. די שרייבערס, קוכערס און מוזיקער פון דעם שטאַב פון דער 12־טער גרופּע און 3־טער אַרמיי האָבן דאָ אין דעם וואַלד געקעמפט קעדיי ניט דערלאָזן די דייטשן ווידער אַריינצודרינגען אין לוקסעמבורג. הינטערן וואַלד האָבן זיך געהויבן קימאַט ביז צו די וואָלקנס הויכע אַנטען־מאַסטן. די דייטשן איז געלונגען צו פאַרכאַפּן די ראַדיאָ־סטאַנציע, נאָר ווער ווייסט צוליב וועלכע סיבעס זיי האָבן באַשלאָסן זי ניט צו פאַרניכטן בעיים זייער צוריקצוג.

עס איז שוין געווען טונקל ווען מיר האָבן דערגרייכט די פאָדערליניע פון דעם פראָנט. זי האָט זיך געצויגן אַפן גרונט פון אַ שטייניקן גראָבן, וועלכער האָט דאָ צעטיילט צוויי לענדער. הינטער די פעלדזן פון אונדזער זייט האָבן זיך אויסבאַהאַלטן די אַמעריקאַנער, אַף דער אַנדערער זייט, אין דעם געדיכטן, וואַלד האָבן זיך געמערקט גרוי־גרינע בלינדאַזשן. די אַמעריקאַנער מינען־וואַרפערס און האַרמאַטן האָבן זיי באַשאָסן אָן אויפהער. פון צייט צו צייט פלעגט זיך אַ הויב טאָן צווישן די שוואַרצע

ביימער אַ פלאַם־פייער און אַ ווייסער רויך. די בלינדאַזשן האָבן געשוויגן. דער קאָמאַנדיר פון דער ראָטע, אַ קאַפּיטאַן האָט געקלאַפּט מיט זיין פויסט איבער אַ נאַסן שטיין, — הינטער וועלכן מיר זיינען געזעסן און אָבסערווירט די באַשיסונג, — און האָט זיך געזידלט. ער האָט אונדז דערציילט אַז די דייטשן ענטפערן ניט אָפּ אַף די אַלע שאָסן, נאָר, ווען די אַמעריקאַנער אינפאַנטעריע לאָזט זיך נאָר אַראָפּ אַפן דעק פון דעם גראָבן, שפּאַנט אַריבער דאָס טייכל און הייבט אָן קלעטערן אַף יענער זייט, עפּעס בען אויף די דייטשן אַ ווילדע שיסעריי. אָפּגעשלאָגן די אַטאַקע, זעצן זיי זיך ווידער רואיק אַוועק און הייבן אָן פונדאָסניי צו פרעסן און צו זויפן.

— ווען די פרעסעריי ענדיקט זיך בא זיי און עס איז מער ניטאָ קיין שפּייז — האָט מיט רעציכע דערציילט דער קאַפּיטאַן — קריכן זיי אַרויס פון די בלינדאַזשן, הייבן אויף די הענט און גיבן זיך אונטער, דאָס הייסט אַז מיר דאַרפן זיי נעמען אין געפאַנגענשאַפט און געבן זיי צו עסן און צו טרינקען...

געשיצט פון דער פינצטערניש האָבן מיר פאַרלאָזט די פאָדערשטע ליניע און האָבן זיך צוריקגעקערט קיין לוקסעמבורג; צוריק אין אונדזער האָטעל, פול מיט ליכט, טומל און מענטשן. אַ גרופּע אַמעריקאַנער קאָרעספּאָנדענטן האָבן זיך פאַרזאַמלט אין אונדזער קליינעם, אָבער וואַרעמען צימערל. אַלע האָבן אין איין קאָל געלויבט די רויטע אַרמיי, זיך אַנטציקט מיטן רוסישן פאָלק, און פאָרויסגעזאָגט אַן אייביקע רוסיש־אַמעריקאַנישע פריינטשאַפט. זיי האָבן אויסגעפינען אַזוי פיל געמיינזאַמעס אין די כאַראַקטערן, אינטערעסן און נייגונגען פון דיביידע גרויסע פעלקער, אַז די צוקונפט האָבן זיי זיך פאָרגעשטעלט ניט אַנדערש ווי אין אַן ענגער צוזאַמענאַרבעט און פראָגרעס.

די פּאָליטישע געשעענישן אין דער בעלגישער הויפּטשטאָט (די דימיסיע פון פּיערלאָס רעגירונג) האָבן מיך געצוווּנגען שוין אַף מאָרגן גאַנץ פרי אַרויסצופאָרן קיין בריסל. אָבער מיט אַ וואָך שפּעטער, דורכפירנדיק ווייטער אונדזער רייזע איבערן פראָנט, זיינען מיר ווידער אָנגעקומען קיין מאַאַסטריכט צו דער 9־טער אַמעריקאַנער אַרמיי (מיר זיינען ניט געפאָרן צו דער ערשטער אַרמיי, ווייל יענע האָט זיך דאַן איבערגעפאָרמירט). אונדזערס אַ באַקאַנטער אָפיציר האָט אונדז אַריינגעפירט אין דעם קאָנפערענץ־זאַל און אין קורצע ווערטער דערציילט, אַז אַלע פאַרבינדעטע אַרמייען אַפן מייַרעוו־פראָנט טוען גאָרניט. דער צוועלפטער ענגלישער קאָרפּוס, וועלכער איז געשטאַנען אַפן לינקן פליגל פון די אַמעריקאַנער האָט פויל געביסן די דייטשישע פּאָזיציעס אין דער ריכטונג פון היילענקירכען. מיטן קאָרפּוס האָט אָנגעפירט דער גענעראַל ריטשי, דער זעלבער וואָס האָט געהאַט אַזאַ גרויסע מאַפּאָלע אין צפון־אַפריקע...

אין בריסל, אַף דער פרעסע־קאָנפערענץ האָבן די קאָרעספּאָנדענטן, דער־

הערנדיק וועגן אַזאַ לאַנגזאַמען פאָרויסגיין פון יענעם קאָרפוס, זיך פאַר־אינטערעסירט צו וויסן דעם נאָמען פון זיין קאָמאַנדיר. דער אָפיציר, וועל־כער האָט דאַן אָפגעגעבן דעם באַריכט וועגן דער לאַגע אַפן פראָנט, איז געוואָרן אַ ביסל צעטומלט און דערקלערט, אַז עס איז פאַרבאָטן צו פור־בליקירן די נעמען פון די קאָמאַנדירן. די קאָרעספאָנדענטן האָבן אָנגע־הויבן צו שרייען: „ס'איז ניט צום פאַרעפנטלעכן, ניט צו דרוקן אין דער פרעסע". נאָך אַ קורצן וואַקלען זיך האָט דער באַריכט־אָפגעבער ענדלעך אויסגעקוועטשט: „ריטשי". עס האָט זיך דערהערט אַ הילכיקער געלעכ־טער. דער אויסטראַליער קאָרעספאָנדענט סטענדיש האָט בעקויל־ראָם אויסגערופן:

— אַ, דאָס מאַכט שוין אַלץ קלאָר...

ווייטער צום צאָפן איז דער פראָנט געווען פונקט אַזוי אומבאַוועגלעך ווי די ברעגן פון דעם טייך מאַאַס, אַף וועלכע ער האָט זיך געצויגן. נאָר ניט ווייט פון גראַווע האָט דער פראָנט אַריבערגעשפאַנט דעם טייך מאַאַס און געבילדעט די אַזוי גערופענע „ניימעגענער קעשענע", וועלכע איז איצט געווען באַזעצט דורך די קאַנאַדער. די באַלעבאַטים פון דער „קע־שענע" האָבן זיך באַמיט צו צעשטרייען זייער אומעטיקן לעבן אין דער קעלט און אין פייכטקייט מיט דעם, וואָס זיי האָבן געמאָלן וועג־פלאַקאַטן. אַפן מיזרעך ברעג פון דעם טייך מאַאַס, פונקט אַקעגניבער דעם בריק בײַ גראַווע, האָבן זיי אַרויסגעהאַנגען אַ גרויסן קאָלירטן פלאַקאַט, וועל־כער האָט אַלעמען איינגעלאַדן „צו באַזוכן די ניימעגענער קעשענע" און צוגעזאָגט פאַר די געסט אַן אַנגענעמען צייט־פאַרטרייב, דעהײַנע: אַן איבערשיסונג טאָג און נאַכט (פון ביידע צדאָדים). בלאָטע־בעדער (אומ־זיסט) און קאָנצערטן יעדן אָוונט (דורכגעפירט פון אַ טערצעט — אַרטי־לעריע, קוילנוואַרפער און מינענוואַרפער). די וועגן אַפן גאַנצן קאַנאַדער פראָנט זיינען געווען פול מיט פלאַקאַטן מיט פאַרשיידענע מאָראַל־פריי־דיקנדיקע אויפשריפטן ווי צום ביישפיל: „ס'איז בעסער זיך צוריקצוקערן אַהיים מיט אַ **ווי סי** (וויקטאָריאַ־קרייץ — די העכסטע מיליטערישע אויסצייכענונג), איידער מיט אַ **ווי די** (ווענערישע קראַנקייט); אָדער: „אויב דו ווילסט באַקומען אַן אָנדענקונג (אַ סוווועניר), נעם עס בײַ אַ דייטש, אָבער ראַביר ניט דיין ציווילן פאַרבינדעטן".

איבערן גאַנצן פראָנט פון ניימעגען ביז צום אינדזל זעעלאַנד האָט געהערשט אַ שטילשטאַנד. די שטאַבן פלעגן אַרויסהענגען באַריכטן פון דער סאָוועטישער אינפאָרמאַציע־ביוראָ; שטאַביסטן פלעגן אויסמאָלן מאַ־פעס מיט פעטע פיילן און בויגנס, באַצייכענענדיק די סאָוועטישע אָפענ־סיווע; און צום ערשטן מאָל האָבן זיך באַוויזן אַף די מאַפעס געפינטלטע ליניעס, וועלכע האָבן פאַרבונדן די ביידע פראָנטן. די אָנפירערשאַפט פלעגט קעסיידער אויסמעסטן די דיסטאַנץ צווישן זיי, וועלכע איז מיט

יעדן טאָג אַלץ מער און מער פאַרקלענערט געוואָרן. און דאָך האָט דער מײַרעוו־פראָנט איינגעאַקשנט זיך ניט גערירט פון אָרט און די דייטשן האָבן פאַקטיש געקעמפט בלויז אויף איין פראָנט — אויף דעם מיזרעכדיקן.

.3

קימאַט באַם סאַמע סאָף פון דעם ווינטער האָט די 21־סטע גרופּע, נאָך לאַנגע צוגרייטונגען אָנגעהויבן איר אָנגריף צום ריין. די קאַנאַדער, וועלכע האָבן אָנגעזאַמלט קויכעס אין דער „ניימעגענער קעשענע", האָבן זיך אַ ריר געטאָן צום דאָרעם צווישן די טייכן מאַאַס און ריין. די 9־טע אַמעריקאַנער אַרמיי, וועלכע איז נאָך דער אַרדענער שלאַכט אַריין אין באַשטאַנד פון דער 21־סטער גרופּע האָט געזאָלט זיך אַ ריס טאָן גלייך צום צאָפן גייענדיק אַנטקעגן די קאַנאַדער, לענגויס דעם טאָל צווישן די טייכן רער און ריין. די אַמעריקאַנער האָבן אָבער ניט אויסגערעכנט אַז ביים סוינע אין האַנט איז נאָך געלעגן די האַמבע אַפן טייך רער, וועלכע האָט זיי געגעבן די מעגלעכקייט צו פאַרפלייצן דעם גאַנצן טאָל פון דעם אָנגריף. אין מעשעך פון בלויז עטלעכע שאָ האָבן די דייטשן פאַנאַנדער־געגאָסן פאַר די אַמעריקאַנער אַ ברייטע, האַגאַס ניט קיין טיפע אָזיערע. די אַמעריקאַנער האָבן זיך דאַן אָפּגעשטעלט און געוואַרט ביז זי וועט זיך אויסטריקענען. און דאַן האָבן די דייטשן באַקומען די מעגלעכקייט אָן גרויסע אָנשטרענגונגען צוריק אָפּשטויסן די קאַנאַדער.

אַ נייער שטילשטאַנד האָט זיך דאַן געצויגן ביזן אָנפאַנג פון פרי־לינג. עס האָט זיך איינגעשטעלט אַ וואַרעמער זוניקער וועטער, דער טאָל האָט אָנגעפאַנגען שנעל צו טריקענען און פון אונטערן וואַסער האָבן זיך אָנגעהויבן צו באַווייזן די וועגן. די אַוויאַציע פון די אַליאירטע איז גאַנ־צע טעג אַרומגעפלויגן איבער די פיינטלעכע פּאָזיציעס און זיך נאָכגע־יאָגט נאָך לאַסט־מאַשינען, וועגענער און אַפילע נאָך מאָטאָציקלעטן. די שווערע באָמבאַרדירער האָבן דאַן געשלאָגן אויף דעם וויכטיקסטן קאָמו־ניקאַציע־קנופּ: איצט איז דאָס געווען דיסעלדאָרף.

אין אָנהויב פון מאַרץ האָבן די טאַנקען־קאָלאָנעס פון דער 9־טער אַרמיי גאַנץ לייכט דורכגעבראָכן דעם שוואַכן דייטשישן באַריער, און אַרויס אויף די וועגן פון דעם פלאַכלאַנד באַם ריין־ברעג און אין צוויי טעג אַרום אַריבערגעשפּרייזט די גרעסטע שטאָט אַפן מײַרעוו־ברעג פון ריין — מינכען־גלאַדבאַך — און שוין אַפן אַנדערן טאָג אָנגעקומען צום ריין, קימאַט קעגניבער דיסעלדאָרף. די דייטשן האָבן פאַרהאַלטן אויף אַ פּאָר טעג דעם קליינעם פּלאַצדאַרם אַרום דעם שטעטל נייס און גלייך אַריבערגעגאַנגען אַפן מיזרעכדיקן ברעג ניט אָנעמענדיק קיין שלאַכט. די אַלע, נאָך פון פריער, געמינעוועטע בריקן זיינען אויפגעריסן געוואָרן. די קאַנאַדער האָבן זיך אויסגעשטעלט קעגניבער עממעריך, די צווייטע ברי־

טישע אַרמיי איז אַרויס צום וועזעל און די 9־טע אַמעריקאַנער אַרמיי האָט זיך אויסגעצויגן איבער די אויסבויגן פונעם טייך ריין פון וועזעל ביז קעלן, וועמענס כורוועס ס'האָט דעם זעלבן טאָג פאַרנומען די ערשטע אַמעריקאַנער אַרמיי. איינע פון די טאַנקען־קאָלאָנעס פון דער ערשטער אַרמיי, וועלכע האָט מאַרשירט שטראָם־אַרויף, האָט אַנטדעקט ניט ווייט פון באָן אַן איינרעלסיקן אייזנבאַן־בריק. די טאַנקיסטן האָבן אים פאַר־כאַפּט, אַריבער אויפן אַנדערן ברעג און געשאַפן דעם באַרימטן רעמאַגענער פּלאַצדאַרם. דאָס איז געשען דעם 7־טן מערץ.

פונקט מיט דריי טעג פריער איידער דאָס איז געשען האָט מען אונדז אַרויסגערופן אין דעם שטאַב פון דער 21־סטער גרופּע און דאָרט האָט דער שעף פונעם שטאַב, דער גענעראַל גיואינגאַן, אָפּגעגעבן פאַר אונדז אַ לאַנגן באַריכט וועגן דער מיליטערישער לאַגע. די גרעסטע טייל פון זיין באַריכט איז געווען געווידמעט צו באַווייזן, אַז די הויפּט־שוועריקייטן פון די אַליאירטע פאַנגען זיך ערשט אָן. עמעס, דער גענעראַל האָט ניט אויסגעשלאָסן די מעגלעכקייטן פון „גליקלעכע צופאַלן", ווי צום ביישפּיל אַ פאַרגעסענער בריק, נאָר די אָנפירערשאַפט האָט ניט געקענט בויען אירע פּלענער אויף אַזעלכע צופאַלן: זי האָט זיך געגרייט פאַרסירן דעם ריין מיטן שוויים פון פאָנים.

קוידעמקאָל האָט דער גענעראַל אונטערשטראָכן, אַז די אַלגעמיינע לאַגע אין אייראָפּע האָט זיך גרינטלעך געביטן, ווי אַ פויעל־יויצע פון דער סאָוועטישער אָפענסיווע. די דייטשישע באַוואָפנטע קויכעס זיינען געוואָרן באַדייטנדיק שוואַכער. די רויטע אַרמיי האָט אָפּגעצויגן פון דעם מייַרעוור־פּראָנט ניט בלויז דעם רעזערוו פון דער דייטשישער אויבער־קאָמאַנדע, ד. ה. די 6־סטע ס. ס. טאַנקען־אַרמיי, נאָר אויך אַ גרויסע צאָל פעלד־דיוויזיעס. זיי אַלע זיינען אָדער צעמאָלט געוואָרן דורך דער סאָוועטישער אָפענסיווע אָדער גאַנץ גרינטלעך צעקלאַפּט. יעדנפאַלס אויפן מייַרעוור־פּראָנט האָבן זיי זיך מער ניט באַוויזן.

ביז גאָר ניט לאַנג האָבן די אַליאירטע, לויט דער מיינונג פון דעם גענעראַל, ניט געוואוסט אַרויסגיין צום טאָל פון ריין. זיי האָבן געהאַט פאַר זיך דריי וועגן. דער צאָפן־וועג האָט געפירט די אַליאירטע איבערן ריין העכער פון דער זיגפריד־ליניע, דורך האָלאַנד, אויסמיידנדיק פון דער צאָפן־זייט די גאַנצע דייטשישע שויץ. דער צווייטער וועג איז געלעגן אין דער דאָרעמדיקער ריכטונג צווישן די טייכן מאָאַס און ריין, ווידער אויסמיידנדיק די זיגפריד־ליניע. דער דריטער וועג האָט באַדייט אַ פראָנ־טאַלן אַוואַנס אויף דער זיגפריד־ליניע דורכשניידנדיק די טייכן רער און מאָאַס. די אַלע דריי וועגן, לויט די באַהויפּטונגען פון דעם שעף פונעם שטאַב, זיינען געווען פאַרשפּאַרט דורך דער 6־סטער טאַנקען ס. ס.־אַרמיי, וועלכע האָט זיך פעסט באַזעצט אויפן אַנדערן ברעג. אין די ערשטע צוויי

פֿאַלן האָבן די אַליִירטע אונטערגעשטעלט די דייטשן זייערע פֿלאַנקען. אַ פֿראָנטאַלער אָנגריף וואָלט געפֿאָדערט זייער גרויסע קאָרבאָנעס.

די קאָמאַנדע פֿון די אַליִירטע האָט אויסגעקליבן... אויסוואַרטן. זי האָט זיך אָפּגעזאָגט אָנצוגרייפֿן דייטשלאַנד אין האַרבסט פֿון 1944. „האָבן מיר געקענט מאַכן דאַן אַן אָנגריף?“, האָט געפֿרעגט דער שעף פֿונעם שטאַב. „ניין, ניט געקענט“. אויב איר וועט נעמען אין אַכט די צאָל פֿון די דייטשישע דיוויזיעס, וועלכע דער סאָוועטישער ווינטערדיקער אָוואַנס האָט צוגענומען. (מיר ווייסן אַז אין פֿאַרגלייך מיטן רוסישן פֿראָנט האַלטן מיר צו גאָר אַ קליינע צאָל דיוויזיעס). אויב איר וועט אין אַכט נעמען דעם דעמאָלסטיקן דייטשישן ווידערשטאַנד וועט איר גלייך קלאָר זען די אוממעגלעכקייט פֿון אונדזער אָנגריף אַפֿן ריין“. די אָנפֿירערשאַפֿט פֿון די אַליִירטע האָט איבערגעוואַרט ביז די סאָוועטישע אָפֿענסיווע האָט איבערגעמאָלט ניט נאָר די רעזערוון פֿון דער דייטשישער הויפּט־קאָמאַנדע, נאָר אויך צוגעשמידט צום מיזרעך די אַלע קאַמפּפֿעיקע קויכעס פֿון דער דייטשישער אַרמיי. נאָך דעם האָט די 21־סטע גרופּע געפּרוּווט אַרויסגיין צום ריין, אויסמיידנדיק די זיגפֿריד־ליניע פֿון צאָפֿן און פֿון דאָרעם. דער אָוואַנס איז אָפּגעשטעלט געוואָרן מיטן צעגיסן זיך פֿון דעם טייך רער. ווען דאָס וואַסער איז אָפּגעפֿאַלן, האָבן זיך די דייטשן אַליין צוריקגעצויגן. זיי האָבן איצט אַליין פֿאַרשטאַנען, אַז עס האָט ניט קיין זין איינצוהאַלטן די אַליִירטע פֿונדערווייטנס פֿון ריין. די רויטע אַרמיי איז אַרויס צום אָדער, פֿאַרכאַפּט שלעזיע און אָסט־פּרייסן. דער מיליטערישער צוזאַמענברוך פֿון היטלער־דייטשלאַנד איז שוין אַן אומבאַשטרייטבאַרער פֿאַקט פֿאַר דער גאָר נאָענטסטער צוקונפֿט. די לעצטע קויכעס פֿון דעם דריטן רייך האָבן זיך געשיצט הינטער די צוויי וואַסער־גרענעצן: אויף מיַירעוו הינטערן ריין, און אַפֿן מיזרעך הינטערן אָדער, וועלכער איז נאָך ניט אומעטום דורכגעקרייצט געוואָרן. דערבײַ האָט דער גענעראַל גיזאַינהאַוער, אָנמערקנדיק אַ געוויסן מעגלעכן פֿאַרהאַלטן זיך פֿון דער רויטער אַרמיי באַם אָדער (די פֿרילינגס־פֿאַרפֿלייצונג), אונדז געוואָרנט, מיר זאָלן ניט דערוואַרטן קיין צו גיכע פֿאָרסירונג פֿונעם ריין. ער האָט גערעכנט, אַז די צוגרייטונגען אויף אַריבערצוגיין דעם ריין וועט פֿאַרנעמען עטלעכע וואָכן, ווייל אַפֿן מיַירעוו־ברעג מוז מען צוזאַמענקלייבן ניט נאָר די אַרמיי נאָר אויך אַן אומגעהויער גרויסע צאָל פֿון פּאָנטאָן־מאַטעריאַל און אינזשעניערן־איינריכטונגען.

אויף צו באַפֿעסטיקן די באַהויפּטונגען פֿון דעם שעף פֿון דעם שטאַב האָט דער הויפּט־אינזשעניער פֿון דער אַרמיי־גרופּע — גענעראַל אינגל אַרויסגעלייענט אַ לאַנגן, גרינטלעך אָנגעפּאַקט מיט ציפֿערן דאַטן און אויסצוגן פֿון באַריכט, וועלכער האָט געדאַרפֿט בוילעט איבערצייגן אַז פֿון דעם טעכנישן שטאַנדפּונקט איז שווער צו קרייצן דעם ריין. לויט

זיינע ווערטער איז אַף צוצוגרייטן די אָפּעראַציע נויטיק אַמווייניקסטנס זעקס וואָכן צייט.

דעם זעלבן טאָג האָב איך באַגעגנט אין אונדזער האָטעל דעם שעף פון דער אויסשפּיר־דינסט בא דער 21־סטער גרופּע, דעם בריגאַדיר ווי־ליאַמס. ער האָט דערציילט מיט אַן אויסערגעוויינלעכער באַגייסטערונג וועגן דער אָפּענסיווע פון אונדזערע צוויי ווייסרוסישע פראָנטן. ער איז זיך מוידע געווען, אַז פאַר אים אַליין, ווי פאַר אַ מיליטערמאַן, איז פאַר־שעט אנגענעם געווען נאָכפאָלגן די אַנטוויקלונג פון דעם סטראַטעגישן פּלאַן פון דער סאָוועטישער הויפּט־קאָמאַנדע. עס האָט אים איבעראַשט דער פאַרנעם און די שאַרפזיניקייט פון די סטראַטעגישע קאָמבינאַציעס. ער האָט אָנגעוויזן, אַז די אָפּענסיווע פון דעם צווייטן ווייסרוסישן פראָנט האָט פאַרניכטעט די צוויי הויפּט־באַזעס פון דייטשישע אונטערוואַסער־שיפן: דאַנציג און גדיניע.

— כ׳האָב שוין געהאַט געזאָגט, — האָט זיך געוווּנדעט דער ברי־גאַדיר צו די צוגעקומענע ענגלישע זשורנאַליסטן, — אַז די רוסן האָבן שוין געגעבן אַ ווערטפולן בייטראַג פאַר דער שלאַכט פון אַטלאַנטיק. איבעריקנס, האָט ער צוגעגעבן, ניט נאָר פאַרן אַטלאַנטיק, נאָר אויך פאַרן ריין. מיר האָבן איבערגעכאַפּט אַ באַפעל פון דער דייטשישער אָנפירער־שאַפט אין וועלכן עס ווערט פאַראָרדנט צו שפּאָרן דעם קריגס־מאַטע־ריאַל, ווייל נאָך דעם פאַרנעמען פון שלעזיע דורך די רוסישע קויכעס, איז געוואָרן נאָך שווערער די לאַגע פון דער דייטשישער אַרמיי צוליבן מאַנגל אין אַמוניציע.

.4

מיט דעם שוין פאַר אונדז געגוג באַקאַנטן און אַפילו נימעס געוואָ־רענעם וועג דורך דיסט - אַססעל - אַש, זיינען מיר אָנגעקומען צו דער האָ־לענדישער גרענעץ. אין דעם פּלאַץ האָט זיך האָלאַנד אַריינגעשניטן מיט אַ שמאָלן קלין צווישן דייטשלאַנד און בעלגיע. די דייטשן האָבן זיך איינגעקלאַמערט אָן דעם שטיקל פרעמדער טעריטאָריע. זיי האָבן זיך אויס־באַהאַלטן אין די האָלענדישע שטעטלעך און דערפלעך און דערמיט גע־צוואונגען די ענגלענדער צו באַנוצן די „נאָרמאַנדישע טאַקטיק”, וועלכע איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס די אַוויאַציע פלעגט פאַרניכטן אַ דאָרף נאָך אַ דאָרף און אַ שטאָט נאָך אַ שטאָט, און שפּעטער פלעגט שוין די אינפאַנטעריע פאַרנעמען די כורוועס, וועלכע די דייטשן האָבן פאַרלאָזט. מער פון אַלע האָבן געליטן די שטעט בילעריק און ווענלאָ, וועלכע האָבן זיך געפונען אָפּן ברעג פון טייך מאַאַס איינע קעגניבער דער אַנדערער. אין ווענלאָ האָבן זיך געקרייצט די אייזנבאַן־ליניעס און די שאָסיי־וועגן פון דייטשלאַנד קיין בעלגיע און האָלאַנד. ברייטע און קימאַט גלייכע

וועגן האָבן געפירט פון וועגלא ביז דיסעלדאָרף, עססען און וועזעל. דיי־רעקט אין רוקן פון דער שטאָט וועגלא זיינען געלעגן די דייטשישע אינ־דוסטריעלע שטעטלעך קרעפפעלד און געלדערן. דעריבער האָבן די דייטשן פאַרלאָזט וועגלא ערשט דאַן ווען זיי האָבן שוין געזען אַז ווייטער זיך איינהאַלטן דאָרט איז אינגאַנצן נוצלאָז. באַם אַוועקגיין האָבן זיי נאָך אַמאָל געגעבן די האָלענדער צו פילן זייער האַנט — זיי האָבן אויפגע־ריסן דעם בריק.

איצט האָבן זיך איבער די פּאָנטאָן־בריקן געקייקלט אָן אויפהער די טראַנספּאָרטן, לאַנגזאַם האָבן זיך אַריבערגעפּעקלט אַפן אַנדערן ברעג די טאַנקען. די אַמפיבישע „קאַטשקעס" און „בופלאַקסן" האָבן אויסגעוויילט בעסער אַריבערצושווימען דעם פילוואַסערדיקן טייך. דאָס איז געווען יעדנ־פאַלס אַ שנעלערער אויפן אַריבערצוגיין דעם טייך, ווייל פאַר די בריקן האָבן זיך געצויגן לאַנגע רייען.

די דייטשישע גרענעץ האָט זיך געצויגן קימאַט באַם סאַמע פאַר־שטאָט. לעבן אַ קליין בריקל אין אַ געדיכטן וועלדל איז געשטאַנען אַ סלופ מיט אַן אויפשריפט „גרענעץ", עטוואָס ווייטער — אַ שמוציקע גרינע געביידע: „צאָלאַמט". נאָכן צאָלאַמט האָט זיך געצויגן אַ צעריסענער שטעכיקער דראָט, עס האָבן געשוואַרצט פרימיטיווע אַנטיטאַנקען־גריבער און זעלטן ווו קליינע בלינדאַזשן אָן שום באַוואָפענונג.

די דייטשישע שטעטלעך זיינען געווען פוסט, זייערע איינוואוינער זיינען אַנטלאָפן צוזאַמען מיטן אָפּגעטראָטענעם מיליטער. זעלטן ווען עס האָבן זיך געזען אַף די פעלדער אַרבעטנדיקע פויערים. זיי פלעגן ניט אויפהייבן די קעפּ, פונקט ווי זיי וואָלטן ניט באַמערקט וואָס עס טוט זיך אַרום זיי. ווען מ'פלעגט זיי רופן פון די מיליטערישע מאַשינען, פלעגן זיי זיך שנעל אויסגלייכן און לויפן צום וועג שמייכלענדיק שוין פונדערווייטנס און פריינטלעך שאָקלענדיק מיטן קאָפּ. זיי פלעגן אַף די פראַגן אָפּענט־פערן מיט גרויס גרייטקייט, באַגלייטנדיק זייערע ענטפערס מיט שמייכלען און פאַרנויגונגען.

אין שטרעלען ווו עס איז איינגעשטאַנען דער פרעס־קאַמפּ פון דער 2־טער בריטישער אַרמיי האָבן די דייטשן מיט אַ גרויס פלייס געשייערט און גערייניקט די גאַסן, אויפגערוימט דאָס מיסט און פאַרלייגט מיט ציגל די לעכער אין די ווענט פון די הייזער. באַמערקנדיק פונדערווייטנס אַן אָפיציר, פלעגן זיי שנעל אַראָפּנעמען די היט, טיף איינגעבויגן די קעפּ און געקוקט אין די אויגן מיט זיסע, כניפעדיקע אויגן.

דער אָרט אויפירן זיך פון דער דייטשישער באַפעלקערונג האָט פאַר־וווּנדערט די אַליאירטע; זיי האָבן דערוואַרט מען זאָל אַף זיי שיסן פון הינטער די ראָגן, סרייפעס, אַ בייזן שווייגן אָדער גאָר זידלערייען. פאַרן אַריבערגיין די דייטשישע גרענעץ האָט מען פיל גערעדט וועגן דער מעג־לעכקייט פון אַ פאַרטיזאַנער־מילכאָמע אין דייטשלאַנד, די זעלנער און

די אָפּיצירן האָבן געזען אין יעדן איינעם פון די דייטשן א „ווערוואָלפער". די מײַסעס וועגן דעם „ווערוואָלפערישן טעראָר" האָט אַף אַזוי פיל אויפגערודערט די אַליאירטע קאָמאַנדע, אַז זיי האָבן באַשלאָסן אַרויסגעבן אויטאָמאַטישע ביקסן אַפילע די קריגס־קאָרעספּאָנדענטן, וועלכע האָבן ביז דאַן גאָר ניט געהאַט קיין רעכט צו טראָגן געווער. אָבער דער באַשלוס איז געבליבן אַ ניט דורכגעפירטער.

אינדערפרי זײַנען מיר אַוועק צום אַוואַנגאַרד באַטאַליאָן פון דער 52־סטער שאָטלאַנדער דיוויזיע, וועלכע האָט זיך צעשפּרייט אַפן ברעג פון ריין פּונקט אַנטקעגן דער שטאָט וועזעל. צום פּאָדערשטן טייל, איבערהויפּט ביז צו דער פעסטונג בליוכער איז מעגלעך געווען צוצוקומען נאָר באַנאַכט. מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט אין אַ גוט, וואָס האָט געהייסן „פּאָל", ווּ עס איז געשטאַנען אַף אָפּרו אַ ראָטע סאָלדאַטן. פונדאַנען האָט מען גאַנץ דייטלעך געזען וועזעל, לינקס פון דער שטאָט אַ וואַלד, אַ הויכע דאַמבע וועלכע האָט באַשיצט דעם טאָל פון טייך־אויסגוס. אין אַ פּויעריש שטיבל מיט אויסגעהאַקטע פענצטער האָבן מיר געטראָפן דעם ראָטע קאָמאַנדיר, — אַ ניט־יונגן סקעפּטישן און פעסימיטישן מאַיאָר. ער איז געווען זייער מאָרעשכוירעדיק געשטימט, ניט געוואָלט זיך פאַרטראַכטן וועגן דער צוקונפט, ווייל ער האָט פון איר קיין שום גוטס ניט דערוואַרט. אויפגענומען די קאָרעספּאָנדענטן האָט ער זייער קאַלט: לויט זײַנע רייד האָט די ענגלישע פרעסע פאַלש איבערגעגעבן דעם גאַנג פון דער מילכאָמע, פונקט אַזוי ווי פאַר דעם קריג האָט זי פאַלש געמאָלן דעם ביז פון דעם פּאָליטישן לעבן פון לאַנד און אויך אַזוי געמאָלן דאָס לעבן פון די אַנדערע פעלקער.

ריידנדיק צו אונדז האָט ער געזאָגט:

— אָט די הערן (אַ שאָקל טוענדיק מיטן קאָפּ אין דער ריכטונג פון אונדזערע ענגלישע קאָלעגן) האָבן אייך אויסגעמאָלט מיט אַזעלכע שוואַרצע פאַרבן, אַז אַ דורכשניטלעכער צייטונגס־לייענער האָט מוירע געהאַט פאַר די רוסן, מער ווי פאַר פייער. און צום סאָף באַנוצן מיר איצטער אין אונדזערע טפילעס אַ סאַך אָפטער דאָס וואָרט „רוסן" איידער דאָס וואָרט „גאָט".

דער מאַיאָר האָט קאַטעגאָריש אָפּגעלייקנט דעם געדאַנק, אַז די צייטונגען העלפן אויפצוהייבן דעם מאָראַלישן ניוואָ פון די זעלנער.

— מען וואָלט בעסער געגעבן מער ביר, — האָט ער פאַרענדיקט — וואָלט דער מאָראַלישער ניוואָ געווען העכער.

דער גאַלעך פון דער ראָטע, אַ יונגער רויטבאַקיקער, אָבער אינגאַנצן אַ פליכעוואַטער, איז געווען פונקט אַזאַ אָריגינעלער טיפּ, ווי דער קאָמאַנדיר. בעיס ער האָט אונדז מעכאַבעד געווען מיט וויסקי האָט ער זיך באַקלאָגט, אַז די הויפּט־קאָמאַנדע צווינגט אים ער זאָל פאַרייניקן דאָס אומפאַרייניקבאַרע: פריידיקן די ליבע צום נאָענטן און אין דער זעלבער

צייט פריידיקן צו הארגענען די דייטשן. ער פלעגט איבערצייגן זיינע זעלנער זיי זאָלן ניט צופיל באַלאַסטן די דייטשן מיט איבעריקע צאָרעס, ווייל יענע זיינען שוין אַזוי אויך געגוג געשטראָפט פון גאָט. דער גאַלעך פלעגט צעפירן די הענט און טרויעריק זיך מוידע זיין, אַז ער האָט ניט ליב די רוסן. פאַרוואָס? פון זיין פליכעוואַטן קאָפּ, אָנגעשטאָפּט מיט פאַרשיידנאַרטיקע אַנטיסאָוועטישע נאַרישקייטן האָט ער געקאָנט נאָר אַרויסשלעפּן אַ פּאָר אַרגומענטן וועגן אומגלויבן אין גאָט און וועגן דער מאַטעריאַליסטישער דערציונג אין רוסלאַנד, דערביי האָט ער דאָס וואָרט „מאַטעריאַליסטיש‟, פאַרשטאַנען ווי „מאַטעריעל‟, גייציקייט.

מיר האָבן זיך געוווּנדערט וואָס דערציען די זעלנער איז אָנפאַר־טרויט געוואָרן אַזאַ ניט־דערוואַקסענעם מענטשן. דער גאַלעך פון דער ראָטע מוז „אויפהאַלטן די שטימונג בא די זעלנער‟, מוז צושטעלן פאַר זיי ליטעראַטור, דאָמינאָ, דאַמקעס, מוזיק־אינסטרומענטן, לייענען פאַר זיי דעם ביולעטין „אבקא‟ (איך האָב שוין פריער באַמערקט אַז „אבקא‟ ווערט אַרויסגעגעבן דורך דער אַרמיי־ביוראָ פאַר פּאָליטיק).

אַף אונדזער פאַרווּנדערטער פראַגע: צי איז דען מעגלעך, אַז אַט דעם גאַלעך איז געוואָרן אָנפאַרטרויט די פּאָליטישע דערציונג פון די זעלנער, האָט אונדז דער מאַיאָר געענטפערט גאַנץ אָריגינעל, מיט זיין אייגנטימלעכן סקעפּטיציזם:

— נאַרישקייטן, סיי ווי סיי הערט אים קיינער ניט.

— אָבער ער אָנערקענט דאָך און פריידיקט אָפן זיינע אַנטירוסישע שטימונגען.

— איר אונטערשאַצט פּאָשעט די גייסטיקע פעיקייטן פון אונדזערע זעלנער. זיי האָבן שוין פון לאַנג אָן אויפגעהערט צו גלויבן אין דעם וואָס עס ווערט געזאָגט וועגן די רוסן. די רוסן האָבן דערציילט וועגן זיך מיט אַזאַ קאָל, וועלכן קיינער וועט שוין קיינמאָל ניט קענען פאַרטויבן...

# דער מאַרש איבערן ריין צו דער עלבאַ

.1

שוין זייט עטלעכע טעג איז איבערן גאַנצן ברעג פון ריין, אָנהויבנדיק פון אַרנעם אין האָלאַנד ביז קעלן, געהאַנגען אַ געדיכטער שוואַרצער וואָלקן. צענדליקער טויזנטער רויך־פּליטקעס האָבן געברענט פון באַגינען ביז פאַרנאַכט. איבער זיי האָבן זיך געדרייט אַוויאָנען, לאָזנדיק גיגאַנטישע זיילן פון רויך. דער שלייער האָט אַלץ פאַרדעקט אַזוי געדיכט, אַז עס איז געווען אַפילע אומעגלעך אַף דער ערד צו זען די איינזאַמע ליידיקע פאַרמס, וועלכע האָבן זיך געפונען ניט מער ווי אַ 40־50 מעטער פונעם ברעג, ווי אויך די טאַנקען, וועלכע זיינען געגאַנגען איבער די פעלדער קעדיי ניט פאַרנעמען דעם שאָסיי־וועג, וועלכער איז געשטעלט געוואָרן אין רעשוס פון די אומענדלעכע טראַנספּאָרטן. אונטערן צודעק פון דעם רויך־פאָרהאַנג האָבן די אַליאירטע קאָנצענטרירט באַם ריין די שלאָגער־דיוויזיעס, פלעגן צוברענגען פּאָנטאָן־מאַטעריאַלן, פּאָנטאָנען, שיפלעך, אַמפיביען און אויך „טאַנקען פון דעם יאָם־האַדין", וועלכע האָבן געקענט אַליין מיט אייגענע מיטלען איבערשווימען די וואַסער־באַריערן. דאָס מיליטער האָט זיך געזאַמלט אין די וועלדיקע בערג לענגויס דעם וועג קלעווע ־ מערס, קעגניבער די שטעט רעעס, וועזעל, דינסלאַקען, וועלכע זיינען געלעגן אַפן צווייטן ברעג פון ריין. דער קאַנאַדער קאָרפּוס איז געווען אָנגעצילט אַף רעעס; דער אַמעריקאַנער (פון דער ניינטער אַרמיי) — אַף דינסלאַקען. דער צענטער פאַר דער אַטאַקע פון דעם פראָנט איז געווען — וועזעל. קעגניבער אים האָבן זיך קאָנצענטרירט צוויי ענגלישע קאָרפּוסן. באַם סאַמע ברעג האָבן זיך פאַרשאַנצט צוויי שאָטלענדישע דיוויזיעס.

עס האָט געהאַלטן באַם פאַרענדיקן די צוגרייטונגען צום קלאַפּ איבערן ריין.

דעם 22־טן מערץ זיינען מיר אַרויסגערופן געוואָרן קיין בריסל, אין דעם שטאַב פון דער 21־סטער גרופּע אַף אַ פּרעסע־קאָנפערענץ.

עס איז ווידער אויפגעטראָטן פאַר די קריגס־קאָרעספּאָנדענטן, דער שעף פונעם שטאַב אַליין, גענעראַל גיואינגאַן. קוידעמקאָל האָט ער אינפאָרמירט, אַז מאָנטגאָמערי האָט שוין באַקומען דעם באַפעל אַריבערצוגיין דעם ריין אין דער נאַכט פון 23־טן אַפן 24־טן מערץ, שפּעטער האָט ער

אין קורצן באשריבן די אלגעמיינע מיליטערישע לאגע, וועלכע האט זיך אזוי שארף געענדערט פאר די לעצטע דריי וואכן. יענער „גליקלעכער צופאל” אף וועלכן די אליאירטע אנפירערשאפט האט ניט גערעכנט, האט דערלויבט די אליאירטע צו שאפן פאר זיך א פלאצדארם אפן מיזרעכדיקן ברעג פון ריין, בא רעמאגען, אן שום צוגרייטונגען און פארלוסטן. עמעס טאקע, אז מיט א פאר טעג שפעטער איז געלונגען די דייטשן צו צעשטערן דעם בריק, איבער וועלכן די אמעריקאנער זיינען אריבער אפן צווייטן ברעג, אבער דאס האט שוין ניט געענדערט די לאגע. דער פלאצדארם האט זיך פעסט איינגעהאלטן און צו אים איז אריבערגעווארפן געווארן א פאנטאנער בריק. מיט עטלעכע טעג פריער האט די ארמיי פון דעם גענעראל פאטאן דורכגעקרייצט דעם טייך ריין אף אן ארט דארעם פון מיינץ. ווי מיר האבן שוין געזען האט פאטאן אומיסטן אויסבאהאלטן ביז דעם לעצטן טאג די יעדיע וועגן דעם, קעדיי קאליע צו מאכן דעם עפעקט פון דער פארסירונג פונעם ריין דורך מאנטגאמעריס כאיאלעס.

דער נייער קאמאנדיר פון דעם דייטשישן מייערעוו־פראנט קעסעלרינג האט זיך באמיט, לויט די ווערטער פון דעם שעף פון שטאב, פארדעקן די לעכער פון זיין פראנט אפן שטייגער פון „טרישקינס מאנטל” (לויט קרילאווס א מאשל: אפשניידן די פאלע און פארלאטען די ארבל א. א. וו. (באמערקונג פון איבערזעצער). דער מיזרעך־פראנט האט נאך אלץ איינגעהאלטן די גאנצע דייטשישע אוויאציע, קימאט אלע טאנקען־קויכעס, קימאט די גאנצע ארטילעריע און אלע קאמפס־פעיקע דיוויזיעס. היטלער, וועלכער איז שוין פיל מאל געווארן איבערגעשפיצט דורך דער סאוועטישער אויבערקאמאנדע האט איצט, סאף ווינטער פון 1945, געהאט פארטאכלעוועט זיינע כאיאלעס אין פארשיידענע „זעק” און „קעשענעס” (בלויז אין לעטלאנד זיינען געבליבן שטעקן זעכציק דיוויזיעס). קעגן דריי פולע ארמייען פון דער 21־סטער גרופע פון די אליאירטע האט קעסעלרינג געקענט קעגנשטעלן אפן גאנצן פראנט בלויז 15—18 ניט קיין פולע דיוויזיעס פון צווייטער קאטעגאריע. דאס זיינען אלץ געווען פאלקס־גרענאדירן און שטורמערס. בלויז אף זיין צאפן־פראנט האבן זיך געפונען מער אדער ווייניקער קאמפס־פעיקע באטאליאנען פון געוועזענע פאראשוטיסטן, איצט פארוואנדלטע אין אינפאנטעריע. אבער דאס שמאלע קייטעלע פון די באטאליאנען איז געווען צעצויגן פון עממעריך ביז צו די ברעגן פון זוידערזעע אין האלאנד.

דער טייל פון דעם פראנט וואס איז געווען אנגעצייכנט פאר דער אטאקע איז געווען געשיצט דורך צוויי דיוויזיעס פאלקס־גרענאדירן. קעגן זיי האט מאנטגאמערי א ווארף געטאן פיר קארפוסן, פארשטארקטע מיט צוויי פאראשוטן־דיוויזיעס, א דעסאנט בריגאדע (קאמאנדאס), אפטיילונגען פון יאם־פלאט און א מעכטיקע אוויאציע. נאך אט די אלע אפטיילונגען האבן געזאלט אריבערגיין דעם ריין אלע דריי ארמייען. אין

באַשטאַנד פֿון אַריבער אַ מיליאָן מאַן. פֿאַר זיי האָבן דורכגעלייגט דעם וועג עטלעכע טאַנקען דיוויזיעס, וועלכע מען האָט גערעכנט אַריבערפֿירן אָפֿן אַנדערן ברעג פֿון ריין שוין אין די ערשטע טעג. (אָפֿן מיַירעוודיקן ברעג פֿון ריין האָבן די אַליאירטע קאָנצענטרירט צו יענער צייט פֿיר טויזנט טאַנקען און אַ היפּשע צאָל אויטאָ־האַרמאַטן).

דער גענעראַל האָט ניט אויסבאַהאַלטן זיין אויסערסט אָפּטימיסטי־שע שטימונג, ווייל מיט אַזעלכע קויכעס איז דער דערפֿאָלג געווען געגצלעך אַ געזיכערטער. די אָנפֿירערשאַפֿט פֿון די אַליאירטע קויכעס האָט ניט דערוואַרט אָנצוטרעפֿן אויף אַן אָרגאַניזירטן ווידערשטאַנד, זי האָט זיך גע־גרייט צום מאַרש צו דער עלבע.

גלייכצייטיק האָבן די ענגלענדער געגרייט בעסאָד פֿון זייערע אַליאיר־טע דעם וויכטיקסטן „טריומף”: דאָס פֿאַרכאַפּן פֿון בערלין. גלייך נאָך דעם ווי דער אויסשפּיר־דינסט פֿון דער 21־סטער גרופּע האָט פֿעסטגע־שטעלט, אַז די דייטשן האָבן פֿאַקטיש געלאָזן דעם מיַירעוו־פֿראָנט אָפֿן, האָט מאָנטגאָמערי לויט טשוירטשילס אָנווייזונג, אַרויסגעגעבן אַ באַ־פֿעל וועגן דעם שאַפֿן פֿון אַ מיליטער־אָפּטיילונג פֿאַר אַ ספּעציעלער באַ־שטימונג (Task Force) אין באַשטאַנד פֿון צוויי טאַנקען דיוויזיעס, איין פֿאַראַשוטן דיוויזיע און איין מעכאַניזירטע דיוויזיע. דער אָפּטיילונג איז פֿאָראָרדנט געוואָרן אַריבערצוגיין דעם ריין גלייך נאָך דער ערשטער כוואַליע פֿון די אַטאַקירנדיקע אָפּטיילונגען און שפּעטער גיין דירעקט אויף מיזרעך ניט צעשפּרייטנדיק זיך און ניט אָפּטרעטנדיק פֿון דעם ערשטן עשעלאָן. עס איז געווען אויסגערעכנט, אַז ווען דאָס ענגלישע מיליטער וועט זיך אויסדרייען צו צאַפֿן און וועט זיין באַשעפֿטיקט מיטן אָפּרייניקן די פֿאָרטן; ווען די אַמעריקאַנער וועלן זיך אויסדרייען מיטן פּאָנים צום דאָרעם און וועלן זיך פֿאַרפּלאָנטערן אין גאַסן־קאַמפֿן אין די אומצאָליקע שטעט און שטעטלעך פֿון רור, האַנאָווער, בראַונשווייג און מאַגדעבורג, דאַן זאָל די אָפּטיילונג פֿאַר ספּעציעלער באַשטימונג, געשיצט מיט דער פֿולער קראַפֿט פֿון דער ענגלישער אַוויאַציע, זיך אַ ריס טאָן אויף מיזרעך צו בערלין און זי פֿאַרכאַפּן, איידער די דייטשן אָדער די אַליאירטע וועלן קענען קומען צו זיך.

אַזוי אַרום האָט די ענגלישע הויפּט־קאָמאַנדע געוואָלט זיך אָפּנעמען אַ רעוואַנש פֿאַרן דורכפֿאַל פֿון אַן ענלעכן פּלאַן אין האַרבסט 1944 און זי האָט באַגרינדעט די נויטווענדיקייט פֿון אַזאַ געוואַגטן שריט מיט... „אָנהאַלטן דעם ענגלישן פּרעסטיזש”. די ענגלישע אָפֿיצירן האָבן אַזוי גע־טיַינעט: דאָס רוסישע מיליטער האָט באַפֿרייט וואַרשע, בעלגראַד, פֿאַר־נומען בוקאַרעשט, בודאַפּעשט, סאָפֿיאַ, עס וועט אַריינפֿאַלן אין זייערע הענט אויך ווין און פּראָג. די אַמעריקאַנער האָבן באַפֿרייט פּאַריז, פֿאַר־נומען רוים. וואָס שייעך די ענגלענדער — יענע האָבן נאָר איין בריסל אין זייער אַקטיוו אָן אַ האָפֿענונג צו פֿאַרנעמען קאָפּענהאַגען; אַפֿילע

האָג ווערט אַרײַנפֿאַלן אין די הענט פֿון די קאָנאַדער. דערפֿאַר האָט טשוירטשיל געוואָלט פּראַײַביקן דעם רום פֿון ענגלישן מיליטער, פֿאַרכאַפּנדיק בערלין, וועלכע איז געווען אינגאַנצן אָפֿן פֿון דער מיַירעוו־זײַט.

.2

אַף מאָרגן, נאָך אַ קורצן אָפּשטעל אין שטרעלען, זײַנען מיר אָנגעקומען אין אַ קליין דערפֿל וואָס איז געלעגן אַף אַ בערגל קעגניבער וועזעל. דער רויך־פֿאַרהאַנג האָט זיך ענדלעך אויפֿגעהויבן. פֿאַר אונדזערע אויגן איז געלעגן אַ שטילער און פּוסטער פֿליין, וואָס האָט זיך געצויגן ביז סאַמע וועזעל. פֿונדערווײַטנס האָבן געגלאַנצט די וואַסערן פֿון ריין. די פֿאַרגייענדיקע זון האָט געפֿלאַקערט אין די גרויסע לאַגונעס, וועלכע דער ריין האָט איבערגעלאָזט אַף אונדזער זײַט. מיר האָבן די גאַנצע צײַט געקוקט אָדער אַף וועזעל וואָס האָט פֿרידלעך זיך געווייסט אָפֿן הויכן ברעג, אָדער אָפֿן דורכזיכטיקן פֿאַרנאַכטיקן הימל: מיר האָבן געוואַרט אַף די עוויאָנען. זיי זײַנען אָנגעקומען צו זון־אונטערגאַנג. עטלעכע הונדערט שווערע באָמבאַרדיר עוויאָנען האָבן אַראָפּגעשליידערט זייער מאַסע אָפֿן בלויען פֿאָס פֿון די וועלדער, וועלכע האָבן זיך געהויבן הינטערן טײַך. איבערן וואַלד האָט זיך אויפֿגעהויבן אַ גרויסער שוואַרצער וואָלקן, וועלכער האָט זיך אַלץ מער און מער פֿאַרשפּרייט און געבליבן הענגען איבערן האָריזאָנט ווי אַ מוירעדיקע, שוואַרצע שטורעם־כמאַרע. די באָמבאַרדירער האָבן פֿאַרלויפֿיק געשאַנעוועט וועזעל. מיט פֿינף שאָ שפּעטער האָבן זיי איר מעכאַבעד געווען מיט 500 טאָן אויפֿרייס מאַטעריאַל אין מעשעך בלויז פֿון 10 קורצע מינוטן.

אין בײַן־האַשמאַשעס האָבן מיר זיך אַרונטערגעלאָזט פֿון אונדזער בערגל, צוגעגאַנגען קימאַט ביזן סאַמע טײַך און אָנגעטראָפֿן אַף אַ ליידיקן דערפֿל גילענדריך, ווו עס האָט זיך געפֿונען דער זאַמל־פּונקט פֿון דער דעסאַנט־בריגאַדע (קאָמאַנדאָס). זי האָט געזאָלט זײַן די ערשטע איבערצוגיין דעם ריין. די דעסאַנטלער זײַנען נאָך ניט אָנגעקומען. בלויז עטלעכע זעלנער האָבן זיך אַרומגעדרייט אין אַ שמוציקן שענקל באַם וועג: דאָס איז געווען דער וועג־פּאָסטן. מיר זײַנען געבליבן וואַרטן אָפֿן גאַניק פֿון דעם שענק. פּונקט 6 אַזייגער האָבן טויזנטער האַרמאַטן, אָנהויבנדיק פֿון די גאָר שווערסטע ביז די שנעל־שיסנדיקע לײַכטע קאַנאָנען „באָפֿאָרס” — אָנגעהויבן די אַרטילעריע צוגרייטונג. דער געקנאַל איז געווען אַ שרעקלעכער אָבער ניט קיין רעגלמעסיקער: אָט האָט ער זיך צוזאַמענגעגאָסן אין אַן אַלגעמיינעם ברום, און פּלוצלינג איז ער אַנטשוויגן געוואָרן, פּונקט ווי איבערכאַפּנדיק דעם אָטעם, און שפּעטער זיך ווידער פֿאַרשטאַרקט קייקלענדיק זיך איבערן ריזיקן האַלב־רונד, וועלכער האָט אָפּגעשלאָסן דעם וועזעל־בויגן פֿון ריין. איבערן פֿלאַכן פֿליין פֿון

דעם בויגן, באַלויכטן דורך די האַרמאַטן־זאַלפּן האָט זיך אויפגעהויבן א פולע לעוואָנע, אויף דעם ווייסן וועג זיינען געפאַלן שוואַרצע שאָטנס פון די הייזער.

פאַרביי אונדז זיינען געפאָרן אויפהויבנדיק וואָלקנס פון שטויב און מיט גרויסן ראַש לאַסט־אויטאָמאָבילן מיט פּאָנטאָנען. זיי האָבן באַקומען א באַפעל 8 אַזייגער צו באַפרייען דעם וועג. אָן א פערטל אַכט האָט זיך פאַרהאַלטן דער שטראָם פון די לאַסט־אויטאָס. אָבער הינטערן דערפל, אפן וועג האָט זיך דערהערט נאָך א שטאַרקערער רויש. דער רויש האָט זיך אַלץ מער דערנעענטערט צו אונדז פון אַלע זייטן און גאָר גיך איז ער געוואָרן אַזוי שטאַרק, אַז דער שענק האָט זיך גענומען טרייסלען. שפּעטער האָט זיך דער רויש מיטאַמאָל איבערגעריסן ערגעץ ווו הינטערן דערפל. מיר זיינען אַוועק אהין. בא די אָקאָרשט פּוסטע הייזער זיינען געזעסן צוגעשפּאַרט צו די ווענט זעלנער מיט ביקסן אין די הענט און מיט גרויסע רוקזעק אויף די פּלייצעס — דאָס זיינען געווען די קאָמאַנדאָס. זיי זיינען געזעסן שטיל. הינטער זיי לענגווים דעם הויפּט־וועג זיינען געשטאַנען צענדליקער „בופלאָקסן" — געפּאַנצערטע אַמפּיביעס — מיט א קאַפּאַציטעט צו טראַנספּאָרטירן מיט איין מאָל פערציק מאַן און טאַנקען: זיי האָבן דאָס געמאַכט אַזא שרעקלעכן טומל.

אין אן איינזאַמען שטיבל בא דער זייט פון דעם וועג האָבן מיר אַנטדעקט דעם פעלד־שטאַב פון דער בריגאַדע, דאָרט זיינען געזעסן די אָפיצירן און אָפּגעוואַרט די באַשטימטע שאָ. דער קאָמענדאַנט פון דעם ערשטן באַטאַליאָן האָט געקוקט אויף זיין זייגער. ווען די באַשטימטע שאָ איז אָנגעקומען האָט ער אַריינגערוקט דעם רעוואָלווער צו זיך אין קעשענע און פּאָשעט געזאָגט: „נו, אַלזאָ, מיר הויבן אָן?"

קיינער האָט זיך ניט אָפּגערופן. דער פּאָדפּאָלקאָווניק איז אַרויס אפן גאַס, נאָך אים די איבעריקע אָפיצירן. די זעלנער האָבן איינגעשטיגן אין די „בופלאָקסן". די „בופלאָקסן" און די טאַנקען האָבן ווידער אָנגעהויבן צו רעווען, טרייסלענדיק די ערד. נאָך די „בופלאָקסן" האָבן זיך א ריר־געטאָן די דעסאַנט־זעלנער מיט די רוקזעק, נאָך זיי צוויי „בולדאָזערס" (וועג־מאַשינען, וועלכע מען האָט גענוצט קעדיי אָפּצוראַמען די גאַסן נאָך א באָמבאַרדירונג, אָדער אָפּצורייניקן די וועגן). נאָך די בולדאָזערס זיינען געפאָרן א פּאָר סאָוועטישע קאָרעספּאָנדענטן. (אונדזערע ענגלישע קאָלעגן זיינען געקומען שפּעטער, ווייל זיי האָבן ניט געוואָלט פאַרלירן דעם אָוונט־ברויט אין שטרעלען).

דורכגעפאָרן דעם דאָרף, האָבן די טאַנקען און די „בופלאָקסן" זיך פאַרקערעוועט אויף רעכטס, מיר זיינען אָבער געפאָרן ווייטער גלייך צום טייך, איבער וועלכן עס האָבן זיך קעסיידער געהויבן אין דער לופטן צענדליקער ראַקעטן פון פאַרשיידענע פאַרבן. אייניקע ראַקעטן האָבן זיך אויפגעהויבן ניט זייער הויך און לאַנגזאַם געפאַלן אין וואַסער באַלייכטנ־

דיק דערביי אפילע די אומגעגנט, אנדערע ארויפהויבנדיק זיך הויך צו די שטערן, פלעגן דארט פלאצן און צעשיטן ארום זיך טויזנטער פייערלעך. דער פעלד־וועג איז געווען ווייס פון דער לעוואנע־שיין, לענגויס דעם וועג האט זיך געצויגן א פאפירענע סטענגע, ווו ניט ווו פלעגן זיך זען דייט־לעכע שווארצע אויפשריפטן: „דער בלויער וועג".

מיר זיינען צוגעקומען צו א דאמבע וועלכע האט אפגעצאמט די ני־דעריק ליגנדיקע פעלדער פון דעם פילוואסעררדיקן טייך, מיט גרויס פאר־זיכטיקייט ארויפגעקלעטערט אף איר רוקן פונקט אין דעם מאמענט ווען די „בופלאקסן" האבן זיך אריינגעלאזט אין וואסער אריין. גרא געפאברט האבן זיי זיך קוים אנגעזען אין דעם גרויען וואסער, וועלכער איז קוים קוים באפארבט געווען דורך דעם אפגלאנץ פון א ווייטער סרייפע אפן אנדערן ברעג טייך. די „בופלאקסן" האבן זיך א לאז געטאן איבערן טייך. די ארטילעריע פון די אליאירטע האט פארשטארקט איר פייער. די שנעל־שיסנדיקע הארמאטן „באפארס", וועלכע האבן זיך איינגעגראבן באם ראנד פון אונדזער דערפל, האבן באגאסן דעם מירעוו־ברעג פון ריין מיט א פייערדיקן רעגן פון זייערע גראנאטן, צו זיי זיינען צוגעשטאנען די ראַ־קעטן איינריכטונגען. די קוילנווארפערס, וועלכע זיינען געשטאנען קימאט גלייך הינטער דער דאמבע האבן זיך פאשעט פארכליניעט פון זייער גע־קנאל. דער דייטשישער ברעג האט אפגעענטפערט מיט זעלטענע שאסן, די בלויע טראסירנדע קוילן פון די דייטשן זיינען פאשעט דערטרונקען געווארן אין דעם רויטן שטראם, וואס האט זיך געלאזן פון דער מירעוו־זייט איבערן טייך.

די „בופלאקסן" זיינען ארויסגעקראכן פון דעם וואסער. זייערע קוילנ־ווארפערס האבן א זעץ געטאן אין דער בלויקייט פון דעם דייטשישן ברעג מיט העלע שטראמען פון טראסירנדיקע קוילן, צוזאמען מיט די קוילנ־ווארפערס האבן אנגעהויבן צו שיסן די אויטאמאטן און די ביקסן פון די דעסאנט זעלנער. די דייטשן האבן געשוויגן. די „בופלאקסן" האבן ארויסגעזעצט די דעסאנט־זעלנער און זיך געלאזט אף צוריק נאך א נייער גרופע קאמאנדאס. זיי זיינען ווייטער געשווומען איבערן טייך אויפהויבנ־דיק הינטער זיך ווייסע פאנטאנדלעך ענלעך צו פעדערן.

אין דער זעלבער צייט זיינען אנגעקומען 200 שווערע באמבארדיר־אוויאנען „לאנקאסטערס", קעדיי צו באמבארדירן וועזעל. גאר נאענט פון אונדז, ניט מער ווי אין איין אדער אנדערהאלבן קילאמעטער די ווייט, האבן זיך א ריס געטאן צום ריינעם הימל גרויסע פייערן, נאכער האט די ערד א ציטער געטאן, עס האט זיך געדוכט אז די ריין־דאמבע וויל אונדז אראפשליידערן אין וואסער אריין, נאך דעם האט זיך א קייקל גע־טאן א באטויבנדיקער דונער. די נאכט האט זיך געוואקלט צווישן פול־שטענדיקער פינצטערניש און פולשטענדיקער ליכט: אזוי העל איז געווען דאס פייער פון די אויפרייסן. בא זייער ליכט האבן מיר פונקט ווי בא

די בליצן פֿון מאַגנעזיע געקענט זען אױפֿן צווייטן ברעג טײך הײזער מיט דורכגעבראָכענע דעכער, אָפּגעריסענע ביימער, דעם גרינעם טייך מיט די „בופֿלאַקסן" און שיפֿלעך אָנגעפּאַקטע מיט דעסאַנט־מיליטער. די דייטשישע אַנטי־אַוויאַציע האַרמאַטן האָבן באַפֿאַרבט דעם הימל מיט „אַוויאָן־אויפֿרייסן": דאָס זיינען געווען אַזעלכע נייע גראַנאַטן אָנגעפּילטע מיט פֿאָספֿאָר, זיי האָבן געשאַפֿן אַ פֿולשטענדיקן איינדרוק פֿון אַן אַוויאָן וועלכער ווערט אויפֿגעריסן אין דער לופֿטן און ווערט צעפֿאַלן אַף פּיצלעך. די לופֿט־פֿליִער פֿלעגן דערציילן אַז דאָס פֿלעגט מאַכן זייער אַ פּיינלעכן איינדרוק אַף די מאַנשאַפֿטן פֿון די אַוויאָנען.

די מאַנאָטאָניקייט פֿון דער נאַכט אין הילכעם קלאַנגען איז דערפֿאַר זייער רייך קאָמפּענסירט געוואָרן מיט אַ וווּנדערלעכער פֿאַרשיידנאַרטיקייט פֿון פֿייערן, קאָלירן און פֿאַרבן. די ראַקעטן האָבן די גאַנצע צייט זיך אויפֿגעהויבן איבערן טייך, פֿינטעלעך פֿון מאַלינע־קאָליר האָבן זיך געצויגן אין אַ סאַך ערטער איבערן טייך, דאָס זיינען געווען די סיגנאַל־צייכנס פֿון די באַפֿאָרס. פֿייער־רויטע סנאַריאַדן האָבן זיך קעסיידער געטראָגן צום דייטשישן ברעג, און איבער דעם אַלעמען איז געשטאַנען אַ גרויסע, העלע ציטרין־קאָלירטע לעוואָנע. מיר זיינען געלעגן אַפֿן רוקן פֿון דער דאַמבע אַזוי אַ צוויי, צוויי מיט אַ האַלבער שאָ. דער דייטשישער ברעג איז שוין פֿון לאַנג אַנטשוויגן געוואָרן, פֿון דאָרטן האָט זיך ניט דערטראָגן קיין איין קלאַנג, די אויפֿרייסן און דונערן זיינען אַוועק ערגעץ ווו אין דער טיפֿעניש, אין דער בלויקייט פֿון דער נאַכט. דער רויש הינטער אונדזערע פּלייצעס איז אויך געוואָרן באַדייטנדיק שטילער, אַפֿילע די אַרטילעריע איז אויך, ווי עס האָט זיך אויסגעדוכט, מיד געוואָרן.

די „בופֿלאַקסן" און די „קאַטשקעס" האָבן אַלץ נאָך אַריבערגעפֿירט איבערן ריין די דעסאַנט־זעלנער. נאָך זיי האָט מען אָנגעהויבן אַריבערפֿירן די אינפֿאַנטעריע פֿון דער שאָטלאַנדער דיוויזיע. איצט איז דאָס אַלץ געווען מער ענלעך אַף אַ פֿרידלעכער טײך־עקסקורסיע, איידער אַף אַ מיליטערישער אָפּעראַציע.

מיר האָבן זיך צוריק אומגעקערט קיין העלענדריך מיטן זעלבן „בלויען וועג", וועלכער איז געווען באַגאָסן מיט אַן אויסערסט העלער לעוואָנע־שיין. דאָ האָט זיך שוין געהאַט פֿאַרזאַמלט אַ רעדל קריגס־קאָרעספּאָנדענטן, וועלכע האָבן באַאָבאַכטעט דאָס איבערקרייצן פֿון דעם ריין דורך אַנדערע אָפּטיילונגען. זיי האָבן זיך מודיע געווען, אַז פּראַקטיש האָבן די דייטשן אין קיין איין פּלאַץ ניט געשטעלט קיין ווידערשטאַנד. (איינע אַן אַמעריקאַנער דיוויזיע האָט אין מעשעך פֿון דער אָפּעראַציע פֿאַרלוירן 15 מאַן, אַן אַנדערע — 16). די דיוויזיעס זיינען אַריינגעדרונגען אין דער אַזוי גערופֿענער „באַפֿעסטיקטער ריין־זאָנע". אַרום 4 אַזייגער באַנאַכט איז דאָס מיליטער אַריין אין וועזעל, פֿאַרכאַפּט אין געפֿאַנגענשאַפֿט דעם גאַנצן גאַרניזאָן מיטן קאָמענדאַנט פֿון דער שטאָט בעראָש און אויך גע־

נומען געפאנגען א גענעראל־מאיאר — דעם שעף פון דער אנטי־אוויאציע שויץ פון דער גאנצער געגנט. די שאטלאנדער האבן פארנומען די דערפער, וואס ליגן אנטקעגן דעם שטעטל קסאנטען. די קאנאדער האבן זיך אריינגעריסן, ווי עס איז באוווּסט געווארן שפעטער, אין דער שטאט רעעס, און די אמעריקאנער האבן אונטערגענומען א באוועגונג צו דיסלאקען. די אלע אביעקטן וועלכע זיינען געשטעלט געווארן אלס הויפט־ציל פאר די קארפוסן, זיינען דערגרייכט געווארן נאך אין דער זעלבער נאכט, אף וואס די הויפט־קאמאנדע פון די אליאירטע האט זיך פאשעט ניט גערעכנט.

דעם קומענדיקן טאג גאנץ פרי זיינען מיר ווידער ארויס צום ריין, דאס מאל עטוואס מער אף צאפן פון וועזעל, ווו לעבן קסאנטען האט מען שוין געבויט א בריק. דא בא דער זייט האבן אלץ גענישטערט אהין און צוריק די „קאטשקעס" און בופלאקסן". זיי האבן צוגעשטעלט אפן צווייטן ברעג טייך פריש מיליטער, ברען־מאטעריאל, שפייז, געווער. צום אריבערפאר איז אנגעקומען דער גענעראל דעמפסי. ער איז געווען פרייליך געשטימט און צוגעזאגט פאר די קארעספאנדענטן אין די נאענטסטע טעג נאך א פיל אינטערעסאנטערע „פארשטעלונג", אבער קאנקרעט דערקלערן אין וואס זי וועט באשטיין האט ער זיך אפגעזאגט. ער האט באטאנט, אז די דורכגעפירטע אפעראציע איז געווען א „מעכטיקע און אינטערעסאנטע". מיר האבן זי אנגערופן „א שיינע", ווייל דעם עמעס זאגנדיק האב איך אין מיין לעבן נאך קיינמאל ניט געזען אזא פילפארביקע נאכט. דער גענעראל איז מאסקים געווען: „א, די נאכט איז געווען א צווייבערדיקע!"

מיט א דריי שא שפעטער האבן זיך באוויזן איבערן ריין די ערשטע דעסאנט־אוויאנען. יעדער איינער האט געשלעפט נאך זיך צוויי פלאנירן. די אוויאנען זיינען געפלויגן זייער נידעריק, דעריבער האבן די עטלעכע דייטשישע אנטי־אוויאציע קאנאנען, וועלכע זיינען נאך פארבליבן הינטערן טייך אין דעם וואלד, גלייך אראפגעשאסן עטלעכע פון זיי. די פאראשוטיסטן האבן זיך ארויסגעשאטן גלייך אין וואלד אריין. זייערע פאראשוטן פון אלערליי קאלירן האבן גלייך פארזייט דעם הימל, זיי האבן זיך שנעל אראפגעלאזט און גלייך פארשוווּנדן געווארן הינטערן בלויען וואלד־פאס. און די אוויאנען און פלאנירן זיינען אלץ צוגעקומען מער און מער. אין נאענטסטן רוקן פון דעם „שויץ־וואל פון ריין" האט מען אראפגעלאזן גאנצע צוויי דיוויזיעס. אגעוו מוז מען באמערקן אז אין א סאך ערטער האבן די יאבאשע־קויכעס שוין דורכגעמארשירט די שויץ־דאמבע.

נאכמיטיק זיינען מיר אריבערגעפארן אין א „קאטשקע" אפן רעכטן ברעג. אן אויטאמאביל, וועלכער איז אריבערגעפירט געווארן אין א פאראם האט אונדז צוגעפירט ביז צום וועלדל, ווו עס האט זיך נאך געהערט א גראגערן פון ביקסן און קוילנווארפערס: דארט האבן זיך נאך געהאלטן

די אינגלענדער פון דער היטלעריסטישער יוגנט. ווזועל אליין האט אונדז איבעראשט מיט איר שטילקייט, דער וועג אבער וועלכער האט געפירט דורך דעם וועלדל איז נאך אלץ באשאסן געווארן דורך איינצלנע „סנייפערס". אונדז אנטקעגן זיינען אנגעקומען פאראוונדעטע פאראשוטיסטן, זייערע פארלוסטן זיינען געווען אומגעהויער גרויסע און זיי אליין האבן ניט פארשטאנען דעם זין פון זייער אראפשפרינגען, ווייל די יאבאשע־קוויכעס האבן זיך דורכגעלייגט דעם וועג אן זייער הילף. אין פיל ערטער זיינען די פאראשוטיסטן אראפגעשפרונגען נאר צוליב דעם קעדיי צונויפצולייגן זייערע פאראשוטן און גלייך אוועקגיין אין רעטאגווארד.

ווען מיר האבן זיך צוריקגעקערט צום טייך האט מען שוין פארענדיקט דעם בריק. עמעס, די באוועגונג איבערן בריק האט זיך נאך ניט אנגעפאנגען, נאר מיר האבן שוין געקענט אריבערגיין אפן מײַרעוו־ברעג אן דער הילף פון א „קאטשקע". אין אנדערהאלבן שא ארום האט מען שוין דעם בריק באדעקט מיט ברעטער געלייגט אין דער קרום פאר די טאנקען און לאנגע רייע פון טראנספארטן, וועלכע האבן געווארט אפן וועג לעבן קסאנטען האט זיך א לאז געטאן איבערן ריין.

.3

איבער די שנעל־אויפגעבויטע בריקן (דער 7־טער אמעריקאנער קארפוס האט, צום ביישפיל אויפגעשטעלט א בריק צום דארעם פון ווזועל אין מעשעך פון 10 שא און 11 מינוטן), זיינען אריבער אפן מיזרעך־ברעג די קארפוסן פון דעם ערשטן עשעלאן און גלייך נאך זיי — די אלע דריי ארמייען. צעשמעטערנדיק דעם שוואכן דייטשישן ווידערשטאנד האבן די טאנקען־קאלאנעס זיך א לאז געטאן צום מיזרעך, פלאנקירנדיק דעם גאנצן אינדוסטריעלן רור־געביט. צו דארעם פון דעם רור זיינען די טאנקען פון דער ערשטער אמעריקאנער ארמיי מארשירנדיק טעגלעך 40 מייל, אין מעשעך פון דריי טעג אנגעקומען קיין מאגדעבורג, דערנאך זיך אויסגעקערעוועט אף צאפן עטוואס מײַרעוודיקער פון קאסעל, און אין מארש האבן זיי פארנומען פאדערבארן, וועלכע האט מיט זיך פארגעשטעלט אזוי צו זאגן די הינטער־טיר פון דעם רור. דארט האבן זיי זיך באגעגנט מיט די טאנקען פון דער 9־טער אמעריקאנער ארמיי, וועלכע האבן פלאנקירט דעם רור־געביט פון צאפן־זייט. די דריטע אמעריקאנער ארמיי, וועלכע האט געדעקט די דאזיקע אפענסיווע פון דארעם זייט, האט פארנומען פראנקפורט, דורכמארשירנדיק דורך גאטא און צוגעקומען צו ערפורט. די צווייטע בריטישע ארמיי האט, שיצנדיק דעם לינקן פליגל, אריינגעדרונגען גאר טיף אף צאפן־מיזרעך אין דעם וועסטפאלער פליין.

אין אט דער אפענסיווע האבן די אליאירטע געווארפן זייער גרויסע קוויכעס: ביז צום ערשטן אפריל האבן זיי אריבערגעווארפן איבערן ריין

דריי טויזנט טאַנקען, מער אָדער ווייניקער די זעלבע צאָל אויטאָ־האַרמאַטן און שווערע אַרטילעריע. דער דייטשישער מיירעוו־פראָנט איז צעפֿאַלן געוואָרן גלייך נאָך דעם ווי די אַליאירטע זיינען אַריבער דעם טייך; הינטער דעם וואַסער־באַריער איז ניט געווען ניט קיין מענטשן, און ניט קיין טעכניק אויף צו באַשיצן זיך. דעם 30־טן מערץ, דאָס הייסט אין פֿינף טעג אַרום נאָכדעם ווי די אַליאירטע קויכעס האָבן איבערגעקרייצט דעם ריין האָט די ענגלישע צענזור דורכגעלאָזט מיין טעלעגראַמע, עמעס טאַקע אין אַ ביסל אַ פֿאַרקריפּלטער פֿאָרעם. די טעלעגראַמע איז געווען פֿאָלגנדיקע: „איצט זעט מען שוין בוילעט אַז דער דייטשישער מיירעוו־פראָנט האָט געקראַכט. אויפֿן גאַנצן פראָנט איז שוין ניטאָ קיין אָרגאַניזירטער ווידערשטאַנד. דאָ אין די געדיכט־באַוואוינטע געגנטן פֿון דאָרעם־מיירעוודיקער דייטשלאַנד און אין רור זיינען נאָך פֿאַראַן איינצלנע אינדזלען פֿון ווידערשטאַנד, אָבער דער פראָנט צעפֿאַלט זיך זייער שנעל. ס'איז שוין מער ניטאָ ניט קיין קאָמאַנדע פֿון פראָנט, ניט קיין קאַמפּס־פֿעיקע מיליטער, ניט קיין טאַנקען, ניט קיין לופֿט־וואָפֿן און זייער ווייניק אַרטילעריע. ווי עס שיינט האָט די דייטשישע אויבער־קאָמאַנדע פֿאַרלאָזט דעם מיירעוו־פראָנט און זי פּרוּווט אַפֿילו ניט אָפּשטעלן דעם שטראָם פֿון דער אַליאירטער אָפֿענסיווע. די טאַנקען־קאָלאָנעס פֿון דער ערשטער און 9־טער אַמעריקאַנער אַרמייען און צווייטער בריטישער אַרמיי זיינען אָן שום ווידערשטאַנד אַדורך אויף מיזרעך און אַריינגענומען אין אַ גרויסן קלעם דעם גאַנצן אינדוסטריעלן רור־געביט. די ערשטע אַמעריקאַנער אַרמיי האָט פֿאַרן לעצטן טאָג דורכגעמאַרשירט 50 מייל און פֿאַרנומען אַ סאַך שטעט. די ענגלישע טאַנקען לויפֿן פֿאָרויס מיט אַזאַ שנעלקייט, אַז זיי שאַפֿן גרויסע שוועריקייטן פֿאַר דער אַוויאַציע־קאָמאַנדע. עס קומט זיי אויס אַמאָל בייטן די ריכטונגען פֿון באָמבאַרדירונג צו צוואַנציק מאָל אין איין טאָג".

די צעשטויבטע דייטשישע אָפּטיילונגען, פֿאַרלירנדיק די צענטראַלע אָנפֿירערשאַפֿט האָבן אויפֿן מיירעוו אַליין פֿאַר זיך באַשטימט דעם אויפֿן פֿון זייער ווייטערדיקער אויפֿירונג. אייניקע פֿון זיי, און דאָס אויך זייער אַ קליינער טייל, האָבן געשטעלט אַ לאָקאַלן ווידערשטאַנד. אַזוי צום ביישפּיל, האָבן די ענגלענדער בעשום ניט געקענט איינעמען די שטאָט אָסנאַבּרוק, וווּ עס האָט זיך געפֿונען אַן אונטעראָפֿיצירן־שול. די שילער האָבן קאָנטראַטאַקירט עטלעכע מאָל און אַרויסגעשטויסן די ענגלענדער. עס האָט זיך זיי אַפֿילו איינגעגעבן אָפּשטויסן די אָנגרייפֿער הינטערן בריק. נאָר די ענגלענדער האָט געראַטעוועט... אַן אַנטי־אַוויאַציע באַטאַריע וועלכע איז דאָרט צופֿעליק פֿאַרבייגעפֿאָרן. דער פּיפּיקער קאָמאַנדיר האָט צעשאָסן די פּריצן פֿון זיינע שנעלשיסנדיקע האַרמאַטן גלייך אין פּנים. אָבער די גרעסטע מערהייט פֿון די דייטשישע סאָלדאַטן און אָפֿיצירן האָבן זיך ניט געוואָלט שלאָגן. די דייטשן פֿלעגן זיך אונטערגעבן אין באַשטאַנד

פון גאַנצע אָפּטיילונגען, זיי האָבן נאָר געזוכט אַ מעגלעכקייט זיך אײַ־בערגעבן אַף אַזאַ אויפן, זיי זאָלן ניט אַרײַנפאַלן אונטערן פייער פון די ס. ס.'ישע פּאָליציי־אָפּטיילונגען.

באַם אַראָפּוואַרפן די פאַראַשוטיסטן האָט איינער אַן ענגלישער אָפּי־ציר, אַ קאָמאַנדיר פון אַן אָפּטיילונג זיך אַראָפּגעלאָזט אַף אַ קליינעם אינדזל אַפן טייך ריין. אים האָט אונטערגעכאַפּט אַ דייטשישער אונטער־אָפיציר. דער דייטש האָט זיך אָפּגעזאָגט צו נעמען דעם ענגלענדער אין געפאַנגענשאַפט, נאָר פאַרקערט, ער האָט זיך געבעטן באַם ענגלענדער, ער זאָל נעמען אין געפאַנגענשאַפט דעם גאַנצן דייטשישן גאַרניזאָן פון דעם אינדזל. דער אָפיציר איז צוזאַמען מיטן דייטש אַוועק צו די בליג־דאַזשן און דאָרטן געטראָפן אַ גאַנצע דייטשישע ראָטע מיט זייער קאָ־מאַנדיר בעראָש. די ראָטע האָט פאָרמעל קאַפּיטולירט פאַר אַן איינגאַנצן אומבאַוואָפנטן אָפּיציר.

אין אַ וואָך ארום האָבן די אַליאירטע אינגאַנצן פאַרענדיקט דאָס אַרומרינגלען פון דעם רור. וואָס ווייטער זיי פלעגן אַרײַנדרינגען אין דייטשלאַנד, אַלץ ווייניקער ווידערשטאַנד האָבן זיי אָנגעטראָפן. די דייטשן האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו שטעלן אַ ווידערשטאַנד אַפילע אין די באַוואוינטע פונקטן פונעם רור. די צענטראַלע גרופירונג פון דעם דייטשישן מערב־פראָנט, וועמענס אויפגאַבע איז געווען צו פאַרטיידיקן דעם גאַנצן אינ־דוסטריעלן ראיאָן פון מערב־דייטשלאַנד איז זיך צעפאַלן און אינגאַנצן פאַרשוואונדן פונקט ווי די צאָלרייכע קוילנגריבער פון רור וואָלטן זי פאַר־שלונגען. דער קאָמענדאַנט פון דער צענטראַלער גרופירונג מאָדעל, דער זעלבער מאָדעל וועלכער האָט נאָך אין האַרבסט געזאָגט אין אַ באַפעל צו זיין אַרמיי, אַז דייטשלאַנד קען פאַרשפּילן אַ שלאַכט, אָבער די מיל־כאָמע וועט זי ניט פאַרשפּילן — איז באַגאַנגען זעלבסטמאָרד.

די באַוועגונג פון די ענגלישע קאָלאָנעס איבער דעם צאָפן־מערעוו־דיקן פלאַך איז געגאַנגען אַזוי שנעל, ווי דאָס האָבן דערלויבט די מעג־לעכקייטן פון די וועגן. די ס. ס.־אָפּטיילונגען פלעגן נאָך אַמאָל שטעלן אַ קליינעם ווידערשטאַנד, נאָר אַמייסטן פלעגן די ס. ס.־לייט אַנוועגדן זייער געווער ניט אַזוי פיל קעגן די ענגלענדער ווי קעגן זייערע אייגענע זעלנער און דער דייטשישער ציווילער באַפעלקערונג. אין אָסנאַברוק האָבן זיי פאַרכאַפּט אין אַ פאַסטקע די דייטשן, וועלכע האָבן באַשלאָסן צו באַגעגענען די אַליאירטע מיט ווייסע פענער. אין מינדען, אַפן וועזער, האָבן זיי באַשאָסן זייערע זעלנער, וועלכע האָבן אָפּגעטראָטן. צום דאָרעם פון ברעמען האָבן די ס. ס.־לייט אַרויסגעזאָגט אַפן שלאַכטפעלד אינגלעך פון דער „היטלער יוגנט" און געדראָט זיי מיט אַ קויל אין קאָפּ, אויב זיי וועלן נאָך וואַגן זיך אומצוקוקן.

אָבער דער ס. ס.'ישער טעראָר האָט ניט געהאָלפן. די וועגן פון דער אָפּענסיווע זיינען געווען איבערגעפּולט מיט דייטשן וועלכע האָבן געמאַר־

שירט צו דעם אַליאירטן הינטערלאַנד. הינטער אָסנאַברוק האָבן מיר אָנגעטראָפֿן אַף אַ גרויסער מאַכנע דייטשישע זעלנער, וועלכע האָבן אָן דערפֿאָלג געפּרוווט זיך איבערגעבן אין געפֿאַנגענשאַפֿט. קיינער האָט ניט געוואָלט זיך פֿאַרנעמען מיט זיי און זיי אָפּגעשיקט אַלץ ווייטער אין רעטאַגוואַרד. יעדער איינער פֿון זיי האָט געטראָגן אַ שטיקל ווייסן געוואַנט, אַ נאָז־טיכל אָדער גאָר אַ בלעטל ווייס פּאַפּיר. אַט די טרויעריקע פּראָצעסיע האָט זיך געצויגן איבער די דייטשישע שטעטלעך; אייניקע אַלטע דייטשן האָבן געמוסערט די זעלנער, יענע האָבן זיי אָפּגעענטפֿערט מיט זידלערייען און זיך געאײַלט וואָס שנעלער אַרויסצובאַקומען פֿון דעם שטעטל אין פֿעלד אַריין. דער ענגלישער אָפֿיציר אַף וועלכן עס איז אַרויפֿגעלייגט געוואָרן די פֿליכט צו באַזאָרגן די געפֿאַנגענע, האָט זיך געזידלט מיט די ערגסטע ווערטער. ער האָט פֿאַר די דייטשן ניט געהאַט ניט קיין טראַנספּאָרט און ניט קיין פּראָוויאַנט. ער האָט זיי אַלעמען געשיקט ווייטער אַף מײַרעוו: סיי־ווי־סיי וועלן זיי ווייטער ווי ביז צום ריין ניט קענען גיין.

דאָך זיינען די ענגלענדער אַלץ מער אָפּגעשטאַנען פֿון זייער רעכטן פֿליגל. אָפּטיילונגען פֿון דער 9־טער אַמעריקאַנער אַרמיי האָבן זיך אַרויסגעריסן אַפֿן אויטאָמאָביל־שאָסיי, וועלכער פֿירט פֿון רור קיין בערלין, און זיך אַ לאָז געטאָן מיט דער גרעסטער שנעלקייט צו מיזרעך. זיי האָבן פֿאַרנומען האַנאָווער, און שוין אַף צומאָרגנס איז די צעשטערטע און פֿאַרלאָזטע פֿון דער מערהייט פֿון איר באַפֿעלקערונג שטאָט געבליבן שטעקן ערגעץ טיף פֿון הינטן. פּונקט אַזוי פֿאַניש און אין דער גרעסטער אומאָרדענונג האָבן די דייטשן אָפּגעגעבן ברונשוויג. די אַמעריקאַנער האָבן זיך אָנגעצילט אַף מאַגדעבורג.

אין דער זעלבער צייט זיינען די ענגלענדער אַריבערגעגאַנגען דעם טייך וועזער, שפּעטער אַללער, פֿאַרנומען זאָלטאַו און רואיק ניט געאײַלטערהייט זיך גערירט צו ליונעבורג, צו דער עלבע. דער ענגלישער לינקער פֿליגל איז געבליבן שטעקן בײַ ברעמען. דאָרט האָט די יאַם־אינפֿאַנטעריע, מיט דער הילף פֿון יונגע אינגלעך פֿון דער „היטלער־יוגנט" און אַלטע נאַצים, ניט דערלאָזט אַז זיי זאָלן פֿאַרנעמען דעם גרעסטן דייטשישן פּאָרט אַפֿן צאָפֿנדיקן יאַם. דער קאַמף פֿאַר ברעמען האָט זיך פֿאַרצויגן ביז ענדע אַפּריל. דער פֿעלדמאַרשאַל מאָנטגאָמערי האָט ווידער פֿאַרהאַלטן דעם טעמפּ פֿון די אָפּעראַציעס, איבערצייגנדיק זיך אַז זיין פּלאַן איינצונעמען בערלין איז דורכגעפֿאַלן. דער צאָפֿן־מײַרעוודיקער פֿלאַך פֿון דייטשלאַנד, וועלכער האָט אויסגעזען אין זיינע אויגן ווי אַ שעטעך פֿאַר אַ שטורמישן אַוואַנס פֿאַר די טאַנקען, האָט זיך אין דער עמעסן אַרויסגעוויזן צו זיין אַ פֿאַסטקע. אין דער זעלבער צייט האָט אַפֿן מיזרעך, אַריבערגייענדיק דעם אָדער, זיך אַ לאָז געטאָן אַ ריזיקע כוואַליע פֿון דעם סאָוועטישן אָנגריף. אונטער אַט דעם נייעם צעשמעטערנדיקן קלאַפּ פֿון

דער רויטער אַרמיי האָט זיך אָנגעהויבן צו צעפאַלן די היטלעריסטישע קריגס־מאַשין און באַגלייך מיט איר אויך דער גאַנצער היטלעריסטישער רייך. די פאַשיסטישע דייטשלאַנד האָט שוין אָנגעהויבן צו גויסעסן. דאַן האָט מאָנטגאָמערי אָנגעהויבן אַרויסצווייזן אַ „מאָדנע" איילעניש. אין די לעצטע טעג פון דעם מאָנאַט אַפּריל האָט ער אויסגעדרייט זיינע דיוויזיעס, וועלכע האָבן זיך ביז דאַן געריכטעט צו האַמבורג, און זיך אַ לאָז געטאָן דירעקט אויף מיזרעך, צו דער עלבע.

קעדיי צו באַגרינדן דעם אומדערוואַרטעטן טויש פון דער ריכטונג, האָט דער גענעראַל גיזאיגאַן אָנגעוויזן אַז דער הויפּט־קאָמענדאַנט וויל זיך צוגרייטן צו יעדער עווענטואַליטעט, ווייל אין דעם „מעקלענבורגער זאַק", ווי עס האָט זיך אויסגעדריקט דער שעף פונעם שטאַב, האָבן זיך אָנגעזאַמלט דייטשישע כּאַיאַלעס, וועלכע וועלן קענען זייער לייכט אָפּגע־שניטן ווערן און גענומען ווערן אין געפאַנגענשאַפט.

.4

פון יענעם טאָג אָן (אַפּריל 28) האָט די צווייטע ענגלישע אַרמיי פּאַק־טיש פאַרענדיקט איר מילכאָמע. גרייטנדיק זיך צום אַריבערגיין די עלבע האָבן די ענגלענדער זיך פאַרבונדן מיטן גאַרניזאָן פון דער שטאָט לאַוענ־בורג, וועלכער איז געשטאַנען אויפן מיזרעכדיקן ברעג פון דעם טייך, אויפן וועג ליונעבורג—ליובעק. די דייטשן האָבן אויסגעדריקט זייער ווילן זיך אונטערצוגעבן, נאָר זיי האָבן דערקלערט דעם ענגלישן אָפיציר: „מען האָט נאָך אונדז דערוויילע ניט דערלויבט זיך אונטערצוגעבן. וואַרט צו אַ ביסל. די פראַגע ווערט געלייזט דורך דער אויבער־קאָמאַנדע". די אויבער־קאָמאַנדע האָט געוואָלט פערזענלעך אונטערהאַנדלען מיט די ענגלענ־דער. די אונטערהאַנדלונגען, וועלכע האָבן זיך געפירט דורכן שטאַב פון דעם 8־טן ענגלישן קאָרפּוס, זיינען אַריבער אין רעשוס פון דעם אַרמיי־שטאַב און שפּעטער צום שטאַב פון דער 21־סטער גרופּירונג. עס איז אָנ־געקומען צו די ענגלענדער דער ערשטער שעליעך פון דעם הויפּט־קאָמענ־דאַנט פון די דייטשישע יאַם־קויכעס, דעם גענעראַל־אַדמיראַל פרידעבורג.

אויפן אַנדערן טאָג, ד. ה. דעם 29־טן אַפּריל זיינען די ענגלענדער אַריבער די עלבע. די דייטשן האָבן ניט נאָר געשטערט די ענגלענדער אַריבערגיין דעם טייך, נאָר זיי האָבן אַפילע געשטעלט צו זייער דיספּאָ־זיציע צוויי בריקן. די גאַרניזאָנען פון אַלע שטעטלעך וועלכע האָבן זיך געפונען אויפן מיזרעכדיקן ברעג פון דער עלבע האָבן זיך אָנגעהויבן אונ־טערצוגעבן. אַן ס. ס.־אָפיציר, דער שעף פון דעם גאַרניזאָן פון דער שטאָט שוואַרצענבערג (אויפן וועג צו ליובעק) איז פערזענלעך אַרויסגעפאָרן צו באַגעגענען די אָנקומענדיקע ענגלענדער און זיי פאָרגעשלאָגן זיין קאַפּי־טולאַציע. זיין ביישפּיל האָט גלייך נאָכגעטאָן דער קאָמענדאַנט פון דעם

גאַרניזאָן פון אַ באַדייטנדיקער אינדוסטריעלער שטאָט האַרבורג, וועלכע איז די פאָרשטאָט פון האַמבורג. גלייך נאָך דעם ווי אַף די גאַסן האָבן אויפגעריסן די ערשטע פאַר גראַנאַטן האָט ער אָנגעקלונגען צו די ענגלענדער מיט אַ פאָרשלאָג צו קאַפּיטולירן. דעם זעלבן טאָג האָט קאַפּיטולירט דאָס שטעטל שטאַדע. עס האָבן אָנגעהויבן אָנצוקומען צו די ענגלענדער אויך גענעראַלן. אין דערפל שווינגע איז געקומען צו דעם עלטסטן ענגלישן אָפיציר דער גענעראַל־לייטענאַנט פאָן וועליש, געוועזענער שעף פון דעם שטאַב פון כריסטיאַנסען — קאָמענדאַנט פון דייטשישן מיליטער אין האָלאַנד און בעלגיע, ער האָט אָפּגעגעבן זיין שווערד און זיך איבערגעגעבן אין געפאַנגענשאַפט. דעם ערשטן מײַ איז אָנגעקומען אין דעם שטאַב פון דעם אַכטן קאָרפּוס קעדיי צו פירן אונטערהאַנדלונגען וועגן זיך אונטערצוגעבן, אַ פאָרשטייער פון דעם גענעראַל פעלדמאַרשאַל בוש, קאָמענדאַנט פון דער צאָפנדיקער גרופּירונג פון די דייטשישע אַרמייען (אַזוי גערופענע „ווײַסל"־גרופּע). מען האָט אים אָפּגעשיקט צום שטאַב פון דער אַרמיי און פון דאָרט אין שטאַב פון דער 21־סטער גרופּירונג. מיר האָבן ניט געוווּסט און אויך ניט געקענט וויסן אין וואָס עס באַשטייען די אונטערהאַנדלונגען. אָבער פון די קורצע ידיעות, אָדער, בעסער געזאָגט, אַ דאַנק די צופעליק אַרויסגעפּלאַפּלטע רייד פון אייניקע אָפיצירן בײַ אַ פּרעסע־קאָנפערענץ האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז מאָנטגאָמערי האָט געפירט אונטערהאַנדלונגען ניט פּשוט וועגן דער קאַפּיטולאַציע פון דער „ווײַסל"־גרופּע, וועלכע האָט געקעמפט קעגן דעם צווייטן ווייסרוסישן פראָנט פון דער רויטער אַרמיי, נאָר עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן דעם אַז זי זאָל זיך אונטערגעבן נאָר צו די ענגלענדער.

אַ באַריכט־אָפּגעבער פון דעם שטאַב האָט אַזוי דערקלערט אַף אַ פּרעסע־קאָנפערענץ דעם 1־טן מײַ אין פאַלינגבאָסטעל: „די אַרמיי־גרופּע „ווײַסל", וועלכע טרעט אָפּ פון ראָקאָסאָווסקין, וועט ווערן גענומען אין געפאַנגענשאַפט דורך דעם בריטישן מיליטער. מיר דערוואַרטן אַ גרויסע מאַכנע געפאַנגענע".

אין אָוונט פון דעם 1־טן מײַ האָבן זיך פאַרענדיקט די פאַרהאַנדלונגען. ווי עס איז אונדז באַוווּסט געוואָרן עטוואָס שפּעטער האָבן די דייטשן מסכּים געווען צו קאַפּיטולירן צו די ענגלענדער, אָבער אַף געוויסע באַדינגונגען: איינהאַלטן די דייטשישע אַנפירערשאַפט אין אַ געוויסער זאָנע (שלעזוויג־האָלשטיין), אָנערקענען אַ געוויסע אויטאָנאָמיע פאַר די דייטשישע מיליטערישע באַהערדן אין יענער זאָנע, דאָס אָפּזאָגן זיך מיצד די ענגלענדער צו פאַרנעמען דעם גאַנצן פלענסבורגער ראַיאָן, בײַ דער דענישער גרענעץ. די דייטשישע אַנפירערשאַפט האָט זיך פאַרפליכטעט אין משך פון דער נאַכט און דעם פרימאָרגן פון 2־טן מײַ אָפּצורייניקן די וועגן פון דעם קאַנאַל ליובעק - עלבע, וווּהין די אַליאירטע זייבען שוין אַרויס, ביז ווימאַר און שווערין (דיביידע וועגן זיינען געווען

אינגאנצן פארשטאפט מיטן טראנספארט פון דעם דייטשישן מיליטער, וועלכער איז אפגעטראטן פון מיזרעך).

אפן פרימארגן פון דעם 2־טן מיי, זיינען די וועגן שוין געווען אפגערייניקט. די זעקסטע בריטישע פאראשוטיסטן־דיוויזיע האט זיך א לאז געטאן אפ וויסמאר דורכמארשירנדיק אין עטלעכע שא מער ווי זעכציק מייל. דער אמעריקאנער 18־טער דעסאנטנער לופט־קארפוס, וועלכער האט זיך גערוקט אפן רעכטן פליגל פון די ענגלענדער, האט דורכגעמאכט דעם שעטעך פון 25 מייל ביז שווערין אין זעקס שא. אפ מיזרעך פון די שטעט וויסמאר און שווערין האבן די אליאירטע אנגעטראפן אפ די ערשטע טאנקען־אפטיילונגען פון דער רויטער ארמיי. קימאט באם אריינפאר אין די שטעט איז געשאפן געווארן די אינטעראליאירטע גרענעץ־ליניע און הינטער איר האט זיך אויסבאהאלטן די גאנצע ארמיי־גרופע „וויסל". לויט די דערקלערונגען פון א פארשטייער פון שטאב אפ א פרעסע־קאנפערענץ, וועלכע איז פארגעקומען דעם 2־טן מיי אין אוונט: האט זיך די וואנדערונג פון דער ארמיי־גרופע „וויסל" שוין פארענדיקט.

אזא האנדלונג פון דער אנגלא־אמעריקאנער הויפט־קאמאנדע איז געווען א ברוטאלע פארלעצונג ניט נאר פון דער לאיאליטעט צווישן די פארבינדעטע נאר אפילע פון דעם יאלטער אפמאך, וועלכער איז געשלאסן געווארן צווישן די אנפירער פון די דריי גרויס־מאכטן. לויט דער באשטימונג פון יאלטער קאנפערענץ האט די גרענעץ צווישן דער ענגלישער און דער סאוועטישער זאנע געזאלט ליגן אפ דעם קאנאל ליובעק - עלבע, ווו אפ איין זייט האט זיך אפגעשטעלט די ענגלישע ארמיי, און אפ דער אנדערער זייט האט זיך געפונען דאס מיליטער פון דער ארמיי־גרופירונג פון בושן, וועלכע האט זיך די גאנצע צייט געשלאגן אפן לינקן פליגל פון דעם דייטשישן מיזרעך־פראנט, אנהויבנדיק נאך פון לענינגראד אן.

דעם דריטן מיי זיינען מיר ארויסגעפארן קיין וויסמאר. אפן גאנצן וועג פון זאלטאו ביז ליונענבורג (מיירעוו־ברעג פון דעם טייך עלבע) האבן זיך געצויגן אומענדלעכע קאלומנעס פון דייטשישע קריגס־געפאנגענע. זיי זיינען געגאנגען אפ דעם וועג, בא די זייטן פון וועג און אפ די ראנדן פון די דערבייאיקע פעלדער. דייטשישע אפיצירן מיט ווייסע ארעמבענדער האבן מארשירט און די גאנצע צייט, אן אויפהער, סאלוטירט די ענגלישע אפיצירן. דער מיזרעך־ברעג פון דער עלבע, באם אריבערפאר, האט פאשעט געווימלט מיט שמוציק־גרינלעכע פיגורן. זיי זיינען געלעגן אין א דערבייאיקן שיטערן וועלדל, האבן זיך געפארעט אין זאמד באם וואסער, ארומגעבלאנדזשעט איבערן פעלד. די אומגעגנט פון לאוענבורג איז געווען שווארץ פון די פילע טויזנטער געפאנגענע, וועלכע זיינען אלץ מער און מער צוגעקומען. דער שאסיי פון לאוענבורג ביז שווערין און וויסמאר האט געמאכט א מאדנעם איינדרוק. באביידע זייטן פון דעם שאסיי זיינען געלעגן טויזנטער לאסט־אויטאמאבילן, לייכטע מאשינען

א. אַ., וועלכע זיינען אַראָפּגעשטויסן געוואָרן פון דעם הויך־ליגנדיקן וועג. די אַלע מאַשינען ליגנדיק אַף אַ זייט, און אַפילע די איבערגעקערטע האָבן געקוקט מיטן פאָרנט צום מײַרעוו. אַן ענגלישער אָפיציר וועלכער האָט אונדז באַגלייט, האָט אָנגעהויבן באַרימעריש דערציילן אונדז ווי אַזוי די ענגלישע פאַראַשוטיסטן האָבן מיקלוימערשט, דעריאָגט די דייטשישע קאַלאָנע וועלכע האָט אָפּגעטראָטן צו מיזרעך, און ווי זיי האָבן צעשמעטערט זי אַף אַלע זייטן.

— יאָ... (האָבן מיר געענטפערט) דער קלאַפּ איז געווען אַזאַ מעכטיקער, אַז אַפילע אַלע מאַשינען, לאַסט־מאַשינען, טראַנספּאָרט־מאַשינען און די פּאַסאַזשיר־אויטאָמאָבילן האָבן זיך אויסגעדרייט אַף זייערע אַקסן און זיך אויסגעלייגט מיטן פּאָנים צום מײַרעוו.

דער אָפיציר האָט מיט פרווּנדערונג מיך אָנגעקוקט, דערנאָך אַ בליק געטאָן אַף די מאַשינען. ער איז רויט געוואָרן און שפּעטער זיך דאָן מוידע געווען, אַז די דייטשן האָבן אָפּגעטראָטן ווייזט אויס ניט פון מײַרעוו צו מיזרעך, נאָר פּונקט אין דער היפּעכדיקער ריכטונג.

לאַגערן פון פּליכטלינגע האָבן זיך איינגעאָרדנט אַף לאָנקעס, פּעלדער און אין די וועלדער קוים באַדעקטע מיט יונגע בלעטער. אין איינציקע ערטער פלעגן זיי פאַרנעמען עטלעכע קוואַדראַט־קילאָמעטער. איבער די לאַגערן האָט זיך געהויבן דער רויך פון שייטערס און פון קיכן, ס׳איז אָן אויפהער געשטאַנען אַ מורמל פון שטימען פון פיל טויזנטער מענטשן. און אַלץ נייע און נייע קאָלאָנעס פלעגן זיך אַריינגיסן אין די טונקלגרינע מערעשקעס־בערגלעך. די זעלנער זיינען געווען שמוציק און מיד, אָבער מיר זיינען איבערראַשט געוואָרן פון זייער זאַטן אויסזען, פון זייער יונגט און אויסמושטירונג. פאַרגלייכנדיק זיי מיט דעם צווייטראַנגיקן קריגס־מאַטעריאַל וועלכן מיר פלעגן אָנטרעפן אין דער גאַנצער צייט פון דער קאַמפּאַניע אין מײַרעוו־אייראָפּע, האָט מען געקענט פעסטשטעלן, אַז די אָפיצירן און זעלנער פון בושס גרופּע זיינען געווען פראָפעסיאָנעלע מיליטערלייט. פאַרביי אונדז איז געגאַנגען די עמעסע דייטשישע קאַדראָווע אַרמיי.

ערשט איצט האָבן די ענגלישע אָפיצירן זיך געגעבן רעכענונג מיט וואָס פאַר אַ מיליטער עס איז אויסגעקומען צו קעמפן זייער סאָוועטישן פאַרבינדעטן. מיט גרויס שטוינונג האָבן די ענגלענדער באַטראַכט די מאַרשירנדיקע דייטשן. בלויז בושס גרופּע האָט געציילט אַנדערהאַלבן מיליאָן אַזעלכע אָפיצירן און זעלנער. הייַנט, וויפל פון זיי זיינען אַריינגעדרונגען אָפן סאָוועטישן באָדן און שוין אַף אייביק פאַרבליבן דאָרט!

דעם 3־טן מײַ האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג איבערן פרעס־קאַמפּ אין דעם דערפל דייטש־דעווערן, אַז דער פעלדמאַרשאַל מאָנטגאָמערי האָט איינגעלאַדן צו זיך עטלעכע אָנגעזעענע ענגלישע קאָרעספּאָנדענטן. די ידיע האָט אונדז אַלעמען אויפגערעגט. אַלע האָבן געוווּסט וועגן וואָס עס

וועט ווערן געמאָלדן און דעריבער האָט זיך אויסגעוויזן פאַר זייער אַ מאָד־נעם באַליידיקנדיקן דער פאַרלאַנג פון מאַנטגאָמערין צו ריידן בלויז מיט אויסדערוויילטע. באַם מיטיק איז באַשלאָסן געוואָרן אים צו שיקן אַן „אולטימאַטום". דאָס האָט געווירקט. דער הויפּט־קאָמענדאַנט האָט צוגעשיקט אַן אָפיציר: אַז ער לאַדט איין אַלע, אָבער עס ווערט אָפּגעלייגט דער וויזיט אַף צוויי שעה.

דער פעלד־שטאַב פון דער 21־סטער גרופּע האָט זיך דעמאָלט געפונען אין אַ שיטערן וועלדל ניט ווייט פון דייטש־דעווערן. פון דעם בערגל, באַוואַקסן מיט אַ וועלדל האָט מען געקענט זען די גלאָקן־טורעמס פון לינעבורג, ברוינע בלאָטעס, און זעלטענע שוואַרצע פאַסן פון ניט־לאַנג צעאַקערטע פעלדער.

מאָנטגאָמערי האָט אויפגענומען די קאָרעספּאָנדענטן אין אַ גרויסן געצעלט. ער האָט אַלעמען אויסגעזעצט אַפן גראָז און אַליין אַרומגעשפּאַצירט פאַר די זיצנדיקע הין און צוריק מיט די הענט אין די קעשענעס פון זיין קורטקע. (עס איז געווען אַ קאַלטער און כמורנער טאָג). לויט מאָנטגאָמערים דערציילן האָט דער ערשטער איינגעשטעלט מיט אים אַ קאָנטאַקט דער הויפּט־קאָמענדאַנט פון דעם מיליטער וואָס האָט זיך געפונען צווישן דעם באַלטישן יאַם און וועזער — דער גענעראַל בליומענטריט. ער האָט אויסגעדריקט זיין גרייטקייט צו קומען קעדריי איבערגעבן מאָנטגאָמערין זיין מיליטער, נאָר אָנשטאָט אים זיינען אָנגעקומען דער גענעראַל־אַדמיראַל פרידעבורג, הויפּט־קאָמענדאַנט פון אַלע דייטשישע יאַם־קויכעס, גענעראַל־לייטענאַנט קינזעל, דער שעף פון פעלדמאַרשאַל בושס שטאַב, קאָנטראַדמיראַל וואַגנער, דער שעף פון פרידעבורגס שטאַב און צוויי שטאַב־אָפיצירן פון קלענערע ראַנגען. צווישן זיי מיט דעם הויפּט־קאָמענדאַנט פון דער 21־סטער גרופּע איז קלוימערשט פאָרגעקומען אַזאַ מין געשפּרעך:

מ אָ נ ט ג אָ מ ע ר י: וואָס פאַרלאַנגט איר פון מיר?

פ ר י ד ע ב ו ר ג: מיר זיינען געקומען צו אייך לויטן אויפטראַג פון דעם פעלדמאַרשאַל בוש, אייך צו בעטן אַז איר זאָלט אָנעמען די קאַפּיטולאַציע פון דריי דייטשישע אַרמייען וועלכע טרעטן אָפּ פון די רוסן. מיר זיינען זייער באַזמרואיקט פאַרן גורל פון דער ציווילער באַפעלקערונג וועלכע באַגלייט די אָפּטרעטנדיקע אַרמיי. קענט איר אָנעמען די קאַפּיטולאַציע?

מ אָ נ ט ג אָ מ ע ר י: ניין. קאַטעגאָריש ניין. די אַרמייען האָבן געקעמפט קעגן די רוסן און מוזן דעריבער באַ די רוסן בעטן אָנעמען די קאַפּיטולאַציע. איך וויל גאָרניט האָבן צו טאָן מיט די דייטשישע אַרמייען, וועלכע געפינען זיך אַף מיין רעכטן פליגל. זענט איר גרייט מיר איבערצוגעבן דעם גאַנצן דייטשישן מיליטער, וועלכער געפינט זיך אַף מיין לינקן פליגל צווישן ליובעק און האָלאַנד?

פ ר י ד ע ב ו ר ג: דאָס שטייגט איבער אונדזערע פֿולמאַכטן. איצט זיינען מיר באַזאָרגט נאָר מיטן גורל פֿון דער ציווילער באַפֿעלקערונג אַף אייער רעכטן פֿליגל. קענען מיר קומען צו אַ פֿאַרשטענדיקונג?

מ אָ נ ט ג אָ מ ע ר י: ניין. איך האָב ניט בעדייע צו דיסקוטירן וועגן וועלכע עס זאָלן ניט זיין באַדינגונגען. איז אייך באַאַקאַנט די לאַגע אַפֿן מייַרעוו־פראָנט?

אָבער ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן האָבן די אַדמיראַלן און די גענעראַלן ניט געקענט די לאַגע. מאָנטגאָמערי האָט זיי געוויזן די מאַפּע. („אָפֿנהאַרציק, ניט אָן מוירע אויפֿצודעקן זיינע סוידעס”). ווי עס האָט פֿאַרזיכערט מאָנטגאָמערי האָט זי געמאַכט אַזאַ ווירקונג, אַז דער גענעראַל־אַדמיראַל פֿרידעבורג האָט געוויינט אין לויף פֿון דעם גאַנצן מיטיק מיט וועלכן ער האָט מעכאַבעד געווען די דייטשישע דעלעגאַטן. באַ דער דערציילונג האָבן די אַמעריקאַנער קאָרעספּאָנדענטן אָנגעהויבן איראָניש צו שמייכלען. און בעעמעס, עס איז געווען שווער צו גלויבן, אַז די דייטשישע אַדמיראַלן און גענעראַלן, וועלכע האָבן שוין געוווסט וועגן דעם פֿאַלן פֿון בערלין, וועגן צוזאַמענברוך פֿון דעם גאַנצן דייטשישן מיזרעך פראָנט, וועגן דער פֿאַרניכטונג דורך דער רויטער אַרמיי פֿון דעם שטאַב פֿון דער דייטשישער הויפּט־קאָמאַנדע, זאָלן דערשיטערט ווערן פֿון אַ יעדיע, אַז די 21־סטע גרופּע האָט פֿאַרנומען אַ פּאָר דערפֿלעך. דערצו זיינען זיי דאָך אַליין געקומען צו מאָנטגאָמערין בעטן ער זאָל אָנעמען די קאַפּיטולאַציע פֿון די דריי אַרמייען וועלכע אַנטלויפֿן פֿון דעם סאָוועטישן מיליטער. עס איז געווען גאַנץ קלאָר אַז דער געדאַנק זיך אונטערצוגעבן צו די ענגלענדער איז באַ זיי געבוירן געוואָרן נאָך איידער מאָנטגאָמערי האָט זיי געוויזן זיין מאַפּע. לויט מאָנטגאָמערים רייד האָבן זיך די אונטערהאַנדלונגען געצויגן נאָך עטלעכע טעג, ווייל די דייטשן האָבן געהאַט בעדייע איבערצוגעבן מאָנטגאָמערין בלויז בושם דריי אַרמייען, וועלכע האָבן אָפּגעטראָטן פֿון די רוסן, נאָר זיי האָבן פֿאַראַקשנט אָפּגעהיט דאָס דייטשישע מיליטער וואָס האָט זיך געפֿונען צו מייַרעוו פֿון דער ווייסל־גרופּע. און מאָנטגאָמערי האָט זיך פּונקט אַזוי איינגעשפּאַרט און ניט געוואָלט אָנעמען בושם אַרמייען און געפֿאָדערט די קאַפּיטולאַציע פֿון דעם מיליטער אין שלעזוויג־האָלשטיין, האָלאַנד און דענעמאַרק. ערשט דעם 4־טן מייַ, דאָס הייסט מיט צוויי טעג שפּעטער נאָך דעם ווי די ענגלענדער האָבן שוין פּאַקטיש גענומען געפֿאַנגען די גאַנצע בוש־גרופּע, זיינען די קעגנער געקומען צו אַ העסקעם: די דייטשן האָבן מער ניט אַרויפֿגעצווונגען דעם קאָמענדאַנט פֿון דער 21־סטער גרופּע יענע געפֿאַנגענע וועלכע האָבן געהערט פּאַקטיש צו דעם 2־טן ווייסרוסישן פראָנט פֿון דער רויטער אַרמיי, און איינגעשטימט אים איבערצוגעבן דאָס מיליטער וואָס געפֿינט זיך צו מייַרעוו פֿון דעם קאַנאַל ליובעק - עלבע.

.5

דאָס גאַנצע דייטשע מיליטער, וועלכע איז געבליבן שטעקן צווישן ווִיסמאַר שווערין און דעם קאַנאַל ליובעק־עלבאַ, האָט זיך איילִיק איבערגעפּעקלט איבערן קאַנאַל און געלאָפן וואָס ווייטער פון דער סאָוועטישער זאָנע. זיי האָבן זיך פאַרזאַמלט אין שלעזוויג־האָלשטיין. די הויפּט־קאַמאַנדע פון דער קאַפּיטולירטער אַרמיי מיטן פעלדמאַרשאַל בוש בעראָש האָט זיך באַזעצט אין דער שטאָט פלענסבורג, קימאַט אַף דער דייטש־דענישער גרענעץ. די גענעראַלן האָבן זיך דערקלערט פאַר באַלעבאַטים פון גאַנץ שלעזוויג־האָלשטיין. די ציווילע מאַכט האָבן זיי געשטעלט צו זייער דינסט. אין זייער רעשוס האָבן זיי גענומען אַלע טראַנספּאָרט־מיטלען און אַלע רעזערוון פון פּראָוויאַנט. די טעריטאָריע וועלכע איז געווען באַזעצט פון דעם דייטשן מיליטער, איז געווען אָקופּירט פון די ענגלענדער בלויז אַף פּאַפּיר. די קאַפּיטולירטע האָבן ניט געוואָלט זען זייערע זיגער אַף די גאַסן פון די שטעט שלעזוויג, פלענסבורג, הוסום, רענדסבורג און אייניקע אַנדערע, די זיגער זיינען געווען געצוווּנגען זיך צו באַזעצן אין די פאָרשטעט פון אָט די אַלע שטעט. די ענגלישע טאַנקן האָבן באַקומען אַ באַפעל זיך ניט צו ווייזן אַף די וועגן, די אָפיצירן און זעלנער איז געווען פאַרבאָטן צו שפּאַצירן אַף די גאַסן, זיי פלעגן ניט אַרויסגיין פון די קאַזאַרמעס. קימאַט מיט צוויי וואָכן שפּעטער נאָך דעם קאַפּיטולירן איז אונדז אויסגעקומען, פאָרנדיק פון דענעמאַרק קיין לאַנעבורג, דורכקרייצן יענע געגנט, וועלכע די אַליאירטע קאָרעספּאָנדענטן האָבן אַ נאָמען געגעבן „פלענסבורגער רעפּובליק". איבער די דענישע וועגן, וועלכע האָבן געפירט צו דאָרעם, האָבן מאַרשירט באַוואָפנטע דייטשן, זיי האָבן געזונגען(?) זייערע לידער, אונדז נאָכגעפייפן און אָפּטמאָל אַפילו אונדז געוואַגט צו דראָען. אַף דער דעניש־דייטשישער גרענעץ האָבן אונדז באַגעגנט דייטשע יאַם־קאַדעטן, וועלכע האָבן דאָרט געהאַלטן די וואַך. זיי זיינען געווען באַוואָפנט מיט רעוואָלווערן און קורצע שווערדלעך. אין דעם גרענעץ צאָל־אַמט און אַרום אים האָט זיך באַזעצט אַ גאַנצע מיליטערישע אָפּטייִלונג. באַם סאַמע וועג זיינען געווען אויסגעשטעלט אין פּיראַמידן זייערע ביקסן. אין די קוסטעס האָבן זיך געפּאַשעט „טיגערס" און „פּאַנטערעס".

אַף די גאַסן פון פלענסבורג, ווּ עס זיינען איינגעשטאַנען די שטאַבן פון בוש און פרידעבורג, האָט געווימלט מיט דייטשישע מיליטערלייט. די זעלנער באַם באַגעגענען זיך מיט אַן אָפיציר פלעגן פעסט מאַרשירן און סאַלוטירן און די אָפיצירן פלעגן זיי אויך אַזוי פּינקטלעך אָפּענטפערן. באַ די ראָגן פון די גאַסן זיינען געשטאַנען פּאָליציילייט און שרייענדיקע אוניפאָרמס. זיי פלעגן מיט בייזע בליקן באַטראַכטן אונדזערע אויטאָמאָבילן.

דורכן טויער פון אַ געררוימען הויף האָבן מיר באַמערקט מענטשן אָנגעטאָן אין ענגלישע אוניפאָרמען. זיינען מיר אַהין אַריין פּאַשעט קעדיי איבערצוכאַפּן דעם אָטעם. די אָפיצירן פון דער ערשטער „סימבאָלישער" אָפּטיילונג, וועלכע איז געשיקט געוואָרן קיין פלענסבורג „ווי אַ מיליטערישע מיסיע, אָדער גאָר ווי „מאַשקאַנעס" האָבן מיר דערציילט, אַז זיי האָבן מוירע זיך צו באַווייזן אַף די גאַסן פון דער שטאָט. זיי האָבן זיך געוויצלט, אַז עס איז זיי שווער צו פאַרשטיין, ווער אייגנטלעך זיינען דאָ די געפאַנגענע: די דייטשן אָדער די ענגלענדער. לויט אונדזער מיינונג זיינען די געפאַנגענע געווען די ענגלענער.

אַפן גאַנצן וועג פון פלענסבורג ביז שלעזוויג האָבן מיר געזען נאָר אַ פּאָר ענגלישע טאַנקען וועלכע האָבן זיך אויסבאַהאַלטן הינטער די ווענט פון די הייזער, און נאָך עפּשער צוויי, דריי אויטאָמאָבילן־קאָלאָנעס. אַף אַלע וועגן האָבן געבאַלעבאַטעוועט די דייטשן. אַף די גאַסן פון די שטעטלעך און דערפלעך האָט מען, עמעס, שוין ניט געזען קיין נאַציפענער, אָבער קיין ווייסע פענער, סימאָנים פון קאַפּיטולאַציע, האָט מען אויך ניט געזען. דאָס לעבן איז דאָ געגאַנגען לויט דער דייטשישער גלייכמעסיקייט און פּינקטלעכקייט. באַ די געשעפטן זיינען געשטאַנען מענטשןרייען די באַלעבאָסטעס האָבן געקערט די גאַסן, גערייניקט און געוואַשן די פענצטער, די פויערים האָבן באַאַרבעט זייערע גערטנער.

אַ כוץ בוש און פרידענבורג, האָט זיך דאָ אויך באַזעצט אַ נייע רעגירונג פון דעם נייעם פירער: דעניץ. זיין אויסערן־מיניסטער, דער לאַנגיאָריקער היטלעריסטישער פינאַנץ־מיניסטער, שווערין פאָן קראָזיג, האָט זיך באַזעצט אין אַ שלאָס אויסער דער שטאָט פלענסבורג: פון דאָרט פלעגט ער אַרויסשיקן צו די מייַרעוו אַליאירטע זיינע אַנטיסאָוועטישע אויפרופן. נעבן אים האָבן זיך באַזעצט געבעלסעס פּראָפּאַגאַנדיסטן, וועלכע האָבן, ניט געקוקט אַף דער קאַפּיטולאַציע, ווייטער פאַרגאָסן די לופט מיט אַנטיסאָוועטישער סלינע. די ענגלענדער האָבן זיי ניט געשטערט. אין דער אומגעגנט פון פלענסבורג האָט געוואוינט הימלער, וועלכער האָט, ווי עס איז באַוווּסט, געהאַט בעדייע אין לעצטן מאָמענט צו פאַרקויפן היטלערן צו די מייַרעוו אַליאירטע, קעדיי צו ראַטעווען זיין אייגענע פעל.

שפּעטער, דעם 16־טן מיַי, אַף די אָנפראַגע פון די קאָרעספּאָנדענטן, פאַרוואָס גייט עפּעס אַרום הימלער אַף דער פריי, און אומגעשטערט איבער פלענסבורג, האָט דער פאָלקאָווניק מערפי, פונעם שטאַב פון דער 2־טער בריטישער אַרמיי געענטפערט, אַז די קאָרעספּאָנדענטן דאַרפן זיך ניט באַומרויִקן: די אַליאירטע מאַכט ווייסט גאַנץ גוט ווו עס געפינט זיך הימלער און מיט וואָס ער פאַרנעמט זיך. דער געוועזענער שעף פון

געשטאָפּט „וועט געגומען ווערן“, האָט מערפּי צוגעזאָגט, ווען דער „שעף“ וועט עס געפינען פאַר נויטיק.

אין אַ קורצער צייט אַרום האָט די ענגלישע מיליטערישע מאַכט ליקווידירט די „פלענסבורגער רעפּובליק“, און אַרעסטירט אירע מיליטערישע און ציווילע אָנפירער. (הימלער איז באַגאַנגען זעלבסטמאָרד — פרידעבורג — אויך). אָבער די ענגלענדער האָבן איינגעהאַלטן די אַרמיי. זיי האָבן אָפּגעלאָזט אַף דער צייט פון שניט די זעלנער, איבערלאָזנדיק דאָך אין דער אַרמיי די טאַנקיסטן, מיליטערישע אינזשעניערן, סאַפּיאָרן און לופט־פליער. לויט אַלע סימאָנים איז קלאָר געווען, אַז די ענגלישע הויפּט־קאָמאַנדע האָט אין די לעצטע טעג פון דער מילכאָמע מיט דייטשלאַנד געזאָרגט ניט וועגן דעם פולשטענדיקן פאַרניכטן פון די היטלערישע באַוואָפנטע קויכעס נאָר וועגן ראַטעווען די מער קאַמפּס־פעיקע אָפּטיילונגען פון זייער פולשטענדיקער פאַרניכטונג דורך דער רויטער אַרמיי. אפן צאָפן־פליגל פון דעם דייטשן פראָנט זיינען זייערע באַמיונגען געקרוינט געוואָרן מיט דערפאָלג. די ענגלישע רעאַקציאָנערע קרייזן האָבן פאַרלעצט זייערע היסכייווועסן צו די אַליאירטע און אויסגעשטרעקט אַ רעטונגס־האַנט פאַר די רעשטלעך פון דער פאַשיסטישער אַרמיי. די דייטשן האָבן זיך מיט גרויס דאַנקבאַרקייט אָנגעכאַפּט אָן דער האַנט. אין דעם דאָזיקן זשעסט האָבן זיי דערפילט אַז עס לעבט ווידער אויף דער טויטער מינכען־גייסט.

.6

אין די נעכסטע וואָכן גלייך נאָכן פאַרענדיקן פון דער מילכאָמע איז מיר אויסגעקומען אַסאַך אַרומצורייזן. איך האָב באַזוכט די הויפּטשטעט פון די אַלע באַפרייטע לענדער פון מייַרעוו, כ'האָב געשמועסט מיט די מיניסטאָרן פון די נייע רעגירונגען, מיט די לידערס פון די פּאָליטישע פּאַרטייען, מיט פאָרשטייער פון דער אינטעליגענץ, מיטן פּאָשעטן אוילעם. די אויטאָריטעט פון דעם ראַטנפאַרבאַנד איז געווען אַף אַזוי פיל גרויס, אַז די פאַרשיידנסטע מענטשן און, פאַרשטייט זיך, צוליב פאַרשיידענע סיבעס, האָבן זיך געוואָלט באַגעגענען מיט אַ סאָוועטישן קאָרעספּאָנדענט, מיט אַ „מענטש פון מאָסקווע“. די פרייהייטס ליבנדע פעלקער פון אייראָפּע האָבן מיט גרויס באַגייסטערונג באַגריסט די גרויסע סאָציאַליסטישע מאַכט. זיי האָבן פאַרשטאַנען אַז, ניט דער ניצאָכן און ניט דאָס בויען פון אַ פעסטן שאָלעם, זיינען מעגלעך אָן דעם ראַטנפאַרבאַנד. די קויכעס פון דער פּאָלקס דעמאָקראַטיע, וועלכע האָבן געפונען זייער אויסדרוק אין די באַוועגונג פון דער אינערלעכער רעזיסטענץ, אין דער טעטיקייט פון די פּאַרטיזאַנער אַרמייען, האָבן אין ראַטנפאַרבאַנד געזען דעם פונדאַמענט און דעם שוץ פאַר דער אַנטוויקלונג פון דער דע־

מאָקראַטיע אין אייראָפּע, אַ שטערונג צום צוריקער צו דער מאַכט פון דער מינכענער קליקע, וועלכע האָט דערפירט דעם אייראָפּעישן קאָנטינענט און שפּעטער אויך די גאַנצע וועלט צו דער בלוטיקסטער מילכאָמע און צעשטערונג. דער גרויסער ביישפּיל פון די סאָוועטישע פעלקער האָט זיי באַגייסטערט צו אַ ווייטערדיקן קאַמף פאַר דער אויסברייטערונג און פאַר דער פאַרפעסטיקונג פון דער פאָלקס דעמאָקראַטיע.

די אייראָפּעישע רעאַקציאָנערע קייכעס, וועלכע האָבן אין זייער צייט מוירע געהאַט אַז די היטלעריסטישע אַרמיי זאָל ניט פאַרניכטעט ווערן, ווייל נאָך דעם מוז אָנקומען די אומפאַרמיידלעכע דעמאָקראַטיזאַציע פון דעם פּאָליטישן לעבן אויפן אייראָפּעישן קאָנטינענט, האָבן גלייך גענומען פּאַנאַנדערוויקלען אַ קעגן־אַנגריף. אָנגעפירט מיט איר האָט... טשורטשיל. אויף דער באַראַטונג פון די ענגלישע פּראָפּאַגאַנדיסטן אין אינפאָרמאַציע־מיניסטעריום, וועלכע איז פאָרגעקומען אין לאָנדאָן ענדע מיי אָדער אָנפאַנג יוני פון 1945 יאָר, האָט טשורטשילס נאָענטסטער פריינט און פּאָליטישער מיטאַרבעטער — ברענדאָן ברעקען, דערקלערט:

דער פּעריאָד פון דעם רוסישן רום האָט זיך פאַרענדיקט (אין איינער פון זיינע רעדעס אין דער צייט פון דער מילכאָמע, האָט טשורטשיל באַצייכנט דעם פּעריאָד, וועלכער האָט זיך אָנגעפאַנגען מיטן איבערפאַל פון די היטלעריסטישע מאַכנעס אויפן ראַטנפאַרבאַנד אַלס „פּעריאָד פון רוסישן רום”). די איצטיקע אויפגאַבע באַשטייט אין דעם מען זאָל צונישט מאַכן די רוסישע פּאָפּולאַריטעט צווישן די אייראָפּעישע פעלקער און איבערהויפּט צווישן די פעלקער וואָס גייען אַריין אין דעם בריטישן קאָמאָנוועלט.

לויט דעם באַפעל האָט דער מעכטיקער אַפּאַראַט פון דער ענגלישער פּראָפּאַגאַנדע אין דער בריטישער אימפּעריע און אויך אויסער איר, אָנגעפאַנגען צו פאַרשפּרייטן די טראַדיציאָנעלע אַנטיסאָוועטישע מייסעס. די ענגלישע פּראָפּאַגאַנדיסטן האָבן ניט געדאַרפט צו פיל אָנשטרענגען זייער פאַנטאַזיע. זיי האָבן איבערגענוצעוועט די אַלטע שוין לאַנג אָפּגענוצטע און אָפּגעטראָגענע מייסעס, געכאַפּט עפּעס בא געבעלסן, עפּעס וואָס אַליין צוגעטראַכט. זיי האָבן באַקומען אַ פאַראָרדענונג ווידער באַקערן די דורכשניטלעכע באַפעלקערונג פון די אַנגלאָ־זאַקסישע לענדער צו יענע פאַלשע און פאַרקריפּלטע פאַרשטעלונגען וועגן דער נייער רוסלאַנד און צו יענער בייזווויליקער באַציונג צו איר וועלכע האָט געהערשט פאַרן אָנפאַנג פון דער צווייטער וועלט־מילכאָמע. זייער אויפגאַבע האָבן זיי דורכגעפירט אַזוי ווי ווייט זיי האָבן דאָס געקענט.

די אָרנטלעכע ענגלענדער האָבן געצאַרנט, זיי האָבן געדענקט אַז אַן ענלעכע פּראָפּאַגאַנדע האָט אין איר צייט צוגעהאָלפן די מינכען־לייט דורכצופירן זייער פּאָליטיק וועלכע האָט זיך פאַרענדיקט מיט דער סרייפע פון דער צווייטער וועלט־מילכאָמע. זיי זיינען געווען אויפגעבראַכט פון

די רעאקציאָנערע מיטלען פון די קאָנסערוואַטאָרן. אין זייערע געשפּרעכן מיט אונדז — סאָוועטישע מענטשן — האָבן זיי אויסגעדריקט אַ זיכער־קייט אַז דער נייער פּאַרלאַמענט וועט פּאַרענדיקן מיט די אַנטיסאָוועטישע אינטריגעס און מיט דער אַנטיסאָוועטישער פּראָפּאַגאַנדע פון די ענגלישע רעאקציאָנערן. אָבער דער איבערגאַנג פון דער מאַכט צו די לאַבאָריסטן האָט ניט געענדערט די לאַגע. די אַנטיסאָוועטישע פּראָפּאַגאַנדע אין און אויסער דעם לאַנד, האָט זיך אַלץ געמערט. אין דעם אויסערן־מיניסטעריום, וווּ עס איז געשטאַנען אין דער שפּיץ דער לאַבאָריסטישער לידער בעווין, איז געשאַפן געוואָרן אַ שפּאָגל נייע אָפּטיילונג פאַר „אויסערלעכער רעקלאַמע", וועלכע האָט אָנגעפירט מיט דער פּראָפּאַגאַנדע. דאָס אָנפירן מיט דער אָפּטיילונג איז געוואָרן אָנפאַרטרויט דעם געהילף פון דעם אויסערן־מיניסטער הער... אייוואַן קירקפּאַטריק. דעם זעלבן קירקפּאַטריק, וועלכער האָט פאַקטיש מיטגעהאָלפן טשעמבערלענען דורכצופירן זיין מינכען־פּאָליטיק, און וועלכער האָט אים באַגלייט אין אַלע זיינע רייזעס צו היטלערן און וועלכער האָט אַליין געפירט אונטערהאַנדלונגען מיט העסן.

קירקפּאַטריקס אָנשטרענגונגען זיינען געוואָרן אָפּגעשאַצט. מען האָט אים דערהויבן אין זיין ראַנג.

אין די טעג פון וואַל־קאַמפּיין אין ענגלאַנד איז מיר אויסגעקומען איינמאָל צו פירן אַ לאַנגן געשפּרעך מיט איינעם פון די לינקע לאַבאָריסטן, אַ קאַנדידאַט אין פּאַרלאַמענט. דאָס איז געווען אַן עלטערער מאַן, וועלכער האָט פיל יאָרן פאַרבראַכט אין דיפּלאָמאַטישן דינסט און דערייבער געווען גוט באַקאַנט מיט דעם מעכאַניזם פון די הינטערקוליסן־אינטריגעס. ער האָט זיך איבערצייגט, אַז די דיפּלאָמאַטיע דערנענטערט ניט אַף אַזוי פיל צווישן זיך די פעלקער, וויפל זי דערווייטערט זיי און, אָפטמאָל, שטופּט זי איין פאָלק קעגן דעם אַנדערן, צוליב אַ נישטיקער גרופּע מעכטיקע מאַגנאַטן פון פינאַנץ און אינדוסטריע. נאָכן אַוועקגיין פון דער דיפּלאָמאַטישער דינסט האָט ער אָנגעהויבן צו פּריידיקן די אַזוי צו זאָגן פאָלקס־דיפּלאָמאַטיע. ער האָט געקעמפט פאַר איינשטעלן אַ פאַרשטענדעניש צווישן די פעלקער אַליין. לויט זיינע ווערטער האָט די צווייטע וועלט־מלחמה געגעבן אַ וווּנדערבאַרן ביישפּיל פון אַט אַזאַ דיפּלאָמאַטיע. די אייראָפּעישע פעלקער האָבן געשאַפן אַן דער הילף פון די דיפּלאָמאַטן, אַ געייניקטן פראָנט פון קאַמף קעגן די דייטשישע פאַרכאַפּער. די געמיינזאַמע אינטערעסן פון קאַמף האָבן באַשאַפן אַ פאַרשטענדניש, זיי האָבן אָפּגעווישט אַלע עטנישע, קולטורעלע און שפּראַךגרענעצן. און די געמיינזאַמע אָנשטרענגונגען זיינען געקרוינט געוואָרן מיטן ניצחון איבערן דייטשישן פאַשיזם.

ער האָט וועגן דעם אַלעמען דערמאָנט קעדיי קעגנשטעלן די דאָ ניט לאַנג פאַרגאַנגענע אייניקייט אין צייט פון מלחמה, דער אָפּגעטיילט־

קייט אין די טעג פון שאָלעם. די רעאַקציאָנערע קליקע האָט שוין ווידער באַקומען אַ צו גרויסע וואָג. דער פּאָליטישער אוואַנטוריזם איז שטענדיק געגאַנגען זייט בא זייט מיט דער געמיינסטער געשעפטמאַכעריי. די מאָ־נאָפּאָליסטישע קאָנצערן פּלעגן שטענדיק אויפבליען אין דער צייט פון אינערלעכע אומרוען און מיליטערישע קאָנפליקטן. דעריבער האָט דער לאַבאָריסטישער קאַנדידאַט געזען די איינציקע רעטונג פון דער מענטש־הייט אין דעם, אַז די פעלקער אַליין זאָלן נעמען אין זייערע הענט דעם גורל פון שאָלעם. אין שאָלעם און פרידן זיינען פאַראינטערעסירט ניט די קאַפּיטאַליסטישע קאָנצערן אָדער אימפּעריאַליסטישע גרופּעס, נאָר די פעלקער אַליין.

— די פעלקער אַליין, און נאָר זיי, מוזן אַנטשליסן דעם גורל פון שאָלעם — האָט ער געזאָגט. און איך צווייפל ניט אין דעם, אַז דער נאָבלער ביישפּיל פון די סאָוועטישע מענטשן וועט זיי באַגייסטערן אין קאַמף פאַרן שאָלעם, פּונקט ווי ער האָט זיי באַגייסטערט אין דער צייט פון דער מילכאָמע.

מיט עטלעכע וואָכן שפּעטער איז ער געוואָרן אַ מיטגליד פון דעם פּאַר־לאַמענט. פאַר מיין אָפּפאָרן קיין מאָסקווע, בין איך נאָך אַ מאָל אַריין צו אים קעדיי צו גראַטולירן אים מיט זיין אריינטריט אין פּאַר־לאַמענט.

— גיט איבער אין מאָסקווע — האָט ער מיר געזאָגט באַם געזעגע־נען זיך, אַז מיר זיינען גרייט זיך צו שלאָגן פאַרן שאָלעם. עס איז גע־קומען די צייט, ווען יעדער אָרנטלעכער מענטש, פּאַרטיידיקנדיק דעם שאָלעם קעגן די מאַכינאַציעס פון די גייציקע געשעפטמאַכערס, מוז אַרויסווייזן פּונקט אַזוי פיל העלדישקייט און זעלבסטאָפּפערונג, ווי אין די מילכאָמע־טעג. מיר זיינען דאָ, עמעס, ניט קיין סאַך, אָבער מיר האָבן אַף אונדזער זייט דעם ראַטנפאַרבאַנד און די הערצער פון די מאַמעס אין אַלע עקן פון דער וועלט, דעריבער וועט מוזן זיגן דער ווילן פון די פעלקער צו אַ שאָלעם. ווי מיינט איר?

אין דעם האָב איך ניט געצווייפלט.

**קאָפּענהאַגען - לאָנדאָן - נירענבערג**

**מיי 1945 - מיי 1946**

**D. KRAMINOV**

# DER ZWEITER FRONT

**(EL SEGUNDO FRENTE)**

Traducción de: **A. L - N.**

Impreso en la Argentina

Printed in Argentine



BUENOS AIRES
1951

EDITORIAL "HEIMLAND"

Tall. Gráf. LABOR - Cangallo 2981 - Bs. As.